# אינהאַלט.

# דער פעטער שכנא
# און
# די מוהמע יאחנע

(איין אויסגעפלוידערטע מעשה, נאר פאר דאס איין אמת'ע מעשה).

מיין פעטער האט געהייסען שכנא און די מוהמע יאחנע.

צי איז דאס געוועזען אנגעגרייט אמישנע פון דער השגחה פרטית, איך זאל מיך נישט דארפען קווענקלען, ביים אויסזוכען א גראם צו זייערע נעמען, אויב איך וועל זיי וועלען בעזינגען? אדער עס איז אזוי געווארען על פי מקרה? דאס ווייס איך נישט! אמת דאס מוז מען זאגען: די השגחה פרטית זאל מיך אין זינן האבען, און שטענדיג מיך פערזארגען מיט גראמען, וואלט איך קיינמאל קיין פראזע נישט געשריבען; שטענדיג גראם — שטראם... עס וואלט דערפון קיין „לעטניק" נישט ארויסגעקומען, דער עולם וויל דוקא נישט קיין גראמען, נאר פראזע און דוקא פשוט „כדבר איש אל רעהו", דאס הייסט: עס זאל נישט זיין וואס צו פערשטעהן.. ווייל לעזען האט מען ליעב, דאס האט מען שוין בירושה... נאר עפּיס וויסען איז נישט כדאי... פון דעסטוועגען — כבוד איז כבוד!

נאר לאמיר צוריק געהן צו'ם פעטער שכנא און דער מוהמע יאחנע.

נישט מיט די נעמען אַליין זענען זיי געווען ווי געפּאַסט! זיי האָבען געהאַט אַפילו איין וואוקס, איין דיק, גלייכע נעז מיט אויגען!

איך בין אייך אַפילו נישט מחויב צו זאָגען, פון וואַנען איך ווייס עס. אַ שרייבער האָט דאָס רעכט צו וויסען אַלץ, אַפילו, וואָס עמיץ האָט אונטערן נאָגעל, בפרט אין מח און האַרץ... דער מנהג איז זאָגאַר, אַז ער דערצעהלט אַפילו דאָס, וואָס מען טאָר גאָר נישט אויסזאָגען... זענען אָבער אויף דער וועלט פעראַנגען אַזוי פיעל נאַרישע און שלעכטע פּראַוועס, אַזוי פיעל אידיאָטישע, קראַטישע מנהגים, אַז עס איז אַ חרפּה און אַ בושה, אַנ'אָרענטליכער מענש זאָל זיך פעררופען אויף אַ פּראַווע אָדער פערטהיידיגען זיך מיט אַ מנהג.

דעריבער מוז איך זאָגען, אַז זיי זענען ביידע צוזאַמען געשטאַנען ביי מיין חופּה! און, ווייל איך האָב חתונה געהאַט צו דרייצעהן יאָהר, און, ווייל איך האָב דעם חזן מיט דעם רב מיט טאַטע-מאַמע געקענט, די כלה איז געווען פערשלייערט און קיין יונגען זענען ביי דער חופּה נישט געוועזען, ווייל עס איז געוועזען אַ גרויסע רעווירע אונטער דער שטאָדט — האָב איך מיך פערקוקט אויפ'ן פעטער שכנא מיט דער מוהמע יאַחנע, וואָס זענען מיר געשטאַנען פונקט געגענאיבער, — און דערזעהן, אַז זיי האָבען ביידע פונקט גלייכע אויגען; קליינע, לויפענדיגע, גלייך זיי וואָלטען שטענדיג געזוכט אַנ'אָרט, צו בעהאַלטען זיך פאַר פחד אָדער פאַר בושה. עס האָט מיר אַזוי קאָמיש אויסגעזעהן, אַז איך האָב מיך אונטער דער חופּה צולאַכט, און דער טאַטע, עליו השלום, האָט אַרויפגעלעגט אַ פינגער אויפ'ן נאָז, נאָך וועלכען עס פלעגט שטענדיג קומען אַנ'אויערן-דרעהעניש אָדער עפּיס ערגערס...

מיין מערכה איז געוועזען, וואָס דער מסדר קדושין האָט אָנגעהויבען זיין שפּרוך.

ביי דער גילדענער יויך איז מיר איינגעפאַלען, אַז איך האָב אַ גרייטען אָנהויב צו'ן אַ שיר:

מיין פעטער שכנא,
מיין מוהמע יאַחנע,

און איך קען אַזאַ שיר אוועק שיקען אין דער וואַרשויער צייטונגאַריין, פון וועלכער איך האָב בסוד סודות געוואוסט.

איך וואָלט עס בעסער געשריבען אויף לשון הקודש:

דודי שכנא,

דודתי יאחנא,

יאר דעמאלט זענען נאך די „הנצנים“ נישט געוועזען...

אז זיי האבען ביידע אקוראט איין גרוים, בין איך אויף זיכער געוואהר געווארען ערשט דעם צווייטען טאג.

מעשה שהיה כך היה  ביי'ן טאטען אין דירה איז זעהר ענג געוועזען. איך האב, ברוך השם געהאט א ווידען, טאטע־מאמע און זיעבען שוועסטער און ברידער; און געבליבען בין איך דאך ביי'ם טאטען אויף קעסט! מיין טאטע האט געהאט זיין אייגען הויז! מיט 10 רובל אייגענס און 290 רובל געבארגטע אויף וואכער, האט ער אבגעקויפט ביי א מיעשציאן א שטוב מיט א חזיר־שטעלכעל. פון שטוב איז געבליעבען שטוב; פון חזיר־שטעלכעל האט מען געמאכט א האלץ־קאמער. אז מען האט מיך אוים נאר נישט ארויס געגעבען האט מען געהאט א קורצען ישוב, אז דאס האלץ קען פראנק און פריי ליגען אויפ'ן הויף, בפרט אז נישט שטענדיג איז האלץ געוועזען — מעהרסטענטהיילס דרענגלעך און טהייל מאל — גאר נישט... סיי ווי סיי וועט עס נישט געפרוירען ווערען, און טריקענען אין באק־אויוועז איז לייכט, און, אז אויב מען וועט נאר ארויסנעמען דאס האלץ, קענען שטעהן אין קעמער'ל צוויי בעטען, מען וועט קענען דורכגעהן אויך. און צוויי בעטען איז לכל הדעות גענוג פאר א פאר פאלק.

דעם פלאן האט אויפגעגעבען דער שדכן; ווארום דער טאטע האט זיך איינגעשפארט, „יענער“ זאל אבגעבען פריהער די קעסט, דערווייל וועט ער אויסצאהלען די 290 רובל חוב פאר'ן הייזעל און וועט זיין בכח צוצושטעלען א שטיבעל.

און גלאט, ווי האלט מען קינדער, וואו עס זענען חזירים געשטאנען?

דער מאמען האט עס וועניגער געארט.

— בא — האט זי געזאגט — זעהסט דו שוין! דריי יאהר קעסט איבערקומען! אויך אנ'עסק!

און עס איז אזוי געבליבען.

דעם צווייטען טאג האט מיין אשתי חוה'לה באין אופן נישט געוואלט ארויסקריכען פון חזיר־שטעלכעל אויף דער ליכטיגער שיין. ארויסגעהענדיג דאוונען, האב איך אנ'אויג געווארפען אויף איהר בעט, געזעהן די קאלדרע מיט די קישען, נאר אהן א פיצעל פנים.

און געגלוסט האָט זיך מיר שטאַרק צו זעהן, ווי מײַן **אשתי חוה׳לע** זעהט אויס. חאָטש נאָך נעכטען ביי דער גילדענער יויך איז עס מיר נישט איינגעפאַלען; מיר איז די גרויסע רעוויע געלעגען אין קאָפּ. רופען זי, האָט זיך מיר עפּיס נישט געלעגט אויף דער צונג: „חוה״ איז צו פיעל פאַן־בראַט, „ווײַב״ איז צו גראָב... יעדערער דאַרף וויסען וואָס?

דעם אמת זאָגענדיג, געפעלט מיר נישט עד היום דער מנהג ביי די דייטשען. מאַן און ווייב זאָלען שטענדיג שפּאַציערען צוזאַמען און דוקא אונטער די הענד, עס זאָל חס ושלום קיינער קיין טעות נישט האָבען, יעדערער זאָל וויסען כהויה, ווער — מיט וועמען — ווייס איך דאָרט! און זיי לאַכען נאָך פון אונזער ביור אין בית־המדרש, וואָס מען וואַשט זיך די הענד בריש גלי...

נאָר איך פאָהר שוין אַראָב אין אַ זייט; איך האָב זי חשק צו רופען, און ווייס נישט, ווי אַזוי. „העך נור — זי!״ האָט מיר אויך פון האַלז נישט געוואָלט אַרויס; אַזוי רעדט מען צו אַ דיענסט, נישט צו אַ ווייב.

איך בין געשטאַנען און געשטאַנען און געקלערט, ביז דער טאַטע האָט אַריין געשריגען: געהסט?

איך האָב געכאַפּט אַ ציטער און בין אַרויס מיט גאָר נישט.

לויט דעם עגול, וואָס די קאָלדרע האָט בולט געמאַכט אין דער הויך, האָב איך דאָך פערשטאַנען, אַז מײַן אשתי חוה׳לע האָט זיך איינגעצויגען ווי אַ קנויל, איבערגעדעקט זיך און ליעגט מיט׳ן פנים אין קישען אַריין.

עס פאַלט מיר איין אויפ׳ן וועג אין בית־המדרש אַריין, אַז זי מוז בענקען אַהיים; באַלד נאָך דער וויעטשערע זענען מײַן שווער און שוויגער און איהר טאַטע־מאַמע אַוועק געפאָהרען.

ער איז געוועזען אַ שמש אין אַ נאָהנט שטעדטעל און צו מאָרגענס איז דאָרט פונקט געווען אַ גבירה׳שע חתונה; זי האָט געהאַט אַ שטעלעכעל מיט בענדלעך און קנעפּלעך. און „קוים דרעהט זי אַוועק דעם קאָפּ, שטעלען זי די שנירען בדיל הדל״...

ביים אַוועקפאָהרען האָט זיך מײַן אשתי חוה׳לע צעוויינט אויף אַ קול. דער פאָטער דער רגזן האָט אַ געשריי געטהון: סמאַרק! די מוטער האָט איהר צוגעזאָגט צו שיקען אַ מתנה, דאַכט זיך מיר — אַ פּאָר עהלען שליסעלבורגער געדרוקטען ציץ..

און מען האָט זי קוים איינגענומען.

איצונד בענקט זי אַ וראי — טראַכט איך — אַהיים; און האָב אויף איהר שטאַרק רחמנות.

דאָס רחמנות האָט מיך בײַם גאַנצען דאַוונען נישט אָבגעלאָזט. איך האָב געוואָלט ווי אַם געשווינדסטען אַהיים לויפען. זעהן צי אשתי חוה'לע וויינט שוין נישט; איך האָב אָבער געמוזט וואַרטען אויפ'ן טאַטען.

אין דער טהיר, האָט אונז די מאַמע בעגעגענט מיט אַ ירגזון:

— אַ שעהנע פריצה האָט „עטץ" מיר איינגעהאַנדעלט! ווי געפעלט די דיר? זי וויל דאָך נישט אַרויס פון בעט! אָט מוז איך איהר צוטראָגען קאַווע אין בעט אַריין!

מיין מאַמע האָט ליעב געהאַט „אמת" ווי דאָס לעבען. נאָר דעם „אמת!" פלעגט זי פון מיר פערלאַנגען, אַז איך בין אַהיים געקומען מיט אַ צודראַפּעט פנים אָדער אַ צוריסען היטעל... צום טאַטען פלעגט זי האָבען אייביג פאַלשע פּרעטענסיעס. וואָרום משדך זיין זיך מיט ר' יאָקעלע-יענטע-ברײַנעס (אַזוי האָט מיין שוועך געהייסען) האָט זי דער עיקר געוואָלט. דער טאַטע האָט נאָך געהאַלטען בײַ'ן אַ ישוב און זי האָט געהייסען „צו-שלאָגען". „אַנ'עק זאָל זיין!" האָט זי געוואָלט. און אַ בעשטענדיגע שוואַכקייט האָט זי געהאַט צו זאָגען „קאַווע" אויף ציקאָריע.

איך. נאַטירליך בין נישט אַריין געגאַנגען אַהין, דער טאַטע אויך נישט, חאָטש אשתי חוה'לע האָט נישט געוואָלט די קאַווע טרינקען, שפּע-טער זענען געקומען דער פעטער שכנא און די מוהמע יאַחנע, און, אַז מען האָט זיי דערצעהלט, דאָס די „שנור וויל נישט אויפשטעהן", זענען זיי ביידע גלייך אַריין אַהין. און — ווייל די טהיר איז געוועזען אַ נידריגע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ חזיר-שטעלכעל — האָבען זיי זיך ביידע אָנגעשלאָגען מיט די נעז אָן דער אויבערשטער לייסט, און איך האָב אַליין געזעהן מיט מיי-נע אויגען, אַז ביידע האָבען בעקומען די צייכען אַקוראַט אויף איין אָרט, — אויף די שפּיץ נאָז...

האָט איהר דעם בעסטען בעוויז, אַז מיין פעטער שכנא און מיין מוהמע יאַחנע האָבען געהאַט איין גרוים.

אַזוי זענען אויך זיי זיך עהנליך געוועזען, ווי שוועסטער און ברודער!

מען דערצעהלט אַזאַ מעשה:

מיין מוהמע יאַחנע קומט אַרויס פון האָצעפּלאָץ און האָט נאָר אַהער

חתונה געהאַט צום פעטער. ווען דאָס איז געוועזן ווייס איך נישט נאָר די מעשה איז אַן׳אמת.

דעמאָלט איז ביי אונז געוועזן אַ בורמישטש אַ צורר יהודים, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז מען זאָל נישט חתונה מאַכען אָהן אַקטען. מען זאָל וועלען מאַכען אַקטען, וואָלט מען שוין געמוזט וואַרטען ביז 17—18 יאָהר, ווי דער דין איז. און אַ יוד, וואָס קינדעלט און קינדעלט, זאָל וועלען וואַרטען מיט׳ן בכור ביז 18 יאָהר. וואָלט ער שוין קיין נחת אינם מוזיניקעל נישט דערלעבט! נאָך אַ ברית דאַרף מען זיך נישט אָברוהען, אָבער נאָך חתונה מאַכען אַ קינד מוז מען שוין וואַרטען אַ שעהנע פּאָר יאָהר, איידער מען קומט צוריק צו די כחות אויף אַ נייע חתונה...

קורץ פון דער זאַך — דער ימח־שמו׳ניק האָט דאָך דאָס נישט געוואוסט, פלעגט ער שיקען רופען די געקומענע חתנים און כלות, פרעגען, מכלומרשט, אויף פּעסער און אין איינוועגס חוקר ודורש זיין, צי עס איז נישט געוועזן אַ שטילע חופה. איהר פערשטעהט אַנ׳עסק?

מן הסתם איז ער נישט געוואָהר געוואָרען.

די חתונה־געהאַטע קינדער האָבען געקוועטשט מיט די דאַרע פּלייצעלעך אויף: „איני יודע". און צוריק געשמועסט, ווער האָט פערשטאַנען פּויליש? און אַז דער „פּאָליציי", וואָס האָט געקענט יודיש, האָט איבערגעפרעגט, האָט מען איהם געענטפערט: ווער? ווען? וואָס? האַ! ווייס איך!

און גאָר נישט.

נאָר דאָס איז רעכט — אַ חתן... שיקען די כלה צום בורמישטש איז דאָך נישט קיין שטייגער! פלעגט מען נעמען יונגלעך, בעהאַלטען די פּאה׳ליך אונטער די אויערלעך, אָנטהון אין קליידלעך און אַהין שיקען אויפ׳ן אָרט פון די כלות! פאַר „לא תלבש אשה שמלת גבר", האָט מען קיין מורא נישט געהאַט, ווייל עס איז דאָך נישט, חס ושלום, לשם עבירה.

איינמאָל האָט מען שיער נישט געפּלאַצט פאַר געלעכטער: עפּיס אַ כלה איז אַזוי געפעלען געוואָרען דעם בורמישטש, אַז ער האָט זיך, מחילה, צושפּרייט די וואָנסעס און דערלאַנגט איהר אַ קוש אין שטערן אַריין און געשענקט נאָך אַ קאַרמעלקע!

אַז עס איז געקומען דער גורל אויף דער מוהמען, איז געבליבען

אַז דער חתן אַליין זאָל זיך פֿערשטעלען פֿאַר דער כלה. אַז דער בורמישטש וועט איהם נישט דערקענען, איז מען זיכער געוועזען, ווייל מיין פֿעטער שבנא פֿלעגט זיך נישט ווייזען אין גאַס אַריין מיט אַלע יונגלעך צוגלייך; ער איז געוועזען, לא עליכם, נישט קיין געזונדטער און איז שטענדיג געזעסען און געלערנט. פֿון וואַנען זאָל ער איהם קענען?

דער בורמישטש האָט איהם לאַנג נישט געהאַלטען. ער האָט איהם — „געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען!" תוך כדי דבור געהייסען אַרויס־וואַרפֿען: „וואָן, דאָס פֿאַסקודסטוואָ"... „טאַקי זכות אָבות — פֿלעגט די באָבע זאָגען — איז געשעהן, וואָרום דער פֿעטער שבנא איז נישט איבע־ריג קלוג און ווער ווייסט, וואָס ער וואָלט אויסגעפּלאַפּלעט!"

אַז ער איז צוריק אַהיים געגאַנגען, האָבען אַלע געשריגען אין גאַס, אַז ער איז „די כלה אויס'ן אויג!" טאַקי — „כהויה". אין שטוב, איידער ער האָט צייט געהאַט זיך איבערצוטהון, האָט דער מחותן — אַ פֿערטראַב־טער יוד געוועזען! — אַ טעות געהאַט און דערלאַנגט איהם אַ מתנת יד: „יאַחנע! פֿאַר וואָס ווישט דו דיר נישט אָב די נאָז?!"

דערנאָך האָט זיך געטראָפֿען אַזאַ מעשה:

אַז עס איז אַרויסגעקומען די גזרה פֿון די בערד, האָט די ערשטע קויל געטראָפֿען מיין פֿעטער שבנא. ער איז געגאַנגען אין מאַגיסטראַט אַריין צאָהלען אַ פּאָדאַטעק, האָט מען איהם געחאַפּט און צורעכט געמאַכט באָרד און פּאות. אַז ער איז אַראָב אין גאַס אַריין, איז געוואָרען אַ געשריי פּה אחר, אַז יאַחנע איז משוגע געוואָרען, און האָט זיך פֿערשטעלט פֿאַר'ן פֿעטער שבנא!

ער האָט פֿאַר שרעק און בושה צוזאַמען, געמאַכט פּלטה אויס דער שטאָדט אַרויס.

יונגען און ווייבער יאָגען איהם נאָך: ער אויפ'ן פֿעלד, זיי אויפ'ן פֿעלד; ער אין וואַלד אַריין, זיי אין וואַלד אַריין, ביז ער איז זיי פֿערלוירען געוואָרען צווישען די בוימער.

אַז זיי זענען צוריק אין שטאָדט אַריין, און געטראָפֿען די אמת'ע מוהמע יאַחנע — וואָס קלערט איהר? — מען האָט איהר אין מיטען גאַס אָבגעריסען די קאָפּקע. ווען נישט די פּאָליציי, וואָס איז איהר געקומען צו הילף, וואָלט פֿון איהר קיין שׂריד ופּליט נישט געבליעבען.

ביידע זענען קראַנק געוואָרען פֿאַר שרעק און בושה. און אַז מ'ענער און

ווײַבער זענען געקומען מבקר חולה זײַן, האָבען זײ ניט געוואוסט, צו וועלכען בעט צוצוגעהן. אונטער די איבערבעטען, האָט מען ניט דער־קענט, וואו עס ליגט שבנא און וואו יאחנע.

נאָר דאָס אַלץ זענען אַלטע זאַכען..., הײַנט איז זײ שוין לײַכט צו דערקענען: דער פעטער שבנא האָט אַ באָרד ביז אין גאַרטעל, און חאָטש די מוהמע יאחנע וויל איהם נאָכמאַכען און עס שפּראָצען איהר עטליכע הערלעך פון דער גאָמבע, קען זי זיך גאַרניט פערגלײַכען מיט זײַן בעזעם, מיט וועלכען מען האָט געקענט אויסקעהרען אַ בית המדרש.

הכלל — זײ זענען זיך זעהר ענהליך געוועזען. אויב דער בורמישטש מיט זײַן גוי'ישען געשמאַק האָט געזאָגט אויף איהם פּאַסקודסטוואָ, וואָלט ער דאָס אײגענע געזאָגט אויף איהר. פאַר מיר ווײַטער, זענען זײ בײַדע שעהן געוועזען; נאָר דאָס געהט אײך ניט אָן. איך וועל דעריבער נאָר רעדען פון זײער ענהליכקײַט, איהר מוזט וויסען, אַז זײ האָבען געהאַט אפילו אַ גלײַך קול! אַז זײ זענען אַרײַן צו דער כּלה, האָב איך געהערט צוויי גלײַכע גראָבע קולות און אײן וויינענדיגען קול, וואָס האָט זיך ערשט שפּעטער אָנגערופען.

— חוה'לע! — האָב איך געהערט — וואָס איז דאָס פאַר אַ אַ שטײגער?

— חוה'לע! טהוסט אָן עגמת נפש שוועער און שוויגער!

— קינד און קײט וועט אוים דיר לאַבען?

— ווי הײסט? פאַר וואָס?

— ווער טהוט אַזוי:

— געסט וועלען קומען?

— צאַצקע מײַנע, נחת מײַנס, העך עלטערע קרובים, זײ ווילען נאָר דײַן גוטס!

— ביזט דאָך שוין ניט קײן קינד!... אַ מענש!

אַזוי האָבען בײדע געשיט מיט שאלות, עצות און געבעט און איך האָב קײן אײנציג מאָל ניט דערקענט, ווער עס רעדט: דער פעטער שבנא צי די מוהמע יאחנע!

דערנאָך ערשט האָט זיך אָנגערופען אַ וויינענדיג דין קול, אַ ביסעל אַ געדעמפּטס פון אונטער דער קאָלדרע:

— איך שעהם מיך!

נאָר דאָס געהער אויך ניט צו דער זאַך.

און אַ לעבען צווישען זיי איז געווען ווי אונטער דער זון. האָט די מוהמע יאַחנע געזאָגט: באָם, האָט ער „ליתר תוקף ועוז“ געזאָגט: בים־באָם! האָט דער פעטער שכנא געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף „יאָ“, האָט די מוהמע יאַכנע געזאָגט: אַודאי יאָ! ווי דען?

אויף ברית׳ן און חתונות פלעגען זיי זיך איבערוואַרפען מיט די אויגען פון איין טיש צום צווייטען, און גאַנץ אָפט עצות געבען:

— שכנא, חאַפּ אַ מיטעל־שטיקעל!

— יאַחנע, ווילסט אַ ביסעל חריין?

ביי מיין עלטערנס ברית. אַז די מוהמע יאַחנע איז נישט געווען בקו הבריאה, האָט דער פעטער שכנא געגעסען אָהן אַפּעטיט, און האָט אַהיים געטראָגען דער מוהמע יאַחנען אַ האַלב שאָק מאַקאַראָנען.

ביים צווייטען האָט זיך געטראָפען פערקעהרט: דער פעטער שכנא איז געווען ניט אין גאַנצען, און זי האָט אַהיים געטראָגען אַ קעפּעל פון אַ צוויי־פונטיג העכטעל...

און איינס איז פאַר׳ן אַנדערן געווען די לעצטע אינסטאַנץ.

דער פעטער שכנא, אַז מען האָט איהם שוין גאָר איבערגעשפּאַרט, אַז ער האָט שוין קיין וואָרט אין מויל נישט געהאַט, פלעגט דאָך בלייבען ביי דעם זייניגען; „מיין יאַחנע זאָגט אָבער אַזוי!“ איז געווען זיין לעצטע תשובה, געגען דעם העלפט שוין קיין שכל און קיין יושר.

די מוהמע יאַחנע ווייטער, פלעגט אָנהויבען יעדען זאַץ: „מיין שכנא זאָגט“... אָדער — „שכנא מיינער קלערט“ און וואָס איהר שכנא האָט געזאָגט און געקלערט אויף דעם איז געווען מויערן צו שטעלען...

מיט איין וואָרט — עס איז געווען אַ לעבען ווי אונטער דער זון. איך פלעג אָבשיקען מיין אשתי חוה׳לע צו דער מוהמע יאַחנע אויף דער לערן, זי זאָל זעהן ווי אַזוי מען דאַרף בעהאַנדלען אַ מאַן; זי ווייטער פלעגט מיך אָפּשיקען צום פעטער שכנא, זעהן ווי אַ מאַן בעהאַנדעלט אַ ווייב.

כל זמן דער פעטער שכנא און די מוהמע יאַחנע זענען געזונד געוועזען, פלעגען זיי אָפט אַריינקומען און שלום מאַכען צווישען מיר און אשתי חוה׳לע. דערנאָך, אַז זיי זענען שוואַך און עלטער געוואָרען, פלעגען מיר אַלע מאָל אַהין געהן דין־תורה׳ס האָבען, און דאָס האָט אונטערגעהאַלטען אונזער שלום בית!...

אַ והא ראיה, אַ פּאָר יאָהר נאָך זייער פטירה (אין איין וואָך זענען

זײַ געשטאָרבען!) האָט אונזער „שלום-בית" אײן מאָל פאר אַלע מאָל געפּלאַצט...

איך האָב מיר מיט אשתּי חוה'לע גע'גט; זי האָט צוגענומען צװײ און איך צװײ קינדער... זי האָט חתונה געהאַט, איך האָב חתונה געהאַט; מיר װאוהנען אין פערשידענע שטעדט... עס געהט אונז בײדע ניט װי אמבעסטען... נאָר דאָס איז נישט אײער געשעפט.

דער עיקר איז, אז דער פעטער שכנא מיט דער מוהמע יאַחנע, ליגען זיך בערוהט אין קבר.

און — הערט אַ מעשה — בײדע מצבות האָבען זיך אויסגעדרעהט און צוגעבויגען אײנס צום צװײטען.

פון צװישען די קברים איז אַרויסגעװאַקסען אַ בוים, און האָט די מצבות מיט די צװײַגען אַרומגענומען, אַרומגעװיקעלט, גלײַך ער װאָלט זײ געװאָלט פעסטער צוזאַמענשליסען...

און מיט דער צײַט זענען אָבגעריבען געװאָרען בײדע מצבות. שוין נישט צום איבערלעזען.

דער פּנקס פון חברה־קדישה איז פערברענט געװאָרען בײַ דער דריטער שרפה, און קײנער געדענקט נישט, װער עס ליגט רעכטס און װער לינקס, דער פעטער שכנא, צי די מוהמע יאַחנע? —

איך און מײַן געװעזענע אשתּי חוה'לע, װעל'ן מיר נישט ליגען אויף אײן בית־הקברות... נאָר דאָס איז שוין װײַטער נישט אײער דאגה...

# מענדיל ברײנעס.

מענדיל ברײנעס (קײן פאמיליען־נאמען איז נאך דעמאָלט נישט געוועזען), איז געוועזען אַ יושב אהל, דאָס הײסט: אַ שטיק שעהנער יוד; קײן גרויסער למדן נישט, נאָר — תהלים פאַר׳ן דאַווענען, עין־יעקב נאָכ׳ן דאַווענען, און בײ נאַכט — אַ פּרק משניות. — ער פלעגט גאַנץ אָפט אַ הײם נעהמען אַנ׳אורח, יעדען פריה מאָרגען אַרײַנוואַרפען אין מאיר בעל הנס, האַלטען מפטיר יונה, האָבען אַ גרויס חלק אין דער קאָנסאָרציע פון פּתיחות, און דערצו פלעגט ער גלאַט זײַן אַ מתעסק במצות: אַ מגיד איז געקומען, מען דאַרף אַרומגעהן צוזאַמענעמען פאַר אָרעמע לײַט, אויף מצות, אויף האָלץ און קאַרטאָפעל; מען דאַרף ערובין, עמיצען אַנ׳אהל שטעלען וכדומה — טהוט ר׳ מענדיל ברײנעס אָן די ברײַטע תבונה, נעמט דעם גראָבען שטעקען מיט דער מעשענער גאַלקע און געהט מיט׳ן רב, מיט׳ן דאָזאָרצע אָדער אַזוי מיט אַ שעהנעם בעל־בית. ער האַלט זיך פאַר אַ מצוה אַלײן צו טראָגען די פּושקע, חאָטש הינטען געהט נאָך דער שמש.

ווינטער האָט ער קײן מינוט צײַט נישט געהאַט: תהלים זאָגען, דאַוונען, עין־יעקב לערנען, אָנבײַסען, אַ נדבה מאַכען, מנחה־מעריב, אַ פּרק משניות און וויעטשערע — און קריאת־שמע לײענען, שלאָפען, חצות, ווײַטער שלאָפען ... עס איז איהם פון טאָג קײן מאָל קײן רעשט נישט געבליבען. פאַר דאָס זומער־צײַט פלעגט איהם בלײַבען אַ נאָך־וואַרעמעס, אַ גרויסער נאָך־וואַרעמעס, ער פלעגט איהם אויך פערברענגען אין בית־המדרש, נאָר רעדען שוין פון וועלט־זאַכען, פון נײַע המצאות, פון פּאָליטיק...

מענדיל ברײנעס איז נישט קלוג געוועזען. אין חדר פלעגט מען איהם רופען מענדיל שוטה; אז ער האָט חתונה געהאַט, איז די אפּיניע ווײַכער געוואָרען און ער פלעגט שוין הײסען: „מענדיל תם”. ערשט דערנאָך, אז

ער איז אַראָב פֿון קעסט, געוואָרען אַ בעל־בית פֿאַר זיך און בריינע, זיין ווייב, האָט זיך געמאַכט אַ שפּייז־געוועלב און געלעזט „שטיקער גאָלד", — האָט מען איהם געקרוינט אויף „מענדיל בריינעס". און ווייל מענדיל בריינעס איז קיינעם אין וועג אַריין נישט געגאַנגען, קיינעם אַ שלעכט וואָרט נישט געזאָגט, און בית־המדרש און קהל האָט געהאַט פֿון איהם, האָט קיינער נישט דערמאָהנט וואָס אַ מאָל איז געוועזען, האָט קיינער הויך נישט געלאַכט, אַז ער פֿלעגט צווישען אַלע פֿינף ווערטער זאָגען: אָבער וואָהר איך בין קיין נאַר נישט? אַ־יאָ איך בין קלוג?

— אמת, איך בין קיין נאַר נישט! זאָגט אַ מאָל ר׳ מענדילע, און פֿון דעסטוועגען פֿערשטעה איך נישט, ווי אַזוי מען אַרבייט אויס אַזאַ דין און געלעכערט שטרוי אין די שעניקעס אַריין! איך האָב אַ מישנע אַרויסגעשלעפּט אַ ודאי פֿערציג שטרוי, איינס נאָכ׳ן אַנדערן, אַלע זענען הויל, — אַלע חלולים, חלולים. איך האָב געוואָלט פֿרעגען מיין בריינען, זי איז שוין אָבער געוועזען אין געוועלב.

און איידער עמיץ האָט צייט געהאַט צו לאַכען, האָט ער זיך שוין אַליין געענטפֿערט:

— דאָס שטרוי מוזען אַ ודאי די פּויערן ברענגען פֿון ענגעלאַנד!

פֿון ענגעלאַנד האָט מענדיל בריינעס אַ סך געהערט און געהאַלטען טאַקי עולם ומלאה.

עס איז געוועזען נאָך דער סעוואַסטאָפּאָלער קריג; דאָס גאַנצע בית־המדרש האָט נאָך געקלונגען מיט ענגלישע המצאות. די מעשות האָבען דערצעהלט אויסגעדינטע זעלנער, וואָס האָבען עס אַליין געזעהן, מיט אייגענע אויגען.

טאַקי גבורות הבורא. דערצעהלט נאָך אַ בית־המדרש בעל־הבית: למשל אַנ׳האַרמאַט! וואָס טויג, רבותים, אַנ׳האַרמאַט? די האַרמאַט שיסט אויס אַ קויל; נו וואָס איז? דאַרף מען דאָך ערשט פּועל׳ן, אַז דער שונא זאָל וועלען שטעהן אונטערן חלול! און דער שונא איז דוקא גאָר קיין נאַר נישט, ער לאָזט זיך נישט אָנרעדען צו אַזוינע זאַכען. אַ מאָל נאַרט ער גאָר אָב, ער שטעהט, דו שיסט און ער גנב׳ט זיך אַוועק! עס האָט געהאַלטען ביי כלה כל הקיצין! די ממזרים, די ענגעלענדער, האָבען דאָך אָבער געהערט די מעשה פֿון צפרדע של מצרים, האָבען זיי זי נאָך געמאַכט! זיי האָבען ממציא געוועזען אַזאַ גרויסע האַרמאַט, וואָס שיסט אַרויס פֿון זיך, נישט קוילען, נאָר גאַנצע האַרמאַטען,

און יעדע פֿון די האַרמאַטען, אַז זי פֿאַלט אַראָפּ, גיט זי אַ טראַסק אין דער ערד, צופּלאַצט, און עס שפּריִנגען פֿון איהר אַרויס צעהן נײַע האַרמאַטען, און די האַרמאַטען ערשט שיסען מיט קוילען!! נו געה היט דיך פֿאַר דעם! צונד קענט איהר פֿערשטעהן וואָס פֿאַר אַ מין שחיטה דאָס האָט אָנגעמאַכט!

און איהר מײַנט כּשוף? חלילה, אַ פּראָסטע ספּרענזינע!

און אַז מען האָט געפֿרעגט: פֿאַר וואָס נאָך דער קריעג האָט זיך מלכות־רוסיא ניט נאָכגעמאַכט אַזוינע האַרמאַטען, האָט מען געוואוסט צו ענטפֿערן, אַז באַלד נאָך דער מלחמה זענען זיך די מלכיות'ן צוזאַמענגעגאַנגען, און, כּדי מען זאָל נישט חרוב מאַכען די וועלט, האָט מען געמאַכט מיט „זײַער בּחרם" אַז מען זאָל שוין מעהר נישט שיסען נישט מיט פֿלאַכטעם קאָכעדיגער הירזש און נישט מיט אַזוינע האַרמאַטען.

פֿון דעמאָלט אָן האָט מענדיל בּרײַנעס געהאַלטען עולם ומלואה פֿון ענגעלאַנד, און וואָס ער האָט עפּיס געזעהן, און זײַן שכל האָט נישט געקענט משיג זײַן, איז אַלץ געוועזען פֿון ענגעלאַנד. אַז דער זײַגער קומט אַרויס פֿון ענגעלאַנד, פֿון דעם איז נישט געוועזען וואָס צו קלערען, נאָר די ערשטע ספּרענזינע האָט אויך געמוזט מאַכען אַ ענגלישער שמיד! און ער האָט גערעדט מיט גרויס התלהבות פֿון ענגעלאַנד, פֿון איהרע חכמים, פֿון איהרע קאָוואַלעס:

— זיי מוזען דאָרט זײַן שעהנע חכמים!

מענדיל בּרײַנעס וואָלט געוואָלט לעבען אין ענגעלאַנד, נאָר שטאַרבען, איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר, אין ארץ ישראל. ערשטענס פֿאַר פּרומקײַט; צווייטענס גלאַט, האָט ער בּטבע זעהר ליעב געהאַט מנוחה, און ווען ער פֿלעגט זיך דערמאַהנען אין גלגול מחילות, האָט ער אויף דרײַ טאָג פֿערלוירען דעם אַפּעטיט. און ווײַל ער האָט פֿאָרט נישט אויפֿגעהערט צו עסען, האָט ער געהאַט זעקס טאָג בּויכוועהטאָג! מחיה האָט ער זיך געוועזען, אַז ער איז געוואָהר געוואָרען פֿון אַ זיכערן מענש, אַז ארץ ישראל איז ווײַטער ווי ענגעלאַנד.

— גוט, טראַכט ער. און קלערט שוין פֿון דעמאָלט אָן אויפ'ן רעכטען אמת צו פֿאָהרען קײַן ארץ ישראל, וואָרום „דער וועג מוז דאָך געהן דורך ענגעלאַנד!"

ער וואָלט שוין לאַנג פֿערקויפֿט דאָס געוועלבעל מיט'ן כּלי־בּית און געפֿאָהרען, ווען נישט בּרײַנע.

ברײַנע האָט גאַנץ ערליך געהאַלטען איהר מענדילען. זי האָט זיך געוואונשען צו זײַן זײַן פוסבענקעלע אין גן־עדן; זי האָט איהם געקעבעלט און געשטאָפּט, געאַרבײַט ווי אַ אייזעל, מפרנס צו זײַן צו שוכען און צו קלײדען מענדילען מיט די 4 קינדער: דרײַ מײדלעך און איין יונגעל. איהר גאַנצער עולם הזה איז געווען, אַז זי האָט געזעהן פון געווילב אַרויס איהר מענדילען געהן מיט דער צדקה־פּושקע אין דער ליניקער און מיט'ן שטעקען מיט דער מעשענער סקיפּקע אין דער רעכטער האַנד! זי האָט פערקויפט בחצי חנם איהר שטאָדט אין עזרת נשים, ווײַל די פענסטער געהען אין שוהל אַרײַן, און בעצאָהלט „ממון קרח" פאַר אַ שטאָדט נעבען בית המדרש פענסטער, זי זאָל זעהן ווי מענדילע איז עולה לתורה און מאַכט די זיסע ברכה. עס האָט איהר געקוואָלען דאָס האַרץ, ווען מענדילע האָט אונטערגעזאָגט דעם חזן, „האשה ברײַנע בת מורנו"... און מנדר געווען פאַר איהר געזונד ח"י פעמים ח"י; זי איז געווען גליקליך, אַז זי פלעגט שבת און יום־טוב געהן מיט איהם דאַווענען צוזאַמען; און אַז זײ האָבען זיך צושײדט בײַ די צווײערלײ טרעפּ, פלעגט זי בלײַבען שטעהן אויפ'ן ערשטען שטאַפּעל און איבערדרעהען זיך און זעהן ווי איהר מענדילע הויבט די פּיסלעך אויף די מענגערישע טרעפּ. נאָכ'ן דאַווענען האָט זי איהם אָבגעוואַרט בײַ דער שוועל, און אַז זי האָט איהם דערזעהן, און זי האָט דערהערט זײַן „גוט שבת", איז זי רויט געוואָרען, גלײַך ווי זי וואָלט ערשט פון אונטער דער חופּה אַפּער. פון דעסטוועגען האָט זי געוואוסט, אַז מענדילע איז נישט קלוג אין די „וועלט נאַרעשקײַטען", אַז ער איז נאָר אַ חכם אין די קלײנע אותיות, אַ מוח אין בית־המדרש, אָבער אַזוי, אין עולם הזה זאַכען, גאָר לאָ!... דאָס איז שוין איהר זאַך!

— נײַן, מענדילע, — זאָגט זי איהם געלאַסען, — מען פאָהרט נישט אַזוי, מען פערקויפט נישט קײַן מחיה! אפשר שפּעטער, אַז מיר וועלען חתונה מאַכען אַלע קינדער, אָבגעבען קעסט, דערלעבען חאָטש אַנ'אייניקעל, און אפשר אַנ'אוראייניקעל, דעמאָלט, זעהסט דו, מהיכי תיתי, איבערגעבען די קינדער די מחיה...

און מענדיל האָט געוואוסט, אַז ברײַנע איז אין וועלט זאַכען אַ „ווילדע חכמה" און האָט געוואַרט! וואָרום נאָך ירושלים און ענגלאַנד, איז איהם ברײַנע געווען פערבאַקען אין האַרץ.

ער האָט דערוויַיל נישט אַלע קינדער חתונה געמאַכט, און ער קומט איין מאָל אַהיים זעהר טרויעריג:

— זעהסט דו בריינע, מאַכט ער, אַ פּאָוויעסטקע צו'ם בית־דין של מעלה! ער וויַיזט איהר אַ גראָהע האָר אין דער באָרד.

בריינע טרייסט איהם:

— רעד נישט קיין נאַרישקייטען, מענדילע, דו ביזט נישט קלאָר אין אַזעלכע זאַכען... מיין טאַטע, עליו השלום, איז גראָה געוואָרען צו 50 יאָהר, און דיר צו לענגערע יאָהר...

— אונז צו לענגערע יאָהר, פערבעסערט מענדיל.

— און אונז צו לענגערע יאָהר האָט ער נאָך געלעבט אַוודאי אַ יאָהר דריַיסיג!

— היַינט אָבער שוואַכע דורות, נישט די פערציַיטיגע כּוחות! זאָגט מענדילע און לאָזט אַראָב די אויגען.

בריינע האָט איהם אויסגערעדט דאָס עגמת נפש און איהם אָנגעהויבען בעסער צו קעכלען: גענומט ביַים קצב נאָך אַ האַלב פונט פלייש צום וואַרמעס...

— איי, בריינטשע, זאָגט דער קצב, איהר האָט אודאי מחותנים צום טיש, זאָל אייך זיין צו מזל!

— ניין, ענטפערט בריינע... היינטיגע שוואַכע דורות...

און ביַים עסען לעגט זי אַלע מאָל צו מענדילען נאָך אַ שטיקעל, נאָך אַ פּיצעל... „עס דאָס, דאָס איז אַ מחיה", און האָט, קוקענדיג אויף מענדילען אין זינען געהאַט: זאָל איהם זיין צו געזונד... היינטיגע שוואַכע דורות!...

זי האָט מיקלאָמפּערשט „געחאַפּט אַ זעמעל אין געוועלב, געוואַשען זיך ביי דער שכנה", אַ מאָל — האָט איהר אַ קרובה געקאָכט אַ נייע מאָדע קילישע און איהר געבּרענגט אַ פּאָר לעפעל צו פערזוכען; אַ מאָל איז זי געוועזען אויף אַ ברית, חאָטש זי האָט פערגעסען ווי די יולדת הייסט, — אָבער זי איז נישט הונגעריג געוועזען ביַים עסען און נאָר געבעטען זיך:

— עס, מענדילע, עס, וואָס גלייבסט דו דיך צו מיר? תורה תתיש כח!

— מתיש כח, מיינסט דו בריינע.

— זאָל זײַן מתיש כח... אָדער ווי אין פּרק שטעהט: אָם אין תּורה אין קמח, אַז מען לערנט, מוז מען עסען!

מענדיל שמייכעלט אויפ'ן נייעם גרײַז.

— אָבער איך, וואָס טהו איך? איך געה אַ גאַנצען טאָג לעדיג, אָדער זיץ איבערן פּײַער־טאָפּ. קומט אַרײַן אַ קונה מעסט איך אָב אַ קוואָרט באָבעלעך, צי קאַשע, צי מעהל, נישט — נישט! דעריבער דאַרף איך ווענינער עסען.

און מענדיל גלויבט אין דער געחאַפּטער זעמעל, אין דער קיליִשע, אין'ם ברית, האָטש ער האָט תּחנון געזאָגט. אַ קשיא אויף אַ מעשה, אַ ודאי ביי אַ מנין... ער דאַרף טאַקי — גלויבט ער — מעהר עסען, אַ קאַטאָוועס — יעדען טאָג צוויי יום תּהלים, אַ פּרק משניות, עטליכע בלאַט עין יעקב, הײַנט'זשע — דאַוונען, פּושקע טראָגען, שטעקען שלעפּען, ער ווייסט?...

און ער איז שטאַרק צופריעדען. וואָס זײַן כּשר'ע בריינע האָט אַזאַ רוהיג לעבען, וואָס זי זיצט לעדיג אין געוועלבעל איבערן פּײַער־טאָפּף, פערלעגט די הענד און וואַרט אויפ'ן קונה, קומט ער — קומט ער, נישט — נישט! זעהר גלייך! זאָל זי חאָטש נישט אַזוי פּיעל אַרבייטען ווי ער, זאָל זי זיך חאָטש אויסרוהען די ביינער. און מענדילע שטאָפּט אין זיך אַרײַן וואָס אַ מאָל מעהר, אַבי ער זאָל האָבען כח מאַריך ימים צו זײַן ער זאָל דערלעבען צו זעהן ענגלאַנד און צו שטאַרבען דערנאָך אין ירושלים.

אַ חוץ פון בריינען האָט מענדילע נאָך נחת פון קינדער: איין עלטערן זוהן האָט ער חתונה געמאַכט אין דער פּרעמד; ער עסט שוין קעסט ביים שווער! געלויבט איז גאָט זייט ער האָט חתונה געהאַט איז נאָך פון איהם קיין בריעף נישט געוועזען, אַ סימן עס געהט איהם גוט, אַז ער איז בקו הבּריאה. ווער עס קומט צו פאָהרען, ברענגט אַ גרוס... נאָך איהם געהט אַ חתן־בחור — אַ חדר יונגעל. בריינע בעשטעלט מלמדים, צאָהלט שכר־למוד, זעהט — ער זאָל לערנען מיט זײַנס גלייכען. ער פאַר דאָס פערהערט איהם אַלע שבת.... נאָר פאַר'ן עסען האָט מענדילע פּײַנט צו פערהערען. נאָכ'ן עסען איז בעסער. מעהר רחבות. דעריבער דרימעלט ער טאַקי באַלד איין, און חאַפּט זיך ערשט אויף ביי'ם מלמד'ס לחיים, גיט דעם זוהן אַ קניפּ אין בעקעל און שוין!

ער האָט נאָך דריי טעכטער, יונגע קינדער, צייכען מיידלעך, באַר וואָהלע קינדער אַלע. דרך־ארץ'דיגע קינדער, שטילע קינדער. שטענדיג ריינע, אָבגעוואַשענע, אַ מחיה!... ער זעהט אַפילו נישט, ווען מען וואַשט זיי, ווען מען קעמט זיי, ווען ברײַנע לאַטעט און פערריכט! ער קען כמעט נישט פערשטעהן ווי אַזוי דאָס ווערד קלוג און פיין געבוירען!...

— טאַקי מײַנע קינדער! טראַכט ער זיך מיט גאוה, אין מיר אַרײַן געראָטהען! ער דאַנקט און לויבט זײַן ליעבען נאָמען דערפאַר, וואָס ברײַנע האָט אַזאַ רוהיג לעבען, נישט ווי אַנדערע מאַמעס; וואָס די קינדער דרעהען איהר נישט אָב דעם קאָפּ! און ווי די קינדער פאָלגען! ער הייסט זיך, למשל, ברענגען אַ טרונק וואַסער (ברײַנע האָט אַ טבע אַלץ וואָס ער זאָגט, איבער צו זאָגען) און קוים חזר'ט זי איבער: ברענגט דעם טאַטען וואַסער, לויפט דאָס קינד שוין און ברענגט; אַ מחיה אַזוינע קינדער! ער קומט אין שטוב אַרײַן און ברײַנע זאָגט נאָר: דער טאַטע געהט — איז שוין שטיל!

געלויבט איז גאָט מען רעדט שוין דעם צווייטען זוהן אַ שדוך, און אַ גוטען שדוך. ברײַנע וויל טאַקי פאָהרען אָנקוקען די כלה. חגאות צײַט וועט זי עס טהון, אַזוי האָט זי איהם געזאָגט. און ווײַל ער איז געוואָהר געוואָרען, אַז צום מחותן פאָהרט מען נישט דורך ענגלאַנד, איז ער איהר מוחל דעם כבוד, זאָל זי זיך אַ ביסעל איבערפאָהרען. פאַר וואָס נישט? זי פאָהרט אין גאַנצען פיער מאָל אין יאָהר נאָך סחורה, אויך קומט זי צוריק מיעד און מאַט פון לויפען, בעקוקען, דינגען... זאָל זי איין מאָל חאָטש פאָהרען און קומען מיט נחת, זאָל די וועלט זעהן, וואָס פאַר אַ ווײַב ער האָט! ער אַליין וועט זיך ווײַזען אויף די תנאים! אַפילו בײַ דער חופה איז אויך גענוג! דעם ערשטען זוהנ'ס כלה האָט זי אויך אָנגעקוקט; זי איז שוין מזל'דיג צו אַזעלכע זאַכען... ער וועט זיך נאָך גענוג אָנפאָהרען...

עס זענען ווײַטער אַוועק געגאַנגען אַ פּאָר יאָהר. אַז גאָט בענשט, בענשט ער מיט אַלעם, אַפילו מיט מנוחה — דער צווייטער זוהן האָט אויך חתונה געהאַט, און גוט חתונה געהאַט, ער עסט שוין אויך קעסט.

מענדילע האָט אַפילו גאַנץ ווייניג געוואוסט ווער און וואָס; עס איז איהם איבערגעגאַנגען כמעט ווי אין אַ חלום. ער האָט אַפילו קיין איינציגען טאָג קיין יום־תהלים נישט פערפעהלט... עס האָט איהם דער קאָפּ

ניִשט וועה געטהון, אויסער אין דער פריה, נאָך דער גרויסער נאַכט, פון וועניִגער שלאָפען!

און מענדיִלע פרעהט זיך. — נאָך אין גאַנצען דריי מיידלעך חתונה צו מאַכען, (ביי ברײַנען געהט עס געשווינד), און דערנאָך: שוין! איבער־געבען די מחיה, געדונגען אַ ברייטען וואָגען, מען זאָל זיך קענען אויסצי־הען, אָנפּאַקען מיט ענגליש שטרוי און וויאָ!

נאָר עפּיס פיהלט ער, אַז די פיס זענען איהם ניִשט בקו הבריאה, אַז פון אַ קורצע צייט איז איהם דער אָטהעם שווער. נאָר ברײַנע לאָזט איהם ניִשט צו קיין עגמת נפש, זי טרייסט איהם און קעבעלט איהם אַלע מאָהל מעהר; זי איז איהם מבטיח, אַז ער וועט נאָך אַלץ דער־לעבען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איינמאָל זיצט ער אין בית־המדרש ביי׳ם עין יעקב און דערהערט אַ געשריי; עס דאַכט זיך איהם — זיין טאָכטער; נאָר ניין, ווי קומט זי אויפ׳ן שוהל־הויף? און אַ כלה־מיידעל וויינט ניִשט... עפּיס לויפט מען אויף די טרעפּ, מען שרייט: טאַטע! טאַטע! פאָרט איהר קול; עס איז אָבער דאָך ניִשט מעגליך!

ער וויל איבערקלערען, נעמט אַרויס אַ שמעק טאַבאַק, נאָר איידער ער האָט איהם אַריינגעזעצט אין די נאָזלעכער, האָט איהם שוין די טאָכטער געריסען ביי די לאַצען:

— טאַטע! די מאַמע איז אַוועקגעפאַלען, געוואַלד!

און איידער ר׳ מענדיִלע איז צו זיך געקומען און אַהיים געלאָפען, איז שוין ברײַנע געלעגען טויט!

אין איין טאָג איז מענדיִלע באמת גריי־גראָה געוואָרען, דער אָטהעם טאַקי שווער און די פיס טאַקי געשוואָלען... ער האָט זיך ניִשט גע־ריכט, אַז ברײַנע זאָל איהם ניִשט איבערלעבען... ביי אַזאַ מאַן, ביי אַזוינע קינדער, ביי אַזאַ וואוילטאָג!...

און ברײַנע, אַזוי ווי מען האָט זי ניִשט אַרויסגעזעהן ביים לעבען, האָט מען זי קוים אָנגעזעהן אויף דער מטה... אַזאַ דאַרעניִש!...

# א כעס פון א יודענע.

דאס קליינע שטיבעל איז פערחושכט ווי אין איהם דער דלות, אויף וועלכען עס וויינען אלע פיער וואנד... אינ'ם א ב ג ע ר י ס ע נ ע ם סופיט שטעקט א האקען — א יתום נאך א געוועזענעם הענגעל-לייכטער. דער גרויסער, אבגעשיילטער אויוועך איז „ארומגעגארטעלט ביי די לענדען" מיט א גראבען זאק, שטעהט איבערגעבויגען אין א זייט, און קוקט אריבער צו זיין פינסטערן שכן — צו'ם לעדיגען שווארצען קוימען, אויף וועלכען עס ליעגט אנ'איבערגעדרעהטער טאפ מיט אנ'אנגעבראכענעם ראנד, און אין א זייט, אנ'„עליו-השלום", א צעבראכענער לעפעל. דער בלעכענער גבור האט געהאט אנ'עהרליכען טויט: ער איז געפאלען אין דער מלחמה מיט אויסגעדארטער, איינגעשפארטער, נעכטיגער קאשע!

דאס שטיבעל איז איבערגעפולט מיט כלים; עס שטעהט א הימעל-בעט, פערהאנגען מיט צוריסענע פארהענגלעך... דורך די לעכער קוקט ארויס דאס בעטגעוואנד. אהן ציכלעך, מיט רויטע פערפעדערטע אויגען. עס שטעהט א וויעגעל, פון וועלכען עס שיינט ארויס א גרויס געלבליך קעפעל פון א שלאפענדיג קינד... עס שטעהט א קאסטען, בעשלאגען מיט בלעך, מיט אנ'אפענעם הענגעל-שלאס, — עס מוז שוין דארט קיין גרויס עשירות נישט זיין, — עס שטעהט נאך א טיש מיט דריי בענקלעך; דאס הילצערנע מעבעל איז א מאל רויט געפארבט געוועזען, היינט איז טונקעל ברודיג... רעכענט נאך צו: א שאף, א פאמיעס-שאף, א פאס וואסער, א קאציובע מיט א לאפאטע, וועט איהר פערשטעהן, אז מען קען שוין, אין שטיבעל פון ד' על ד', קיין שפילקע נישט אריינווארפען...

און דאָך זענען דאָ: אַנ׳ער און אַ זי.

זי — אַ יודענע אין די מיטעלע יאָהרען — זיצט אויפ׳ן קאַסטען, וואָס פילט אוים דעם אָרט צווישען הימעל־בעט און דער וויעג.

זי האָט אין דער רעכטער האַנד דאָס איינציגע, קליינע, פערגרינטע פענסטער; לינקס — דעם טיש. זי אַרבייט אַ זאַק, שאָקעלט צו דאָס וויעגעל מיט׳ן פוס און הערט זיך איין, ווי ער לערנט ביים טיש. און ער לערנט מיט אַ זינגענדיג־וואָלאַכיש־וויינענדיג קול. ער לערנט און בעוועגט זיך אומרוהיג, אָבגעריסען און נערוועז. טהייל ווערטער שלינגט ער, טהייל ציהט ער, טהייל חאַפּט ער, טהייל היפּערט ער איבער; טהייל אַקצענטירט ער און דריקט אוים מיט ליעבשאַפט, טהייל שיט ער גלייכגילטיג אַרוים, ווי אַרבעס פון אַ זאַק; דערביי רוהט ער נישט אַ רגע: דאָ חאַפּט ער ארוים פון קעשענע איין אַ מאָל רויט און גאַנץ געוועזענע פאַטשיילע, ווישט זיך די נאָז, דעם שווייס פון פנים און שטערן, באַלד לאָזט ער זי אַראָב אויף דער שוים און חאַפּט זיך קרייזלען די פאות, צופּען דאָס שפּיציגע, ערטערווייס קוים גראָהליכע, בערדעל... אָט, בעהאַלט ער אַנ׳אויסגעצופּטע האָר אין ספר אַריין און הויבט זיך אָן פאַטשען אויף דער קניע, די הענד דערפיהלען דערווייל די פאַטשיילע, חאַפּען זי און וואַרפען אַ שפּיץ אין מויל אַריין; ער בייסט, וואַרפט איבער איין פוס אויפ׳ן צווייטען און טוישט אַלע מינוט די פים.

ביי דער גאַנצער צייט קנייטשט זיך איהם זיין בלאַסער שטערן אין דער לענג און אין דער ברייט, עס קנייטשט זיך אוים אַ קמץ איבער דער נאָז. די לאַנגע ברעמען ווערען, אונטער דער איבערגעלעגטער הויט פון שטערן, כמעט פערלוירען. דערווייל גיט איהם — דאַכט זיך — עפּיס אַ שטאָך אין דער ברוסט; חאַפּט ער און דערלאַנגט זיך מיט דער רעכטער האַנד אויף דער לינקער זייט אַנ„על־חטא״... ראַפּטום פערלעגט ער דעם קאָפּ לינקס, דריקט צו מיט אַ פינגער די לינקע זייט נאָז, מאַכט מיט דער רעכטער זייט אַ קינסטליכע פאָנטאַנע, וואַרפט איבער דעם קאָפּ רעכטס, די פאָנטאַנע שפּריצט פון דער לינקער זייט נאָז!... אין מיט׳ן חאַפּט ער אַ שמעק־טאַבאַק, צוהוידערט זיך בעסער, דאָס קול קלינגט, דאָס בענקעל קנאַקט, עס רודערט דער טיש!

דאָס קינד וועקט זיך נישט! עס איז געוואָהנט צו דער מוזיק.

און זי, דאָס יונגערהייט איינגעשרומפּענע ווייב, זיצט און שעפּט נחת פון מאַן. זי לאָזט פון איהם קיין אויג נישט אַראָב; איהר אויער

פֿערלירט קיין איינציגען טאָן פֿון זיין מויל... אַמאָל זיפֿצט זי: ער זאָל אַזוי — טראַכט זי — טויגען צו דער וועלט ווי צו יענער, וואָלט איהר דאָ אויך וואהל און ליכטיג געוועזען... דאָ אויך...

— „מאַ! — טרייסט זי זיך — ווער שמועסט פֿון אַ כבוד! ניט יעדער איז זוכה צו ביידע טישען״.

זי הערט זיך איין... איהר איינגעשרומפּען פּנים ענדערט זיך, דאָס אויך וואָס אַ מאָל; זי איז אויך נערוועז:

ערשט איז דערויף אויסגעגאָסען געוועזען אַ ווילדע הנאה; אַזוי פֿיעל נחת האָט זי פֿון זיין תורה געשעפּט... דערמאַהנט זי זיך, אַז היינט איז דאָך שוין דאָנערשטאג, אַז עס איז דאָך קיין דרייער אויף שבת נישט דאָ, און דאָס גן־עדן ליכט אויפ׳ן פּנים, ווערט וואָס אַמאָל טונקלער און טונקלער, ביז דער שמייכעל פֿערשווינדט פֿון גאַנצען פּנים... דערנאָך וואַרפֿט זי אַ בליק דורכ׳ן פֿערגרינטען פֿענסטער, קוקט אויף דער זון — עס מוז שוין זיין שפּעט און עס איז נאָך אין שטוב קיין לעפֿעל וואַרעם־וואַסער נישט דאָ, — און די שפּיזלעך בלייבען איהר שטעהן אין דער האַנד, אַ טונקעלער שאָטען האָט שוין דאָס פּנים בעדעקט. זי וואַרפֿט אַנ׳אויג אויפ׳ן קינד; עס שלאָפֿט שוין אומרוהיג, עס וועט זיך באַלד אויפֿחאַפּען, עס איז פֿאַר׳ן קראַנקען קינד קיין טראָפּען מילך נישט דאָ — און פֿון שאָטען איז שוין אַ וואָלקען געוואָרען, די שפּיזלעך הויבען אָן אין דער האַנד צו ציטערן, צו וואַרפֿען זיך...

און אַז זי דערמאַהנט זיך נאָך, אַז, אויסער דעם, געהט צו פּסח... אַז די אויערינגלעך מיט די בענש־לייכטער זענען פֿערזעצט, דער קאַסטען — לעער, דער הענגעל־לייכטער — פֿערקויפֿט, — הויבען אָן די שפּיזלעך גאָר מערדעריש צו טאַנצען! דער וואָלקען אויפ׳ן פּנים ווערט טונקעל־בלאָה, אָנגעלאָדען... אין די קליינע, גראָהע אויגען, וואָס מען זעהט קוים אַרויס פֿון אונטערן טיכעל אויפ׳ן קאָפּ, בעווייזען זיך — בליצען:

ער — זיצט נאָך אַלץ און לערנט; ער בעמערקט נישט, אַז עס מאַכט זיך אַ געוויטער, אַז עס ווערט אַלע מאָל געפֿעהרליכער... אַז זי לאָזט אַרויס דעם זאָק מיט די שפּיזלעך פֿון דער האַנד און הויבט אָן קנאַקען די אויסגעדאַרטע פֿינגער, אַז זי קנייטשט איין דעם שטערן פֿאַר וועהטאָג. איין אויג ווערט צוגעמאַכט, און דאָס צווייטע קוקט אויף איהם, מעסער־שפּיציג אויפ׳ן מאַן, דעם למדן, אַז עס וואָלט איהם, ווען ער זאָל

עֶם זעהן, קִיהל גֶעוואָרען אִין אַלֶע אֵבֵרים ; דאָך עֶר זעהט נִישט. ווִי אִיהרֶע בלאָהֶע לִיפֶען צִיטֶערן, ווִי די גאָמבֶע צִיטֶערט, ווִי עֶם קלאַפּט אַ ה־אַ צאָהן אָן אַ צאָהן... ווִי זִי האַלט זִיך אַיין מִיט אַלֶע כּוחות, נִישט אויסצוברעֶכֶען... ווִי דעֶר דונעֶר רַייסט זִיך און רַייסט, און עֶם דאַרף נאָר אַ קלֵיינִיגקַייט, עֶר זאָל אַרוים פון מויל.

דאָס קלֵיינִיגקַייט האָט זִיך גֶעטראָפֶען:

עֶר לֶערנט און זאָגט! „שמע מיניה — — — תלת...” און טַייטשט זִיך אוים בנעימות: „אִיז דאָך פון דאַנֶען גֶעדרונגֶען...” עֶר ווִיל זאָגֶען: דרַיי — נאָר דאָס וואָרט „גֶעדרונגֶען” אִיז שוין גֶענוג גֶעוועֶזֶען... אִין דעֶם וואָרט האָט זִיך אָנגֶעחאַפּט דאָס פֶערבִּיטֶערטֶע הארץ, דאָס אִיז גֶעוועֶזֶען דעֶר פונק צום פולווער!

אִיהר שטאַרקעֶר ווִילֶען פלאַצט. דאָס אומגלִיקלִיכֶע וואָרט האָט גֶעעֶפֶענט אַלֶע פֶערהאַמעֶרטֶע טויעֶרן, אויפגֶעהאַקט אַלֶע רִיגלֶען... אויסעֶר זִיך אִיז זִי צוגֶעשפרונגֶען צום מאַן מִיט פיאַנֶע אִין מויל, מִיט נעֶגעֶל אִין פּנים אַרַיין.

— גֶעדרונגֶען, זאָגסט דו, גֶעדרונגֶען? אוי! אַ דרִינגֶענִיש זאָל אויף דִיר קומֶען, רבונו של עולם! — — האָט זִי אויסגֶעשרִיעֶן פון אַ הֵייזֶערִיג קול פאַר כּעס — אַ דרִינגֶענִיש, רבונו של עולם! יאָ! יאָ! האָט זִי ווַייטעֶר מִיט אַ שלאַנגֶען־קול גֶעסִיטשעֶט: פאַר פסח... דאָנעֶרשטאג... ס'קִינד קראַנק... קַיין טראָפֶען מִילך! האַ!

עֶם פֶערפֶעהלט אִיהר אָטהעֶם, די אַיינגֶעפאַלֶענֶע ברוסט שלאָגט פאַליעֶם, פון די אויגֶען יאָגֶען בלִיצֶען.

עֶר בלַייבט ווִי פֶערשטֵיינֶערט. בלֵייך אִיז עֶר אויפגֶעשפרונגֶען פון בֶּענקֶעל, אָהן אָטהעֶם פאַר שרעֶק, און האָט זִיך הִינטֶערווַיילִיכטס גֶעֶ־רוקט צו דעֶר טהִיר.

זֵיי שטעֶהעֶן אֵיינס גֶעגֶען אַנדעֶרן און קוקֶען זִיך אָן; עֶר מִיט גלעֶזערנֶע אויגֶען פאַר שרעֶק, זִי — מִיט ברעֶנעֶנדִיגֶע — פאַר כּעס... עֶר בֶּעמעֶרקט דאָך באַלד, אַז זִי האָט פאַר כּעס קַיין שליטה נִישט, נִישט אִיבֶּער דעֶר צונג, נִישט אִיבֶּער די העֶנד. די אויגֶען ווערֶען אִיהם אַלֶע מאָל קלֶענֶער; עֶר חאַפּט אַנ'עֶק פאַטשֵיילֶע אִין מויל אַרַיין, רוקט זִיך נאָך אַבִּיסֶעל אָב, אָטהמעֶט טִיעֶפעֶר אָב און מורמעֶלט:

— העֶר, דו, אשה... ווַייסט דו, וואָס אִיז? בּטול תּורה, נִישט לאָזֶען דַיין מאַן לֶערנֶען, האַ? אַלץ פרנסה, האַ?! און ווער גִיט דעֶם

פויגעלע! אַלץ נישט גלויבען אין גאָט! אַלץ יצר־הרע, אַלץ נאָר די וועלט... נאַרישע אשה... מרשעת! נישט לאָזען לערנען אַ מאַן... דערפאַר קומט גיהנם..."

אַז זי ענטפערט נישט, ווערט ער שטאַרקער ביי זיך! איהר פּנים ווערט בלייכער און בלייכער, זי ציטערט אַלע מאָל מעהר, און וואָס מעהר זי ציטערט און ווערט בלייכער — פעסטער און ראַשער ווערט זיין קול:

— „גיהנם! פייער! הענגען אויף דער צונג! אַרבע מיתות בית־דין!"

זי שווייגט, דאָס פּנים איהר'ס איז שוין ווי אַ קרייד.

ער פיהלט, אַז ער טהוט נישט גלייך, אַז ער דאַרף זי נישט אַזוי קרענקען. אַז ער רעדט נישט עהרליך; נאָר איינהאַלטען קען ער זיך שוין נישט. אַלעס שלעכטע וואָס ער האָט ביז אַהער אין זיך געהאַט, שיטען זיך איהם אַרויס, ער קען זיי נישט איינהאַלטען.

— „ווייסט וואָס טייטש? — געהט זיין קול איבער ווי אין אַ בייזען דונער: סקילה — דאָס הייסט: וואַרפען אין גרוב אַריין און פערשיטען מיט שטיינער! שרפה — פיהרט ער ווייטער און וואונדערט זיך אַליין אויף זיין העזה — שרפה, דאָס הייסט: אַריינגיסען אין די גערערעם אַ לעפעל הייס־קאָכענדיג־זידענדיג בליי! הרג איז בסיף... דאָס הייסט: מען האַקט אָב דעם קאָפּ מיט אַ שווערד... אָט אַזוי! און ער מאַכט אַ בעוועגונג מיט דער האַנד אַרום האַלז. הייגט — חנק... ווערגען... הערסט — ווערגען! פערשטעהסט — בטול תורה! אַלץ פאַר בטול תורה!

דאָס האַרץ טהוט איהם שוין וועה פאַר רחמנות אויף זיין קרבן, נאָר עס איז איהם דאָס ערשטע מאָל, ער זאָל אַזוי גובר זיין... עס פער'שכור'ט איהם! אַזאַ נאַרישע יודענע! ער האָט ביז אַהער גאָר נישט געוואוסט, אַז מען קען זי אַזוי איבערשרעקען.

— אָט דאָס איז בטול תורה! שרייט ער ענדליך אויס. ער האַקט דאָך אָב, זי קען דאָך צו זיך קומען און חאַפּען אַ בעזים! ער שפּרינגט צוריק צום טיש, פערמאַכט די גמרא און לויפט אַרויס...

— „אין בית המדרש אַריין געה איך!" שרייט ער איהר צו, שוין מיט אַ ווייכערער שטימע און פערמאַכט נאָך זיך די טהיר.

דאָס געשריי מיט'ן קלאַפּ פון דער טהיר, האָט אויפגעוועקט דאָס קרענקליכע קינד. עס הויבט לאַנגזאַם אויף די שווערע ברעמען, דאָס

וועקסען-געל פנים פערקרימט זיך, און עס הויבט אן צו פייפען אונטער'ן געשוואלענעם נעוועל. נאר זי שטעהט אלץ אויף איהר ארט, אויסער זיך, ווי פערשטיינערט און הערט נישט דעם קינד'ס קול.

— הא! רייסט זיך איהר ענדליך א הייזעריג קול פון דער פערענגטער ברוסט ארויס — אזוי — נישט די וועלט, נישט יענע וועלט... הענגען — זאגט ער — ווער — זאגט ער — הייסע סמאלע — בלייזאגט ער! בטול תורה!

— גאר נישט... מיר גאר נישט... העשעט איהר אין צוריסענעם הארץ: דא הונגער... אהן א קלייד... אהן בענש-לייכטער... אלץ נישט... דאס קינד הונגעריג... קיין טראפען מילך... און דארט — הענגען... הענגען אויף דער צונג... בטול תורה — זאגט ער. —

— הענגען... חא! חא! חא! — רייסט זיך ראפטום אויס איהר פערצווייפעלט קול... הענגען, יא. נאר דא! — באלד! אלץ איינם! נאך וואסווארטען?

דאס קינד הויבט אן העכער צו וויינען, נאר זי הערט אלץ נישט.

— א שטריק! א שטריק! שרייט זי אויסער זיך, און זוכט מיט פערבלאנזיעטע אויגען א שטריק אין אלע ווינקעלעך.

— א שטריק וואו נעמט מען! זאל ער שוין מיין געביין דא נישט טרעפען! לא-מיך חאטש דאס גיהנם פטור ווערען! זאל ער וויסען! זאל ער זיין א מאמע! זאל ער! א כפרה בין איך! א מלאך המות! אנ'עק! אנ'עק זאל זיין! א שטריק!

און דאס לעצטע ווארט רייסט זיך איהר פון האלז ארוים ווי א רוף אויף הילף ביי א שרפה.

זי דערמאהנט זיך, אז עס ליעגט ערגיץ א שטריק... יא, אונטערן אויוועו... מען האט געזאלט אויפ'ן ווינטער דעם אויוועו איבער-בינדען, ער מוז נאך דארט ליעגען...

זי לויפט צו און געפינט דעם שטריק: א פרייד — זי האט געפונען דעם אוצר! זי ווארפט אנ'אויג אויפ'ן סופיט — דער האקען זיצט... זי דארף נאר אויפ'ן טיש ארויף.

זי שפרינגט ארויף —

נאר פון דער הויך דערזעהט זי, אז דאס דערשראקענע, פער'חלשטע קינד איז אויפגעזעצט, עס בויגט זיך איבערן וויעגעל; עס וויל ארוים! אט, אט, פאלט עס ארוים...

— מאַמע! האָט דאָס קינד קוים אויסגעריסען פון שוואַכען העלזעל.

עס חאַפּט זי אַן אַנגסער כעס. —

זי וואַרפט אַוועק דעם שטריק, שפּרינגט אַראָב פון טיש, לויפט צו צום קינד, און וואַרפט איהם דאָס קעפּעל אויפ'ן קישען צוריק, שרייענדיג:

— ממזר! אַפילו הענגען לאָזט עס מיך נישט! אפילו נישט הענגען בשלום! עס וויל שוין ציהען... ציהען וויל עס... אָ! סם וועסט דו ציהען פון דער ברוסט! סם!

— נאַ, פרעסער, נאַ! — שרייט זי אוים אין איין אָטהעם, און שטופּט דעם קינד די אויסגעדאַרטע ברוסט אין מויל אַריין:

— נאַ, ציה, בייס!...

# הָאִשָּׁה מָרַת חַנָּה.

## (אַ פֶּעקיל בְּרִיעף)

א) צוויי בריעף, וואָס חנה האָט בעקומען פון
איהר ברודער מנחם מענדיל, און איין בריעף
פון איהר שוואָגערין חוה גיטל. בסך הכל
דריי בריעף.

---

## עֶרְשְׁטֶער בְּרִיעף.

החיים והשלום לאחותי הצנועה מרת חנה תחיה.

דיין בריעף האָב איך ערהאַלטען. וואָס קלערסטו איך האָב גענוג טרערען פאַרגאָסען און אַ גאַנצע נאַכט געזיפצט און געקרעכצט; וואָס קומט מיר אָבער אַרויס גאָט אין הימעל איז מיין עדות, אַז איך בין דיר נישט אימשטאַנד צו העלפען. און וואָס דו שרייבסט וועגען דער ירושה, מוז איך דיר, ליבע שוועסטער, זאָגען, אַז דאָס איז גאָר קיין ווערטער נישט! נאָכ'ן יודישען דת האָסטו קיין שום טענה־ומענה אויף דער ירושה; פרעג דיין מאַן, ער איז דאָך אַ יוד אַ למדן, וועט ער דיר אויך זאָגען דאָס אייגענע. און דו דאַרפסט גאָר נישט פרעגען דעם מאַן, ער זאָל דיר ערשט זאָגען; אַזאַ אשה כשרה ווי דו! עפענט אויף דאָס דייטש־חומש און זעהט, אַז צלפחד'ס טעכטער האָבען בעקומען ירושה, נאָר ווייל עס זענען קיין

בנים־זכרים נישט געווען. אבער, קוים זענען דא בנים־זכרים, בעקומען די טעכטער קיין ירושה נישט. און קיין שטר חצי זכר האסט דו נישט. איי, וואס דו זאגסט, אז דער טאטע, עליו־השלום, האט דיר דעם גאנ־צען נדן נישט געסלוק'ט, איז אוודאי קיין טענה נישט. ווארען, צוריק געשמועסט, ווער קריגט דעם גאנצען נדן? מיר האט מען, ווייסט דו, אויך אפגעריסען, און איך האב, חלילה, קיין טענה נישט צו קיינעם. — און, בכלל, איז דער שכל מחייב, אז אויב דער טאטע, עליו השלום, האט נישט געהאלטען זיין התחייבות, האט דאס צווייטע צד אויך אזוי גע־טהון, און מען איז דערויף בעשטאנען; די צדדים האבען איינער דעם צווייטען מוחל געווען, ווי ביי אונז יודען דער מנהג איז. און איך האב נישט געוואלט שטעלען אויף מיין דעה, און איבערגעשמועסט די זאך מיט אונזער רב און מיט די דיינים, און אלע זאגען פה־אחד, אז עס איז אזוי.

און, בנוגע צו דער טענה, וואס דו שרייבסט, אז דו האסט נאר א האלב יאהר געגעסען קעסט, נישט א גאנץ יאהר, — פון דעם ווייס איך שוין גאר נישט! לא פקדני אבא — דערפון האט מיר דער טאטע עליו השלום, נישט געזאגט. און ווייסען ווייסט דו, אז איך בין דאמאלס געווען א פרוש, בין געזעסען ביי דער גאנצער צייט ביי'ם רבי'ן, זאל לעבען, און געלערנט... און חוה גיטל מיינע דערצעהלט, אז עס איז אזוי גע־ווען: עס איז געווארען א שטיקעל מחלוקת צווישען אייך וועגען די מא־מע, עליה־השלום'ס, שטאדט אין דער ווייבערישער שול, און איהר האט אייך ארומגעריסען ביי די קעפ, און דער טאטע, עליו־השלום, האט דער־פון גרויס צער געהאט און גרויס עגמת־נפש; און איינמאל שבת־צונאכט'ס, האסטו געחאפט דאס פעקעל מיט'ן מאן און ביסט מיט'ן אוועק אין זיין שטעדטעל אריין, — אויב אזוי, ווער איז אייך שולדיג? אויף וועמען שרייבסט דו? ווער האט אייך געהייסען אנטלויפען? אז מען דארף עסען קעסט, עסט מען...

נאר — איך מיין נישט. חס־ושלום, דיר אנצוטהון עגמת־נפש. איך וויל דיר נאר אויסווייזען, ווי ווייט אומגערעכט דו ביסט; אבער יא גע־רעכט, נישט גערעכט, מען דארף זיך פיהרען לפנים משורת־הדין, בפרט קעגען אנ'אייגענע שוועסטער. נאר וואס העלפט עס? וויל יא, וויל נישט, אז מען קען נישט! דארפסט וויסען, שוועסטער־לעבען, אז דער פא־טער אונזערער, זכרונו־לברכה, האט פאר דער פטירה געמאכט א צוואה,

עֶר האָט אַװעקגעגעבּען דאָס גרױסע ש״ס דעם גרױסען בּית־המדרש! דאָס קלײנע ש״ס — דעם קלײנעם בּית־המדרש, די משניות׳ן מיט די עשׂרים־ואַרבּע׳ס האָט עֶר געהײסען שיקען אין שטיבּעל אַרײַן, װאו עֶר, עליו־השלום, האָט געדאַװענט... קבורה געלד, נישט אױסגערעדט זאָל עס זײַן, האָט געקאָסט צװײ הונדערט גילדען, מײַד ליד האָב איך אױך צו־טהײלט אַ פֿונפֿציג גילדען, װאָס רעד איך, מעהר, אַסך מעהר װי פֿונפֿציג גילדען! דעם טאַטען, עליו השלום׳ס, מלבּושים האָב איך אױך צוטהײל׳ט אָרעמע לײַט, חוץ דער זײַדענע קאַפּאָטע, װאָס איך האָב, לױט צװאָה, איבּערגעלאָזט פֿאַר מײַן משה׳לע, שיחיה, עֶר זאָל אין איהר געהן אין אַ מזל׳דיגע שעה, צו דער חופּה, בּמהרה בּימינו, אמן. װאָס דען בּלײַבּט בּסך הכּל?

עס בּלײַבּט נישט מעהר, נאָר דאָס הײַזעל, נו, קײַן שׂרפֿ״ט איז עס נישט װערטה. דער דאַך איז, לא עליכם, אַ חולה־נופל; אױף אַ האָר העִנגט עֶר. דער װאָיט הײסט אַראָבּנעהמען די אַלטע פֿײַער מױער, און אין גאַנצען איז עֶר בּחזקת סכּנה.

נישט מעדי, שװעסטער לעבּען, דו מײנסט, איך האָב פּרנסה! אַז דער טאַטע, עליו־השלום, איז נפטר געװאָרען און איך בּין אַראָבּ פֿון קעסט, האָב איך פֿערדונגען די דרײַ שטובּען ליִנקס גרונם דעם סוחר, מען רופֿט איהם גרונם צאָפּ (דו מוזט איהם אַודאי געדענקען און דאָס װײַבּ זײַנם — זלאַטע), מיט דעם געלד קװעהל איך מיך און בּעצאָהל קױם פֿאַ־דימנע און אַנדערע פּאָדאַטקעס, װאָס װאַקסען פֿון טאָג צו טאָג. שולדיג בּין איך בּסך הכּל פֿאַר אַ יאָהר אָנדערטהאַלבּען מיט אַ שמיץ! דערװײַל טהו איך מיר עצות, גיבּ אַ טרונק בּראָנפֿען, — קום שפּעטער קום מאָרגען, כּנהוג, נאָר דער שטריק אױפ׳ן האַלז װאַקסט, און װאָס דער סוף דערפֿון װעט זײַן, װײסט אײן רבּונו של עולם.

איך בּעװאוהן די דרײַ שטובּען רעכטס אין אײנעם מיט׳ן אײַנפֿאָהר־הױז און מיט דער שענק; די צײַט דערװײַל איז זעהר שלעכט, די דער־פֿער אַרום האָבּען זיך פֿערשװאָרען, נישט צו טרינקען קײַן בּראָנפֿען. איז נאָך װעניג, האָט דער פּריץ געעפֿענט אין די אַרומיגע דערפֿער שפּײַז־געװעלבּלעך מיט טהײ־הײַזער, — װאָס זאָל איך דיר זאָגען? מען דאַרף רחמים! מען קוקט זיך די אױגען אױס, אײדער מען דערזעהט אַ פֿױער!

און װאָס דו שרײַבּסט, אַז װער עס קומט זאָגט דיר, אַז איך האָבּ שעהן פּרנסה. — זײַ װיסען, אַז מענשען האָבּען נאָר גרױסע אױגען. אײ־

דער מען פֿערדינט אַ דרײַער, איז קריעת ים־סוף. דערווײַל מוז מען בײַלע־סאָשען חתונה מאַכן, און איך ווער גראָה און אַלט דערבײַ. די הוצאות זענען אין לשער, אויף חוב וויל מען ניט געבן, צו די מלבושים פֿעהלט נאָך אַ זײַדען אויבער־מלבוש, ואחרי ככלות־הכל, מוז חוה גיטל מײַנע, באַלד נאָך דער חתונה פֿאָהרען צו אַ דאָקטאָר. אַז שמואל רופֿא הײסט שוין פֿאָהרען, פֿערשטעהסט דו שוין, ווי עס האַלט, רחמנא ליצלן... איך האָב געפֿרעגט דעם רבין, זאָל לעבען, הײסט ער, זאָל לעבען, אויך פֿאָהרען קײַן וואַרשאָ. און דער הוסט ווערט שטאַרקער פֿון טאָג צו טאָג, — גלײַך מען וואָלט האָלץ געהאַקט!

און דאָס, וואָס דו ווילסט מיך איבערשרעקען, אַז אויב איך וועל דיר נישט באַלד ענטפֿערן ווי עס געהער צו זײַן, וועסטו שרײַבען צו אונזער קרובה אין לובלין, און זי וועט געהן צו איהר אַדוואָקאַט, מען זאָל מיך איבערגעבען אין גוי'ישע הענד אַרײַן, — זײַ וויסען, שוועסטער לעב, אַז דערפֿאַר האָב איך גאָר קײַן פּחד נישט! ערשטענס, פֿערשטעה איך, אַז עס איז גלאַט גערעדט, אַז אַזאַ כשר'ע צנועה, ווי מײַן שוועסטער איז, ווײסט, וואָס אַ בית־דין איז, און וואָס אַ סאָנד, להבדיל, איז... אַזאַ שטות וועסט דו נישט טהון. אַ יודישע טאָכטער טהוט נישט אַזוי! און, דו זאָלסט אַפֿילו וועלען, האָסט דו דאָך אַ מאַן צו הונדערט און צוואַנציג יאָהר, און ער וועט אַזאַ עולה נישט דערלאָזען! ער וואָלט זיך שוין נישט געטאָרט ווײַזען בײַ'ם רבין זײַנעם, אַפֿילו נישט אין שטיבעל אַרײַן קומען!

אויסער דעם, ראָטה איך דיר, זאָלסט, חס ושלום, נישט אַרויסוואַרפֿען קײַן געלד אויף אַדוואָקאַטען; אײַן עס לא היה זענען זײַ די אַדוואָקאַטען, נאָר גיב און גיב און הערסט דו אויף צו געבען, ווײסט ער שוין נישט ווער דו ביסט.

און דערמאַהנען מוז איך דיר נאָך די טאָמאַשאָווער מעשה, וואָס דער טאַטע, עליו־השלום, פֿלעגט דערצעהלען. אפֿשר האָסט דו זי פֿערגעסען, וועל איך דיר נאָך אַ מאָל דערצעהלען. אַ מאָל איז דאָרט נפֿטר געוואָרען אַ בעל־הבית; איז די טאָכטער זײַנע, אַ גרושה, געלאָפֿען צו'ם אַסעסאָר, ער זאָל איהר אויסטהײלען אַ חלק ירושה, ווי עס איז בדיניהם. דערווײַל, אַזוי ווי זי איז געשטאַנען און גערעדט מיט'ן אַסעסאָר, איז בײַ איהר אין שטוב אַראָבגעפֿאַלען אַ קויל פֿון קוימען... אין דער רגע האָט זיך אונטער־

געצונדען די שטוב, און עס איז איהר, נישט פאר אונז געדאכט, נישט פאר קיין שום יוד געדאכט, א קינד פערברענט געווארען!

און איך ראטה דיר, שוועסטער חנה, זאלסט זעהן חרטה האבען און תשובה טהון אויף דעם, וואס דו האסט געשריבען. אין אדם נתפס על צערו, דאס הייסט, ווי מענשען זאגען — צרות נעהמען דעם שכל צו; נאר א קטרוג קען, חס־ושלום, זיין דערפון, און דו דארפסט עפּיס אויף זיך נעהמען, חאטש א תענית איבער א טאג!

איך פון מיין צד בין דיר מוחל מיט'ן גאנצען הארץ. און, אז דו וועסט קומען, אם ירצה השם, אויף מיין טאכטערס חתונה, וועט אלץ ווערען אויסגעהיילט, וועסט דו זיך מיט אונז משמח זיין אין א מזל'דיגע שעה. נאר זעה, למען השם, נישט צו דערמאהנען פון פראצעסען, חס־ושלום! —

און דער עיקר פערדריסט מיך אויף בעלך, נר"ו, המופלג, וואס שרייבט גאר נישט פון זיין געזונד. אויב ער איז אויף מיר אין כעס, זינדיגט ער, און ער דארף דאך וויסען, אז כל הכועס וכו'. חוץ דעם, האט זיך ארויסגעלאזט א קול אין אונזער שטעדטעל, אז ימים נוראים איז ער נישט געוועזען ביי'ם רבי'ן און האט געדאווענט גאר אין בית־המדרש. נאך זאגט מען, אז ער וויל אוועקלעגען דאס לערנען און זיך צו עפּיס צושלאגען. א נהנה מיגיע כפו, זאגט ער, וויל ער זיין. וואס פאר א צער איך האב דערפון, קענסט דו משער זיין. ווארען „תורה מה תהיה עליה"? ווער וועט זיצען און לערנען, אז נישט צווינגע טהייערע קעפּ ווי ער?!

ער דארף וויסען, אז דער טאטע, עליו־השלום, האט זיך מיט'ן משרך געוועזען נישט אויף דעם תנאי! און בפרט היינטיגע צייטען, ווען די אומות־העולם נעהמען זיך צום מסחר און די עסקים פאלען פון טאג צו טאג, איז אוודאי א יושר, נשים זאלען האנדלען, און די מענער זאלען טאקי יושב ועוסק בתורה זיין, און דער רבונו של עולם וועט זיך אפשר טאקי מרחם זיין... זאל ער זיך בעסער ארויסנעמען א כתב־רבנות, זאל ער ווערען שוחט, מלמד, — וואס ער וויל, נאר נישט קיין סוחר, חס־ושלום... איך זאל נאר וויסען, אז ער וועט מיר נישט אברעדען מיין קינד פון מיין רבי'ן, וואלט איך איהם מיין משה'לען געשיקט אויף לערנען מיט קעסט!

זעה, אז דיין מאן זאל אוועקלעגען די נארישקייטען, דו מאך דיר

אַ געוועלבעל, אַ שטעל... און זכות אָבות, הן פון דיין צד, הן פון בעלך גר"ו'ס צד, וועט אייך בוראי ביישטעהן.

און פעריאָג, ראָטה איך דיר, די מרה־שחורה, מיט וועלכער דיין בריעף איז אויסגעוויקט, אַז עס שניידט ביים האַרץ. אַ בשר ודם אָהן בטחון, איז ערגער ווי אַ בהמה, רחמנא ליצלן. ער דרעהט זיך אַרום אויף דער וועלט, ווי אַ יתום אָהן אַ טאַטען; אַ גאָט, ברוך הוא, אין הימעל האָבען מיר, פערלאָזען פערלאָזט ער נישט.

אַז דער מענש פאַלט אַריין אין מרה־שחורה, איז אַ סימן אַז ער האָט, חס ושלום, קיין אמונה, קיין בטחון נישט, און דאָס איז נישט ווייט פון ערגערע זאַכען, רחמנא ליצלן! וואָס איך וויל אפילו איבער מיין מויל נישט ברענגען!

גם שרייב מיר, אַחותי חנה, ווי עס שטעהט ביי אייך מיט אַרבעס? אונזערע צוויי גרויסע סוחרים, דו געדענקסט דאָך זיי, דער לאָמער יוחנן און יונה סגי־נהור, האָבען אויפגעהויבען דעם מקח, און דער פריץ אונזערער האָט נישט אויף זריעה... אפשר וועט זיך, אם ירצה השם, מאַכען אַ שטיקעל עסק... עס איז אפשר מן השמים, איך זאָל האָבען צושטייער צו חתונה־הוצאות. דיין טובה פערלאַנג איך, חס־ושלום, נישט אומזיסט; זאָל זיך נאָר עפּיס מאַכען, שיק איך אייך אויף הוצאות, זאָלסט קומען עם בעלך המופלג, שיחיה, אויף סאָשע־ביילא, שתחיה'ס, חתונה, איך וועל נאָך פאַר דיר אַ מתנה געבען — דרשה געשאַנק מצד הכלה!

חוה גיטל, שתחיה, גריסט דיך גאָר פריינדליך. אַליין שרייבט זי נישט, ווייל עס איז היינט ביי אונז יריד; זענען געקומען צוויי סוחרים פון די זאַמושציער אַכל'ער און ווילען דוקא געפילטע פיש. די כלה, שתחיה, איז געגאַנגען צום שניידער אָנמעסטען אַ מלבוש, און מיך האָט מען דאָ אַליין איבערגעלאָזט פאַר אַ שומר ביי'ם קוימען.

און זעה, למען השם, אחותי חנה, נישט צוצולאָזען זיך צום האַרץ, אַוועקטרייבען די מרה־שחורה און לעבען מיט בטחון. ווער עס שפּייזט אַ ווערמיל אויף דער ערד און אַ פויגעלע אין נעסט, וועט דיך אויך נישט פערלאָזען.

גריס בעלך, וכו'

פון מיר אחיך — מנחם מענדיל.

# צווייטער בריעף.

החיים והשלום לאחותי מרת חנה תחיה.

איך האָב דיין צווייטען בריעף דערהאַלטען. ער איז געוועזען דורכגע־ווייקט פון טרערען, און פול זלזולים געגען מיר, זוגתי חוה גיטל, שתחיה, און אפילו בתי הכלה, בילא־סאָשע, שתחיה, און איך האָב דערפון פיעל שפיכות דמים געהאַט, וואָרום פאַר וואָס? אחותי חנה, דו זאָגסט, אַז איך בין, חס ושלום, אַ גזלן, אַז איך האָב דיך געטראָפען, חס ושלום, אין וואַלד, און איך האָב דיך גע'הרג'עט, חס־ושלום; אַז דורך מיר און זוגתי חוה גיטל, שתחיה, ביזט דו פערוואָגעלט געוואָרען פון דער היים, אַז מיין טאָכטער ביילא סאָשע איז, ביי דיר אין די אויגען, אַ חצופה, ווייל זי מאַכט זיך זיידענע מלבושים... מה אומר ומה אדבר, אַז איך מוז הערען און שווייגען, ווייל איך ווייס, אַז דיר איז אַזוי שלעכט... אַז ניט דו רעדסט, נאָר דיין שווער געמיטה רעדט...

די זאַך איז אָבער נישט אַזוי. איך בין, חס־ושלום, קיין רוצח נישט! און זאָל קומען איינער פון גאַס, און זאָגען, אַז די קאַפּאָטע, וואָס איך טראָג אויפ'ן לייב, איז זיינע, און ער וויל האָבען אַ דין־תורה, רעד איך מיט איהם נישט דאָס אַנדערע וואָרט, און געה מיט'ן צום רב. און, אם ירצה השם, אַז דו וועסט קומען אויף בילא־סאָשע'ס חתונה, האָב איך מיט דיר אַ דין תורה, בפירוש אַ דין־תורה, פון קיין פשר האַלט איך נישט!

און זעה אַליין! בנוגע צו די קעסט, וואָס דו האָסט נישט דערעסען, ביסט דו דאָך אַליין מודה אין דיין בריעף, אַז די סבה איז געוועזען אַ מחלוקת צווישען דיר און זוגתי, תחיה. ווער עס האָט אָנגעהויבען איז נישט מיין זאַך. איך זעה נאָר, אַז בעלך איז, קיין עין הרע, אַ גרויסער גולם, שהלך אחרי אשתו... איהר זענט, זאָגט מען, אין אַ מוצאי־שבת אַנטלאָפען, לייטען־געלעכטער אָנגעמאַכט. דער טאַטע, עליו השלום, האָט געהאַט דערפון גרויס שבירת־הלב און קצור־ימים, (אַזוי האָט ער בפירוש געזאָגט; שבנים האָבען געהערט!) און דו לעגסט אַלץ אַרויף אויף חוה גיטל תחיה! מאַכסט איהר גלאַט אַ בלבול!

נאָר! מאי דהוה הוה — דער טאַטע עליו־השלום איז שוין אויפ'ן עולם־אמת! אויס קעסט, אויס טענות! שרײַ חי־וקים געגען גאָט, ברוך הוא!

און זײַ וויסען, אַז בתי הכלה בײַלא־סאָשע, איז גאָר, חלילה, קיין חצופה נישט! זי איז נעביך גאָר נישט שולדיג! צו די זײַדענע מלבושים נויט מיך דער מחותן, דער תקיף. איינמאָל האָט זי אַפילו געוויינט, אַז זי שטעלט אונז בדלות. וואָס זאָל מען אָבער טהון, אַז אין די תנאים שטעהט בפירוש „בגדי משי וסאַמעט", און ער טרעט נישט אָב פון די תנאים. אַז נישט, זאָגט ער, איז אויס, צערײַסט ער די תנאים! און מעהר פעהלט מיר נישט, נאָר בתי, תחיה, זאָל, חס־ושלום. פערזיצען!

און זײַ וויסען, אַז דער נדן איז אויך נאָך נישט גע'סלוק'ט אין גאַנצען במזומנים. צוגעזאָגט האָב איך זעקס, געגעבען דרײַ; אויף נאָך שתי מאות האָב איך געמוזט געבען אַ ג'אַקט אויפ'ן הויז. ווייסט דו דאָך, אַז דאָס הויז איז אויפ'ן טאַטענס, עליו־השלום'ס נאָמען, — קאָסט ווײַטער געלד, איידער מען קען פערשרײַבען, וד"ל... אויף דער רעשט האָב איך גע־געבען אַ זאָלאַ־וועקסעל אויף סטעמפּעל, וליתר תוקף־ועוז — נאָך אַ חרם־קוויטעל. און צונד בין איך ערשט אין דער קלעם, אַז דער רבונו־של עולם זאָל זיך מרחם זײַן.

נאָר רעד מיט אַ יודענע! נישט אומזיסט האָבען אונזערע חכמים געזאָגט: „נשים דעתן קלות" און מענשען זאָגען: לאַנגע האָר — מײַדעל־ווײַז מײַן איך, און קורצער שכל... איך שרײַב דעריבער בעזונדער לבעלך, שיחיה; ער איז אַ מאַנסביל, אַ בן תורה, אַ מופלג בתורה, און ער וועט וויסען, אַז אַ בשר־ודם טאָר זיך נישט אַרויפלעגען אויף איין אַנדערן בשר־ודם, וואָרום: וכשל עוזר ונפל עזור, — אַ בשר־ודם קען קוים זיך אַליין דערטראָגען... אַ מענש מוז האָבען בטחון.

און איך בין בטוח, אַז גאָט וועט דיך, חס־ושלום, נישט פערלאָזען; ער פערלאָזט נישט קיין שוואַכע פליעג! נאָר פון רבונו של עולם קענסטו געהאָלפען ווערען, צו'ן איהם זאָלסט דו מתפלל זײַן, און איך פון מײַן צד, אַז איך וועל, אם ירצה השם, זײַן בײַ איהם, זאָל לעבען, וועל איך אָנגעבען פון דײַנעטוועגען אַ קוויטעל מיט אַ בעזונדערן פדיון: 2 צו 3 מאָל ה"ז און עס מוז פועלן!

און בנוגע צום אַרבעם, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. איידער

וואָס, אײדער װען, האָט זיך גבריאל דער פּאַכטער אַראָבגעבראָכען פון אײער געגענד שליכע פוהרען אַרבעס. פערדינט האָט ער אַ ממון! ער מאַכט שוין חתונה אַ זוהן און ניט שוין נדן... וואָס קלערסט דו, אַז גאָט וויל, פּעהלט דיר אויף אַ מאַרקע, פערשפּעטיגט זיך דײן תשובה אויף מײן בריעף, און גבריאל װערט דער חכם!

און וואָס דו שרײבסט, אַז דאָס קינד דײנס איז נישט בקו־הבריאה, זאָל טאַקי דער רופא חולים העלפען; אין סכנת־נפשות, גלויב נישט; נאָר אָהן מרה־שחורה! איך האָב געטהון מײנס. איך בין אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה, געגאַנגען אין גרויסען בית־המדרש אַרײן, אַרײנגעוואָרפען אין מאיר בעל הנס, אויפגעשריבען אויף דער מזרח וואַנד „לרפואה־שלמה" מיט גרויסע אותיות. און, אויב עס װעט זײן אם ירצה השם, אַ לעזונג, װעל איך נאָך שיקען ליכט אין שוהל אַרײן. דעם רבי'ן זאָל לעבען וויל איך אויך מודיע זײן. און נישט דערמאַהנען, אַז בעלך איז נישט זײן חסיד, און דו ווײסט, אַז בײ איהם, זאָל לעבען, בין איך אַ בן בית...

פון מיר, אחיך
מ נ ח ם מ ע נ ד י ל.

עיקר שכחתי. מירל־פּיגא, דעם דינ'ס טאָכטער איז, לא עליכם, געווען מקשה לילד, האָט מען אַראָבגעבראַכט אַ דאָקטאָר פון טאָמאַשאָוו און דער מאַן איז תיכף אַוועקגעלאָפען צום רבי'ן, זאָל לעבען. צי דער דאָקטאָר האָט קאַליע געמאַכט, צי וואָס, נאָר אַז דער מאַן איז געקומען, האָט ער זי שוין געטראָפען אויף דער מטה. ער האָט איהר געמאַכט גאָר אַ שעהנעם הספד. צונד רעדט מען איהם שדוכים, איך װעל מיך אויך אַרײנלעגען אין דער זאַך. עס איז אַ מצוה אַזאַ שעהנעם יונגען מאַן אַ טובה צו טהון. אַגב, טאָמער בעשערט השם יתברך אַ רײכען שדוך װעל איך נישט צולעגען.

אחיך הנ"ל.

זוגתי חוה גיטל, שתחי', לאָזט דיך גריסען גאָר פרײנדליך. וכן בתי הכלה שתחיה. מיט גאָטס הילף װעסט דו, אם ירצה השם, די טעג בעקומען אַ חתונה־בריוועל. עס זאָל אונז אַלע זײן צו מזל און צו ברכה.

מ נ ח ם מ ע נ ד י ל הנ"ל.

---

גיסתי האהובה, המיוחסת והצנועה האשה הכשרה הלא היא מרת חנה תחיה.

ראשית בין איך דיר מודיע, ליעבע שוועסטער און שוועגערין, אַז מהיום והלאה, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבען, וועל איך אָבנעמען דיינע בריעף, נישט מיין בעל־בכי און אשפה וועל איך פון זיי מאַכען! צווייטענס, ליעבע שוועגערין, איז דאָס פון דיין זייט, צווישען אונז גערעדט, אַ גרויסע חוצפה, וואָס דו האָסט זיך אָן אונז אָנגעחאַפּט און דוקא פאַר אַ חתונה, און מאַכסט אונז די טעג פינסטער ווי די נעכט, און ווילסט נאָך אָנמאַכען אַ שוואַרץ־פינסטער לעבען צווישען מאַן און ווייב. דו מוזט, אַ פּנים, מיינען, ליעבע שוועגערין, אַז דו ביזט נאָך ביים שווער, זכרונו לברכה, אויף קעסט, אַז דו ביסט אַ פערצויגענע בת־יחידה, אָהן שום דרך ארץ; און אַז מען גיעט דיר נישט דעם טעלער׳ל פון הימעל, ווילסטו אַלעמען אויסשטעכען די אויגען, די וועלט אומברענגען, און די קולות דיינע געהען עד לב־השמים. איך געדענק נאָך דיין טופּען מיט די פּיסלעך, דיין זעצען מיט די פויסטען אין טיש אַריין, בשעת, ווען דער תם דיינער שטעלט זיך אין אַ ווינקעל אַריין שאָקעלט מיט׳ן שאָפּענעם קעפּעל, אַז די פאות וואַרפען זיך איהם, ווי די לולבים; דער שווער, זאָל ער מיר עס דאָרט מוחל זיין, זאָגט דאָך אַ ודאי, אַז די בת־יחידה איז געריבעט.

טהייערע שוועגערין חנה! עס איז שוין צייט זיך אויפצוחאַפּען פון שלאָף, צו פערגעסען די פוסטע חלומות, און צו זעהן אויף וואָס פאַר אַ וועלט מען איז. דער שווער, זכרונו־לברכה, איז שוין לאַנג אויפ׳ן עולם אמת; נישט דאָ קיין קעסט, אויסגערונען! אַ בת־יחידה קענסט דו נאָר זיין ביי דיין אייגענעם מאַן, נישט ביי קיין אַנדערן, און איך ווייז דיר צוויי מאָל פינף פינגער!

און דעם בריעף־טרעגער האָב איך זהיר והזהר אָנגעזאָגט, ער זאָל דיינע בריעף אָבגעבען מיר צו דער האַנד, נישט מיין כשר בהמה׳לע. זיי ווייסען, ליעבע שוועגערין, אַז די גאַנצע וועלט בלאָזט אויף די נעגעל פון דיין שגעון! ווער עס הערט, זאָגט נישט אַנדערש, נאָר אַ דבוק, רחמנא־ליצלן! סעריל די נגידה האָט מיר בפירוש געזאָגט, אַז דו ביזט ווערטה, מען זאָל דיך קורע־כדג זיין! און איך קען גאָר נישט פערשטעהן, וואָס דו ווילסט האָבען פון מיר! נישט איך חוה גיטל האָב, חס ושלום, געשריבען

דִי תּוֹרה ; נִישט אִיךְ, חוה גִיטל, בִּין, חס ושלום, אַראָבּ מִיט דוּנער און בּלִיטצען אויפ'ן בּאַרג סיני, אַוועקצוּגזלן פוּן דִיר דעם דִין פוּן ירושה ; און אז דער שווער דײַנער, זאָל מִיר עס דאַרט מוחל זײַן, אִיז געווען אַזאַ בּטלן, ווִי דײַן מאַן דער תּם, און אַז מען האָט דִיר נִישט געגעבּען קײַן שטר חצי זכר, בִּין אִיךְ שוּלדִיג? און דער רבּונו של עולם אִיז נִישט, חס ושלום, אִין מײַן רשות ; דִי שלִיסעל פוּן שערי רחמים, לִיגען נִישט בּײַ מִיר, — עס אִיז דאָ צוּ ווענדען צוּ שרײַען! האָסט נִישט קײַן סדור, קײַן מחזורים, קײַן תּחנות? דאַווען, בּעט רחמים! און אויבּ דאָס קִינד דײַנס אִיז טאַקִי חולה מסוּכּן, אִיז דאָרט אויךְ דאָ אַן'אָרון קודש אײַנצוּרײַסען, קברים צוּ מעסטען, און מאיר בּעל־נס אויף צדקה פעהלט אויךְ נִישט! דוּ ווײַסט אָבּער נִישט מעהר, נאָר — חוה גִיטל ; חוה גִיטל און ווִידער חוה גִיטל! פעהלט דִיר פּרנסה, ווער אִיז שוּלדִיג? חוה גִיטל! גִיסט דוּ צוּ אִיהר אויס דײַן בִּיטער האַרץ ; אִיז דִיר קראַנק דאָס קִינד, ווער אִיז שוּלדִיג? מסתּמא חוה גִיטל, און פערשרײַסט מִיר דעם קאָפּ! און אִיךְ, אײן גאָט אִין הִימעל ווײַסט דעם אמת, בִּין חולה־מסוּכּן. אִיךְ פּאָבּע מִיט דער נשמה און בּײַ'ן אַ לײַדע עגמת־נפש, ווער אִיךְ ממש אויס מענש. און אַז מִיר חאַפּט אָן דער הוּסט, אִיז טאַקִי סכּנות נפשות, מײַן אִיךְ, אַז עס עקט זִיךְ מײַן וועלט. אִיךְ בִּין, ווִי מען זאָגט : אַ פוּס אִין שטוּבּ אַ פוּס אִין גרוּבּ. און אַז דִי דאָקטוירִים וועלען מִיךְ נאָךְ הײסען פאָהרען קײַן אויסלאַנד וואַסער טרִינקען, בּלײַבּ אִיךְ אָן אַ העמד, חס ושלום ; און אויף וועמענס הענד לאָז אִיךְ אִיבּער דִי שטוּבּ, דִי פּרנסה, דִי זעקס קִינדערלעךְ, וואָס?

דוּ ווײַסט, דאַכט זִיךְ, אַז אויף מִיר שטעהט דאָס גאַנצע הויז, אַז אַלץ לִיגט אויף מײַן קאָפּ, אַז ווִי אחיךְ מנחם מענדִיל גִיט זִיךְ נאָר אַ רִיהר, אִיז בּאַלד אַ שאָדען ; לעהמענע הענד האָט ער, דאָס שלִים־מזל! אַ מענש זאָל נִישט טויגען, נִישט צוּ גאָט, נִישט צוּ לײַט ; זאָל נִישט אַרײַנ־טהוּן קײַן האַנד אִין קאַלט וואַסער אַרײַן, גאָר נִישט! פעהלט מִיר נאָךְ, עס זאָל קוּמען דער דאָקטאָר און זאָגען, אַז עס וואַקסט בּײַ מִיר דִי מִילץ אִין דער בּרײט, אַז דִי סכּנה אִיז חס ושלום, זעהר גרויס, אַז אִיךְ בּרויךְ גרויס רחמים! — קוּמסט דוּ און מאַכסט מִיךְ פאַר אַ גלִיקלִיכע נגידה, אִיךְ זאָל דִיר העלפען.

לִיבּע שוועגערִין, אִיךְ זאָג דִיר בּפירוּש, אַז דוּ האָסט אַ האַרץ פוּן אַ טאָטער, נִישט פוּן אַ יוּדִישע טאָכטער ; בִּיסט פּשוּט אַ מענש אָהן

רחמנות! שוין צייט, זאָלסט נאָר אין גאַנצען אויפהערען מיט דיינע ליעב־האַרציגע בריוועלעך! און זעה, למען השם, צו קומען אויף דער חתונה וואָס וועט זיין, אם ירצה השם, גאָר קירצליך. ווען, ווייס איך נאָך אַליין נישט, ווייל איך וויל עס נישט נעהמען אויף מיין אחריות. זאָל מנחם מענדיל פּאָהרען צום צדיק, און אָבּשטעלען אויף זיין בעראָטה, ווען די חתונה, זאָל זיין אין אַ מזל'דיגע שעה, און איך וועל דיר שוין מודיע זיין. מתנות ברענגען דאַרפסט דו נישט. און, אַז דו וועסט, אם ירצה השם, קומען עם בעלך המופלג, שיחיה, וועט איהר ביי מיר זיין פון די געהויבענע געסט, איך וועל איך זעטצען אויבען אָן; און די כלה בעט איך אויך זעהר און זעהר, איהר זאָלט קומען אויף דער חתונה, נאָר איהר זאָלט איך לייטיש פיהרען, נישט חס ושלום, פאַרגעסען, וואו איהר זייט אויף דער וועלט, און נישט אָנטהון קיין חרפות ובושות.

גריס בעלך, שיחיה, מיט'ן קינד לרפואה שלמה

פון מיר, דיין שוועגערין

חוה גיטל.



ב) פיער בריעף וואָס חנה האָט בעקומען פון מאַן שמואל משה.

# ערשטער בריעף

זוגתי האהובה מרת חנה תחיה.

ווען מיין בריעף, וועט קומען צו דיר אין דער האַנד אריין, וועל איך, בעלך שמואל משה, שוין זיין אין מרחקים. און איך בעט ביי דיר סליחה ומחילה אויף דעם. איך בין אַוועק פון דיר נישט מיט מיין גוטען ווילען, איך האָב שוין לענגער נישט געקאָנט אויסהאַלטען; איך האָב געזעהן בחוש, אַז עס איז כלו כל הקיצין, אַז עס איז שוין די צרות נישט צו דערטראָגען; דעם נדן האָבען מיר אויפגעגעסען, די ירושה האָט דיין ברודער דער גזלן, איינגעשלונגען, ער האָט בעגנוצט די צייט, ווען די בריעף זענען צווישען איך געגאַנגען, און האָט פערשריבען דאָס הויז אויפ'ן

מחותּן'ס נאָמען, — צושלאָגען זיך צו אַ שטיקעל עסק האָב איך נישט געקאָנט. נישט געהאַט מיט וואָס; איז מיר קיין אַנדערע עצה נישט געבליבען נאָר, אָדער זיך, חס ושלום צו הענגען, ווי משה דער שניידער האָט געטהון, אָדער אַנטלויפען קיין אַמעריקאַ — האָב איך אויסגעקליבען אַמעריקאַ; זאָל איך חאָטש יענע וועלט נישט פערליערען. און אין אַמעריקאַ וועל איך שוין נישט זיין קיין בטלן, קיין „כלי־יקר"; איך וועל מיט גאָטס הילף מיט'ן שוויים פון שטערן, מיט מיינע צעהן פינגער פערדינען אויף אַ שטיקעל ברויט, ביז השם יתברך וועט זיך מרחם זיין און וועט אַריינשיקען די ברכה אין מיינע צעהן פינגער, און אפשר וועט ער גאָר בענשען דיין מסחר דאָרט מיט די ציבעלעס, און וועט אונז צוריק צוזאַמענפיהרען, אָדער מיך צו דיר אָדער דיך צו מיר! אמן, כן יהי רצון.

און איך בעט דיך זעהר, ליבע, גוטע חנה, זאָלסט דיך נישט אַזוי מצער זיין, נישט אַזוי פיעל וויינען. דו ווייסט, אַז מיין גאַנצער מיין מיט'ן אָוועקפאָהרען איז נאָר — פרנסה, נאָר דאָס שטיקעל ברויט! דו ביסט זוגתי חנה און איך בין דיין מאַן שמואל משה, און ביידע זענען מיר צוגעבונדען צום קינד, זאָל לעבען און געזונד זיין. ווען איך וואָלט געהאַט חאָטש אַ שטיקעל טרוקען ברויט, וואָלט איך עס, חס־ושלום, נישט געטהון... אפשר וועט זיך דערווייל השם יתברך מרחם זיין, און, אַז דיין ברודער, דער גזלן, וועט דערהערען, אַז איך האָב דיך, חס־ושלום געלאָזט אַן'עגונה, וועט ער פאָרט אפשר רחמנות קריגען, דאָס שטיינערנע האַרץ וועט ווייכער ווערען, און ער וועט דיר גיכער אפשר שיקען עטליכע רובעל אויף פּרנסה...

וואָס זאָל איך רעדען און וואָס זאָל איך זאָגען, מיין גאָלדענע חנה?! איך מוז דיר זאָגען, אַז די מחשבה אַוועק צו פאָהרען, און דיך איבער צו לאָזען מיט'ן קינד, איז מיר שוין אַ סך מאָל אַרויפגעקומען אויף'ן זינען. איך האָב שוין לאַנג געזעהן, אַז איך האָב נישט קיין אַנדערע ברירה. טאָג אַזוי נאַכט האָב איך דערינען געקלערט, אי ביים דאַוונען, אי ביים לערנען. איך האָב נאָר געוואַרט, דעם קינד, עס זאָל איהם זיין לרפואה שלמה, זאָל בעסער ווערען. אַז דעם קינד, זאָל לעבען, איז בעסער געוואָרען, האָב איך דאָך נישט געהאַט דאָס האַרץ דיר צו זאָגען, אַז איך וויל אַוועק, וואו די אויגען וועלען מיך טראָגען... איך האָב מורא געהאַט, אַז דו וועסט זאָגען, אַז דו ווילסט נישט, און איך וועל נישט קענען טהון

קעגען דיין רצון. האָב איך אַלץ אין מיר געהאַלטען, אָבגעגעסען זיך אין דער שטיל דאָס האַרץ. נאָר, אייערנעכטען, אַז דו האָסט אַ היים געבּרענגט אַ פונט בּרויט, און צוטהיילט פאַר מיר און פאַר'ן קינד, זאָל געזונד זיין, און געזאָגט, אַז דו האָסט שוין געגעסען בּיי'ם שכן, און איך האָבּ דערקענט אָן דיין פּנים, וואָס האָט בּעקומען אַלערליי קאָלירען, — ווייל דו קענסט בּטבע נישט זאָגען קיין ליגען — אַז דו נאַרסט מיך, אַז דו האָסט אין דיין מויל נישט געהאַט, — האָבּ איך בּשעת מעשה דער־פיהלט, ווי ווייט איך זינדיג קעגען דיר! עסענדיג פון בּרויט, האָבּ איך געפיהלט, אַז איך עס פון דיר דאָס פליישׁ, חס־ושלום; און דערנאָך, בּיים גלעזעל טהיי, אַז איך טרינק, אַז איך זויג אויס, חס־ושלום, דיין בּלוט. עס האָבּען זיך מיר מיט אַמאָל די אויגען געעפענט; איך האָבּ ערשט דערזעהן, וואָס פאַר אַ פושע־ישראל איך בּין! און אויסזאָגען האָבּ איך פאָרט מורא געהאַט; בּין איך ענטלאָפען אָהן דיין ידיעה. —

בּיי יחיאל דעם מלוה האָבּ איך פאַרזעצט די אויבּערשטע קאַפּאָטע מיט'ן טלית, נאָר, למען השם, דאָס זאָל קיינער נישט וויסען — און האָבּ גענומען אויף הוצאות. אַז עס וועט מיר פעהלען, זענען אומעטום דאָ יודען בּני־רחמנים און מען וועט מיך, חלילה, נישט לאָזען פאַלען אין גאַס. וועל איך אָנקומען צו מתנת בּשר־ודם! און אַ נדר האָבּ איך געטהון, אַז איך וועל, אם ירצה השם, שפּעטער, אַז זיין ליבּער נאָמען וועט זיך מרחם זיין, און איך וועל וואָס עס איז פאַרדינען, וועל איך אַלץ אָבּגעבּען אויף צדקה, מיט רְוָחִים, — אם ירצה השם!

דאַרפסט פערשטעהן, מיין גאָלדענע חנה'לע, ווי מיר איז שווער און בּיטער דאָס אַוועק־פאָהרען... אַז אונזער איינציג טהייער קינד, איז געבּוירען געוואָרען, איז מיר אַ ודאי אין זינען נישט אַריינגעקומען, אַז איך וועל איהם מוזען איבּערלאָזען, חאָטש אויף אַ צייט, אָהן אַ טאַטען...

די נאַכט, וואָס איך בּין אַוועק, בּין איך אָבּגעשטאַנען, אַ ודאי אַ שעה אויפ'ן זייגער איבּער דיין בּעט; דו בּיזט געשלאָפען. בּיי דער שיין פון דער לבנה, האָבּ איך ערשט געזעהן, ווי דו זעהסט, נעבּיך, אויס! ווי דאָס קינד, נעבּיך, איז געל ווי אַ וואַכס... פאַר פּחד און גרויס רחמנות האָט מיר דאָס האַרץ געשטיקט; איך האָבּ שיער נישט אַרויסגעלאָזט אַ געוויין; אויס מענש בּין איך אַרויס פון שטוב. איך האָבּ אָנגעקלאַפּט בּיי'ם בּעקער, געקויפט אַ בּרויט, שטיל'ערהייט אַריינגע'גנבּ'עט זיך

אין שטוב און דיר איבערגעלאָזט. איך בין ווייטער געשטאַנען אַ ווײַלע און האָב קוים כח געהאַט אָבצורײַסען די פּיס פון דער ערד... וואָס זאָל איך דיר זאָגען, חנה, אַ מענש שפּירט אַ מאָל אין איין רגע יסורים פון הונ־דערט יאָהר!

חנה'שי קרוין, איך ווייס גאַנץ גוט, אַז איך בין אַ גזלן, אַ רוצח, וואָס איך האָב דיר נישט געלאָזט קיין גט, על כל פּנים אויף אַ תנאי; אָבער גאָט אין הימעל איז מיין עדות, אַז איך האָב דערצו קיין כח נישט געהאַט, קיין האַרץ נישט געהאַט, מיר דאַכט זיך, אַז ווען איך וואָלט דיר איבערגעלאָזט אַ גט, וואָלט איך, חס ושלום, געשטאָרבען אונטערוועגס פאַר יסורים; מיר זענען דאָך אַ געטרײַער, כּשר'ער זווג; השם יתברך אַליין האָט אויפ'ן זווג מסכּים געווען. און איך בין צו דיר אַנגעבונדען מיט'ן גאַנצען האַרץ: איין נשמה אין צוויי גופים. און איך ווייס נישט, ווי איך וועל לעבען אָהן דיר און אָהן דעם קינד, זאָל געזונד זײַן, אַפּילו איין מי־נוט. און טאָמער זאָגט דיר עמיצער, אַז איך האָב דיך געלאָזט, חס ושלום, אַנ'עגונה. גלויב נישט! דען איך שמואל משה, בין דײַן מאַן, און וואָס איך האָב געטהון האָב איך געמוזט טהון. וואָרען וואָס טהוט נישט אַ מענש פאַר נויט...

חנה'שי קרוין, ווען איך וואָלט פאַר דיר געקאָנט אויפרײַסען מײַן האַרץ, דו זאָלסט זעהן, וואָס דאָרט טהוט זיך, וואָלט מיר אפשר אַ ביסעל גרינגער געוואָרען. — צונד, מײַן כּשר'ע נשמה, לײַד איך גרויסע צרות! די טרערען גיסען זיך מיר פון די אויגען, אַז איך זעה נישט, וואָס איך שרײַב, און דאָס האַרץ קלעמט, און אין מוח דרעהט זיך ווי אַ מיהל... און עס קלאַפּט מיר אַ צאָהן אָן אַ צאָהן, און דער בעל עגלה, דער עם־הארץ, שטעהט איבער מיר און האַקט אין טיש אַרײַן און שרײַט: פאָהרען, פאָהרען!

רבונו של עולם, האָב שוין אַ מאָל רחמנות אויף מיר, אויף מײַן ווײַב חנה, זאָל געזונד זײַן, און אויפ'ן קינד, איך זאָל נאָך פון איהם אַ מאָל נחת דערלעבען.

פון מיר, דײַן טרײַער מאַן, וואָס שרײַבט אויפ'ן וועג אין קרעטשמע,
שמואל משה.

---

# צווייטער בריעף.

אשתי היקרה והאהובה,

וואָס זאָל איך רעדען, וואָס זאָל איך זאָגען; איך זעה בחוש, אַז מן השמים האָט מען מיך געהייסען פאָהרען. אַז דאָס איז געוועזען אַ גאָט־זאַך. דאָס האָט ער מיר איינגעגעבען שכל, איך זאָל אַוועק קיין אַמעריקאַ; אַלץ וואָס השם יתברך טהוט לאָזט זיך אויס צום גוטען.

מיין ליעבע חנה! בשעת איך מאַך צו די אויגען, דאַכט זיך מיר, אַז איך בין אין דער היים, און עס חלומ'ט זיך מיר פון עק וועלט! וואָרען באמת, ווער וואָלט געגלויבט, אַז אַזאַ בטלן, אַזאַ מענש אָהן אַ צונג אין מויל ווי איך, — אַ מענש, וואָס קען קוים אַ צורת מטבע, זאָל פאָהרען מיט דער באַהן, לאָזען זיך אויף אַ שיף איבער'ן ים און קומען בשלום קיין אַמעריקאַ! אצבע אלהים! — גאָט'ס השגחה איז עס... זיין ווילען נאָר האָט גובר געוועזען, אַז איך האָב געקאָנט איבערלאָזען דיך מיט'ן קינד, זאָל לעבען. השם יתברך זאָל געבען, מיר זאָלען נאָך זוכה זיין איהם מגדל צו זיין, לתורה לחופה ולמעשים טובים!

חנה'לע קרוין! איך האָב מיך פריהער אָנגעזעהן גרויס וואונדער אויף דער יבשה. דאָס איז אָבער גאָר נישט געגען דעם, וואָס איך האָב געזעהן אויפ'ן ים. אויפ'ן ים, האָב איך פערגעסען אַלץ וואָס איך האָב פריהער געזעהן אויף דער יבשה, און צונד, ביי די וואונדער אין אַמעריקאַ, פער־געס איך ווייטער דעם ים!

אין אויף דער שיף האָב איך, אין דער התחלה, גרויס צער און עגמת נפש געהאַט; טאַקי אין לשער נאָר דאָס אַלץ איז אויך געוועזען לטובה, און איך גלויב, אַז איך האָב דאָס אַלץ איבערגעלעבט אין דיין זכות און אין זכות פון אונזער איינציג קינד!

חנה'לע, דו מוזט אַוודאי געדענקען לייב חזן, וואָס איז אַ מאָל, מיט עטליכע יאָהר צוריק, געקומען צו אונז אין שטעדטעל אַריין, און האָט ביי אונז געדאַווענט ימים נוראים. מוצאי יום כפור, געדענק איך, האָסט דו מיר געזאָגט, אַז, צייט דו לעבסט, האָסט דו נאָך אַזאַ דאַווענען נישט גע־הערט. איך געדענק נאָך אַפילו דאָס לשון, ווי דו האָסט מיר געזאָגט: לייב חזן צושרייט זיך ווי אַ לייב און צוויינט זיך ווי אַ קינד...

אויף מארגען, איז געווארען עפּיס א מחלוקת אין שטעדטעל. מען האט לייב חזן נישט אין זינען געהאט, נישט רעכט בעצאהלט; און ער איז, נעביך, ארומגעגאנגען אין די הייזער... געדענקסט מיט א קליין מיידעלע, גנענדיל האט זי געהייסען. זי האט נאכגעזונגען דעם פאטערס נגונים מיט איהר קינדיש קול'עכיל... אז זיי זענען אריינגעקומען צו אונז, האסט דו אויף איהר גרויס רחמנות בעקומען, האסט זי גענומען צו זיך אויף דער שויס, געקושט אין קאפּ, האסט איהר עפּיס געשענקט, איך געדענק שוין נישט וואס, און האסט זיך נאך צווויינט פאר רחמנות אויף דער ארעמער יתומה אהן א מאמען... דיך וואונדערט אפשר, וואס איך געדענק אזוי אלץ?

זיי וויסען, חנה'לע קרוין, אז איך געדענק אלע דיינע זיסע רעד, אלע דיינע תנועות, וואס האבען טויזענד חן געהאט; שטענדיג שטעהסט דו מיר פאר די אויגען! פאהרענדיג אויפ'ן ים, האט זיך מיר אויך וואס א מאל געדאכט, אז דו שטעהסט נעבען מיר, דאס קינד האלט זיך אן דיין פארטוך, און איך הער דיין קול און דעם קינד'ס קול, און עס קלינגט מיר אין די אויערן מיט אזא זיסקייט, וואס איז גאר נישט צו בעשרייבען. —

און צונדערט האב איך מיך מיט דעם אייגענעם לייב חזן אויפ'ן וועג געטראפען. נישט צו זינדיגען מיט די רעד, איז דער לייב חזן גאר אין גאנצען אראב פון וועג! גאר, גאר...

אויף דער שיף האט ער נישט שטארק געקוקט, יא כשר נישט כשר; טרינקען טרינקט ער ווי נישט קיין יוד... איבער דער גאנצער צייט האב איך איהם נישט געזעהן אין טלית און תפלין... אדער ער זאל בענשען נאכ'ן עסען... געהן געהט ער ארום גאנצע טעג אהן א היטעל... און לא די, וואס ער אליין איז אזוי, פיהרט ער נאך די טאכטער אין זיינע דרכים... די דעמעלדיגע גנענדיל וועט היינט אלט זיין א יאהר זיעבצעהן, וואלסט דו זעהן — א פארטרעט! און ער הייסט זי, זי זאל זינגען און טאנצען פאר די פּאסאזירען פון שיף, און זי זינגט אויף כמה וכמה לשונות, רחמנא ליצלן. לייט הערען און פּאטשען מיט די הענד פאר נחת, און שרייען, דאס גוטע־יאהר ווייסט זיי וואס! און עס געהט צו אויסגעלאסען און פערשייט, אז — חלשות!

צום אלעם ערשטען, וואס זאל איך לייקענען, האב איך מיך מיט זיי זעהר דערפרעהט. פּארט, טראכט איך, היימישע מענשען, איך וועל שוין נישט ארומגעהן אזוי עלענד, אזוי איינער אליין. האב איך דערנאך

אָבער געהאַט גרויס שברות הלב; איך האָב נישט געקאָנט צוזעהן זיין התנהגות מיט דער טאָכטער. און טהייל מאָל האָט מיך געשניטען אין האַרץ, ווי א יוד אַ בעל־תפלה, וואָס פלעגט שטעהן פאַר'ן עמוד, זיין אַ שליח פון כנסת־ישראל פאַר'ן רבונו של עולם, רעדט גאָר פשוט נבול־פה, אַז די גאַל קעהרט זיך איבער. און אַ קול האָט ער, איז עס דורכגעבּרענט פון בראָנפען...

איז דאָך גוט, נעהמען זיי זיך נאָך צו מיר און ווילען מיך מאַכען פאַר אַ לייט! חוזק מאַכען זיי פון מיר אויף דער שיף! מען הערט נישט מעהר נאָר: בטלן, שוטה... ער צופּט מיר די פאות, זי רייסט די ציצית פון טלית־קטן און די גאַנצע שיף האָט מיט מיר צו טהון!

און וואָס פערדריסט זיי? וואָס איך בין אַזוי אָבגעהיטען פון טרפות, וואָס איך וויל בעסער פאַסטען, איידער עסען פת עכו"ם.

דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב מיך פיינט צו קריגען, רוק איך זיך אָב אָן אַ זייט, בעהאַלט מיך אין אַ ווינקעלע; און וויין מיר אויס דאָס האַרץ אין דער שטיל...

דער עולם געפינט מיך אָבער און מאַכט פון מיר לייטען־געלעכטער. איך האָב געמיינט, עס איז מיין עק!

ערשט צונד, אין אַמעריקאַ, זעה איך, אַז דאָס אַלץ איז געוועזען אַ גאָט־זאַך!

אַז דאָס האָט מיר גאָט, מיט זיין גרויס חסד, אָנגעגרייט לייב חזן מיט דער טאָכטער אין אַמעריקאַ, ווי ער האָט אָנגעגרייט יוסף'ן פאַר זיינע ברידער אין מצרים.

וואָרען, וואָס וואָלט איך אָהן זיי געטהון! אַ מענש אָהן לשון, אָהן אַ מלאכה, נישט וויסענדיג, וואו אַ טהיר עפענט זיך!

און לייב חזן איז דאָ אַ גאַנצער בן בית. ענגליש רעדט ער ווי אַ וואַסער. תיכף, אַזוי ווי איך בין נאָר געקומען, האָט ער מיך אַריינגעפיהרט אין אַ ציגאַרען־פאַבריק, און — איך אַרבייט און פערדיען שוין!

דערווייל וואהנען מיר אַפילו אין איין דירה. וואָרען, פרעג מיך בחרם, ווי אַזוי מען געהט דאָ דינגען אַ דירה!

אויך זעגען זיי, — טאַקי גאָט'ס חסד, בנוגע צו מיר, גאָר אַנדערש געוואָרען.

גנענדיל מאַכט שוין נישט חוזק אויס מיינע באָרד און פאות, און האַלט זיך פון מיר פון וויטענס, ווי עס פאַסט פאַר אַ יודישע טאָכטער.

זי קאָכט פאַר אונז, און דאָס איז זעהר וויכטיג, הגם קיין פליייש עס איך ניט, נאָר אייער, און טהיי טרינק איך אָהן מילך. וואַשען וואַשט זי אויך.

פון דעם איז זיך באמת אַ מוסר אַרויסצולערנען, אַז טאַקי וואָס דער רבונו של עולם טהוט, טהוט ער צום גוטען.

און ווייסט, ווי אַזוי עס האָט זיך אַלץ איבערגעדרעהט צום גוטען? גאָר פשוט: אין דיין זכות!

נאָך אויף דער שיף, אַז איך האָב געזעהן אַז איך וועל עס פון זיי ניט אויסהאַלטען, האָב איך מיר געמאַכט אַ האַרץ און בין צוגעגאַנגען צו גנענדלען, און געזאָגט איהר, אַז איך בין דיין מאַן. איך האָב זי דער־מאַהנט דעם נאָך יום־כפור, ווען זיי זענען ביי אונז אין שטוב געוועזען, ווי אַזוי דו האָסט זי מקרב געוועזען, גענומען אויף דער שוים, און אַזוי ווייטער...

תיכף ומיד איז זי אַנדערש געוואָרען. זי האָט אויף מיר רחמנות געקריגען, די אויגען זענען איהר מיט טרעהרען פערלאָפען. זי איז באַלד צוגעלאָפען צום פאָטער און האָט מיט איהם איבערגעשמועסט די זאַך, און באַלד איז געוואָרען אַ שלום.

תיכף האָבען זיי געבעטען דעם שיפס־קאַפּיטאַן, ער זאָל מיך הייסען בעסער בעהאַנדלען. און אַזוי איז געווען!

איך האָב אָנגעהויבען צו בעקומען ברויט, וויפיעל מיין האַרץ האָט געגלוסט, און טהיי, וויפיעל איך האָב געוואָלט. די שיפס לייט, האָבען מיך אויפגעהערט צו פייניגען, איך האָב אָנגעהויבען אָבצוערטעמען.

דאַרפסט דו פערשטעהן, וואָס פאַר אַ חשובה די גנענדיל איז געווען ביי די לייט! און עס איז קיין וואונדער ניט; ערשטענס, איז ביי זיי דער עיקר אַ יפת תאר; פאַר אַ יפת תאר וואָלטען זיי אין ים אַריין געשפרונגען. צווייטענס, איז גנענדיל זעהר אַ גוטע בטבע, און האָט חן ביי לייט, דעם זיבענטען חן!

אַצונד, מיין גאָלדען ווייבעלע, וועל איך דיר אָנזאָגען אַ בשורה טובה:

לייב חזן זאָגט מיר צו, אַז איך וועל פערדיענען, לכל הפחות, ביז צעהן דאָלאַר אַ וואָך.

איך רעכען זיך אַזוי צו פיהרען: אַ העלפט, — פינף דאָלאַר, וועל איך דיר שיקען, און פינף וועל איך מיר בעהאַלטען. דערפון וועל איך

לעבען, און וועל מיר נאָך אָנזאַמלען צו קויפען ש״ס; משניות׳לעך האָב איך מיטגענומען. עס איז ביי מיר געבליבען, איך זאָל יעדע וואָך לער־נען, לכל הפחות, צעהן בלאַט גמרא. קיין טלית וועל איך דערווייל נישט קויפען, ווייל איך דאַווען לעת עתה אין לייב חזן׳ס טלית... וואָרען לייב חזן האָט מיטגענומען אַ טלית?

צו וואָס, אַפילו, ווייס איך נישט. [illegible]ן דאַוונען, דאַווענט ער נישט אַ וואָרט!

איך רעד מיר איין אַז דאָס איז [illegible] מן השמים; מען האָט׳ן געהייסען פיהרען פאַר מיינעטוועגען אַ טלית.

און אפשר רעכענט ער צו דאַוונען דאָ ימים נוראים פאַר׳ן עמוד? עס געהט צו ימים־נוראים! איך ווייס? אין אַמעריקאַ איז אַלץ מעגליך! דאָ איז אַ פאַרקעהרטע וועלט!

און דער עיקר — איין דאָלאַר וועל איך בעהאַלטען, און זאַמלען מיט השם יתברך׳ס הילף, פאַר דיר מיט׳ן קינד אויף הוצאות, איהר זאָלט דאָ ביידע קומען אהער. וואָרען איך זעה בחוש, אַז עס איז, השם יתברך׳ס רצון, איך זאָל שוין בלייבען דאָ אין אַמעריקאַ. און דער רבונו של עולם ווייס בעסער וואָס עס איז גוט פאַר אַ מענש.

ווייסט, וואָס איך וועל דיר נאָך זאָגען? אַז אַצונד בין איך שוין נישט מעהר אין כעס אויף דיין ברודער דעם גזלן; ווייטער דאָס אייגענע: איך זאָג, אַז דאָס איז אויך מן השמים! אַנדערש קען גאָר נישט מעג־ליך זיין, אַ מענש זאָל האָבען אַזאַ גזל׳ניש האַרץ קענגען איין אייגענע שוועסטער.

נאָר דאָס אַלץ האָט מען געפיהרט, איך זאָל אַנטלויפען קיין אַמע־ריקאַ, און דיך אַהער נעהמען. און אַז גאָט וועט מיר העלפען, איך וועל קומען צו עפּיס געלד, וועל איך איהם נאָך, דעם ברודער דיינעם, אויך בעהילפיג זיין. ער איז אַ קבצן, זאָג איך דיר, איך זעה דאָך: וואָס ביי אונז הייסט אַ גביר, הייסט דאָ, אין אַמעריקאַ — אַ שלעפּער!

איך ענדיג דעם בריעף, איך מאַך דאָס מאָל בקיצור, הגם, איך האָב נאָך אַ סך, אַ סך צו שרייבען. ווייל איך האָב מורא, לייב חזן מיט גנענדלען זאָלען נישט אַריינקומען צו מיר אין שטוב; איך וויל נישט, זיי זאָלען זעהן, וואָס איך שרייב דיר. און איך בעט דיך זעהר, דו זאָלסט

מײַנע בריעף נישט װײַזען קײַן שום בן אדם! װאָס דאַרף אַ פרעמדער װיסען, װאָס בײַ אונז קומט פאָר?

און איך האָלז און קוש דאָס קינד. זאָל לעבען! גיב איהם אויך אויף מײַן חשבון צעהן טױזענד הײסע קוש, — הערסט?

פון מיר דײַן מאַן

שמואל משה.

---

# דער דריטער בריעף.

אשתי האהובה!

איך געדענק, דאָס ערשטע מאָל, אַז יוחנן שוסטער איז אװעק פון אונז קײַן אַמעריקאַ, האָט מען אָנגעהױבען שטאַרק װעגען אַמעריקאַ צו שמועסען; װי אַזױ מען פיהרט זיך דאָרט, װי עס געהט צו.

מען האָט געפרעגט, אויב מען געהט דאָרט נישט אויפ'ן קאָפּ. און, אמת איז, אַז דאָ איז אַ פערקעהרטע װעלט! קײַן שום סדר; בלױם קולות מיט געװאַלדען, װי בײַ אונז אין קצב'ישען מנין!

שטעל דיר פאָר, אַז בײַ אונז, למשל, זאָל קומען פלטיאל דער װאַטעמאַכער און יוסיל דער גאַרבער, און זאָגען, אַז דער רב אונזערער איז נישט קײַן למדן; װײס איך, אַז ער איז נישט בקי אין גטין וקדושין; אָדער גאָר, אַז זײ געפעלט נישט דער ראש הקהל! הכלל — זײ װילען אַײן אַנדערן רב, צי אײן אַנדערן ראש הקהל! נו, נו, װאָלט מען זיך נישט געהאַלטען בײַ די זײַטען?

און דאָ, אין אַמעריקאַ, האָבען אַרבײַטער, ציגאַרען־שנײַדער, אַזױנע װי איך, אין אַלעם אַ דעה! — זײ מאַכען מיט בײַ דער קלפי, מישען זיך בײַ די בוררים, און טרעף װאָס זײ קלױבען אוים? — אַ פרעזידענט!

און װאָס מײנסט דו, איז אַ פרעזידענט?

אַ פרעזידענט איז, נישט מעהר נישט װעניגער, װי אַ ראש וראשון איבער דער גאַנצער מדינה! און, װי איך האָב דאָ געהערט, איז אַמעריקאַ צעהן מאָל אַזױ גרױס װי גאַנץ אײראָפּאַ! פערשטעהסט אַן'עסק? הײַנט שטעל דיר פאָר מײַן שרעק, אַז איך זיץ מיר אַזױ נעכטען בײַ נאַכט

אִין שטוּב, האָב אִין זִין דִי הַיִם, אוּן מִיט אַ מאָל עֶפֶּענט זִיךְ דִי טהִיר, אוּן עֶס קוּמֶען אַרַיִין צְווייַ אַרבֵּייטאָרֶער, וואָס שטעֶהען מִיט מִיר בַּיַי אֵיין מַאשִין, אוּן — אַחינוּ בני ישראל! אוּן זֵייַ לֶעגֶען מִיר פאָר צְווייַ נֶעמֶען, אִיךְ געֶדעֶנק שוֹין אַפילוּ נִישט וואָס פאַר אַ נֶעמֶען, אוּן זאָגֶען מִיר, אַז אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַנ'אַרבֵּייטעֶר, אוּן מוּז זעֶהן, מֶען זאָל אוֹיסקלוֹיבֶּען אַ פּרעֶזִידעֶנט, וואָס זאָל זַיין גוּט פאַר אוּנזעֶר קלאַס.

אוּן זֵייַ דעֶרצעֶהלעֶן מִיר, אַז אֵיין פּרעֶזִידעֶנט האַלט פאַר דִי רַייכֶע לַייט, אוּן טרעֶט מִיט דִי פִּיס דִי אַלעֶ, וואָס לעֶבֶּען פוּן זֵייעֶרע צעֶהן פִינגעֶר; אוּן דעֶר צְווייטעֶר, טאַקִי דעֶר וואָס זֵייַ ווִילעֶן אוֹיסקלוֹיבֶּען, אִיז גאָר אַ דִימֶענט; עֶר האַלט שטאָל אוּן אַייזעֶן פאַר אַרבֵּייטעֶר, אוּן דִי גראָבֶּע בַּייכעֶר רוֹדף'ט עֶר מִיט אַ שרעֶקלִיכֶער שׂנאה! אוּן נאָךְ אַזעֶלכֶע נאַרִישקַייטעֶן, וואָס אִיךְ האָב שוֹין גאָר נִישט פעֶרשטאַנעֶן.

אִין האַרץ האָב אִיךְ זעֶהר געֶלאַכט, נאָר פוּן שלום וועֶגעֶן, — עֶס פּאַסט דאָךְ נִישט, מבייש צוּ זַיין קֵיין מעֶנשעֶן, — האָב אִיךְ זֵייַ געֶטהוּן דִי טובה אוּן צוּגעֶשאָקעֶלט מִיט'ן קאָפּ אוֹיף יאָ!

אגב, האָב אִיךְ טאַקִי געֶוואָלט, זֵייַ זאָלעֶן וואָס גִיכעֶר אַרוֹיס פוּן שטוּב, אִיךְ זאָל מִיךְ שוֹין קעֶנעֶן זעֶצעֶן שרַייבֶּען צוּ דִיר דעֶם בּרִיעף. נוּ, זאָג אַלֵיין אִיז דאָס נִישט אַ משוּגעת?

נאָךְ זֵייעֶרע רֵייד נאָךְ, קוּמט אוֹיס, אַז עֶס וועֶט ווערעֶן פּרעֶזִידעֶנט דעֶר, וואָס זֵייַ ווִילעֶן, וועֶל אִיךְ פעֶרדִינעֶן צעֶהן דאָלאַר, אוּן, חס ושלום, ווערט אֵיין אַנדעֶרעֶר פּרעֶזִידעֶנט, וועֶל אִיךְ פעֶרדִינעֶן נאָר נַיין, אוּן אפשר אַכט!

אוּן לֵייבּ חזן זאָגט, אַז עֶר פעֶרשטעֶהט דִי פּאָלִיטִיק! אַז אִין דעֶם שטעֶקט אַ שׂכל! אוּן, אַז אִיךְ וועֶל דאָ זַיין, זאָגט עֶר, אַ לעֶנגעֶרע צַייט, וועֶל אִיךְ קרִיגעֶן אַ ידיעה אִין פּאָלִיטִיק. מילא, זאָל זַיין אַזוֹי שאָקעֶל אִיךְ אִיהם אוֹיךְ צוּ מִיט'ן קאָפּ, טראַכט אִיךְ מִיר: נכנס יין יצא שטות — האָט געֶנוּמעֶן אַ אִיבּרִיגעֶן טראָפּעֶן, רעֶדט עֶר פוּן וועֶג! האָט עֶר מִיר אָבֶער געֶשוואָרעֶן, אַז בשעת קלפי, לעֶבּט עֶר דעֶרפוּן אוּן עֶס בּלַייבּט אִיהם נאָךְ ווֶעלכעֶר גראָשעֶן אוֹיף שפּעֶטעֶר; פעֶרשטעֶה אִיךְ טאַקִי נִישט, ווִי אַזוֹי!

נאָר אַלעֶ נאַרִישקַייטעֶן אַוועֶקגעֶלעֶגט: נִישט אוּנזעֶר זאַךְ! זאָל זַיין דעֶר, זאָל זַיין יעֶנעֶר פּרעֶזִידעֶנט, פוּן דעֶם וועֶט אוּנזעֶר מזל נִישט אוֹיפשַיינעֶן

די מעשה איז: אַז גאַנץ אָפט פֿאַל איך אַריין אין אַ מרה שחורה, און די טרעהרען קאַפּען מיר פֿון די אויגען אויף די ציגאַרען-בלעטער, וואָס איך שנייד; און ביי נאַכט שלאָפט זיך נישט, ווי עס דאַרף צו זיין!

טהייל מאָל הויבט מיר אָן קלינגען אין די אויערן; גאַנצע טעג האָב איך קאָפּ-וועהטאָג... און צו דעם אַלעם איז קיין בעסערע רפֿואה נישט דאָ, נאָר צו נעהמען פּאַפּיער, טינט און פֿעדער, און צו שרייבען אַ בריוועלע צו מיין גאָלדענער חנה.

מיין טהייערע ווייבעלע! איך קען פֿון דיר קיין זאַך נישט האַלטען בסוד. איך מוז דיר אַלץ דערצעהלען: איך לערן נאָך דערווייל משניות; קיין ש"ס האָב איך נאָך נישט געקויפֿט! און ווייסט דו פֿאַר וואָס? ווייל איך האָב געמוזט מאַכען גאָר אַנ'אַנדער הוצאה.

זיי ווייסען, מיין גאָלדענע חנה, אַז אומעטום איז איין וועלט. הגם מען שרייט דאָ אַלץ אין איינעם: פֿרייהייט, פֿרייהייט, איז דאָס אַלץ ווערטה אַ ציבעלע! מען האָט דאָ אויך פֿיינד אַ יוד! דאָ איז מען אפשר נאָך מעהר מבזה דעם צלם-אלהים פֿון אַ יוד! הינד, וואָס זאָלען אַרומלויפֿען אין די גאַסען, זאָלען בילען און רייסען יודישע פּאָלעס איז נישט דאָ, אָבער קיין לאָביסעם פֿעהלען דאָ אויך נישט. קוים דערזעהען זיי אַ קאַפּאָטע, ווערט אַ געשריי: דזשיו, דזשיו! אויף זייער לשון איז עס פּונקט דאָס איינענע, וואָס ביי אונז „זשיד". און זיי וואַרפֿען נאָך שטיינער און בלאָטע; בלאָטע פֿעהלט דאָ אויך נישט, ברוך השם! וואָס האָב איך געזאָלט מאַכען? האָב איך געטהון דאָס זעלבע, וואָס אַלע יודען טהוען דאָ. איך האָב אַרונטער געמאַכט די פּאות אונטער די אויערן, האָב מיר געקויפֿט, אויף אויסצאָהלען ראַטעס-ווייז (אַזאַ מנהג איז דאָ), דייטשישע בגדים. — האָסט דו אַנ'עק פֿון געלד! און אויך דו, חנה'לי. אַז דו וועסט, אם ירצה השם, קומען, וועסט דו דיר אויך מאַכען אַנדערע קליידער; וואָרום אַ מנהג איז מבטל אַ דין, און דאָ איז מען זיך אַזוי נוהג!

און וואָס דו שרייבסט, אַז גנענדיל געפֿעלט דיר נישט, פֿערשטעה איך נישט פֿאַר וואָס? וואָס דו האָסט דאָ צו איהר? אויך בין איך נישט מחויב די וועלט מחזיר למוטב צו זיין. חוץ דעם, בין איך זיכער, אַז זי טהוט דאָס אַלץ דער ביטערער פּרנסה צוליעב! בטבע איז זי אַזאַ כשר'ע נשמה, ווי אַלע יודישע טעכטער. אַ גאַנצע טאָג, אַז איך מיט לייב חזן זענען מיר אין פֿאַבריק, קאָכט זי און וואַשט און קעהרט די שטוב. אָבענד-

צײַט, גײט זי ערשט, צוזאַמען מיט'ן פאָטער, אין זײערע ערטער, וואו זי זינגט און שפּילט, און טאַנצט, פאַר'ן עולם. איך זיץ מיר אין דער הײם, לערן תּורה און שרײַב צו דיר. געגען האַלבער נאַכט קומען זײ. טרינקען מיר צוזאַמען טהײ און מען גײט שלאָפען.

און דאָס, וואָס דו שרײַבסט, אַז דיר דאַכט זיך, אַז גנענדיל האָט דאָס געמוזט צוגנב'נען דעם לעפעל, וואָס האָט אונז דערמאָלט געפעהלט, דאָס איז שוין גאָר קײַן ווערטער ניִשט!

גנענדיל איז אפשר ניִשט אַזוי פרום אין אמונה זאַכען. אָבער אַזוי, אַ פרעמדענס, חס־ושלום, וועט זי ניִשט ריהרען! און, חלילה וחלילה, זי זאָל זיך דערפון ניִשט דערוויסען! זי בעהאַנדעלט מיר ממש ווי אַנ'אײגען קינד; פרעגט מיך אַלע מאָל, צי איך ברויך ניִשט אַ ווײַס העמד, צי וויל איך ניִשט נאָך אַ גלאָז טהײ!

און באמת איז זי אַ וואויל קינד. אַלץ וואָס זי פערדיענט, גיט זי אוועק דעם פאָטער. הײַנט וואָלסט זעהן, ווי זי האַלט איהם בכבוד, הגם ער איז עס ניִשט ווערטה! חאָטש ער קומט אַ מאָל אַ הײם פרעהליך, גאָר פרעהליך און רעדט פאַר פײַער, פאַר וואַסער!

אויך האָט מיר לײב חזן בפירוש געזאָגט, אַז ער זאַמעלט איהר נדן, און קומט ער צום ערשטען טויזענדטער, זוכט ער איהר אויס אַ חתן, און פיהרט זי אונטער דער חופּה כּדת משה וישׂראל! און זי וועט זיך שוין ניִשט רײַסען דעם האַלז פאַר אַ פרעמדען עולם! איך ווײס ניִשט, צי ער מײנט עס ערנסט, נאָר — הלואי! זאָל איהם גאָט העלפען, ער זאָל עס דערגרײַכען; זאָל זי אַוועקוואַרפען די מיאוסע פּרנסה.

גנענדיל, איז אפילו דערבײַ געווען, און זי האָט זיך געריוויטעלט פאַר בושה, ווי עס פּאַסט פאַר אַנ'אמת יודישע טאָכטער; אַ פּנים, זי איז אויך מסכּים.

בעט איך דיך דעריבער זעהר, מײַן ליעבע חנה'לע, דו זאָלסט זיך דערווײַטערן פון לשון הרע און רכילות. דאָס איז גאָר קײַן מנהג ניִשט, קײַן יושר ניִשט; דאָס פּאַסט פאַר קלײנשטעדטעלדיגע ווײַבער. און דו, גאָלדענע חנה'שי, דאַרפסט קומען אין אַמעריקא. דאָ זענען די ווײַבער

גאָר אַנדערש ; געזעצטער ערנסטער און — פערנומענע מענשען ווי ד מאַנסבילען.

און, צוריק געשמועסט, איז דיין שמואל משה קיין שניידער נישט, קיין שוסטער נישט, ער זאָל אַוועקוואַרפען אַ ווייב פאַר אַנ'אַנדערע וועגען. דו טאָרסט עס גאָר נישט טראַכטען ! דאָס איז פאַר מיר גלאַט אַ חלול הכבוד ! און זיי וויסען, אַז דיינע רעד שטעכען מיר ווי מיט מעסער ; און לייב חזן מיט דער טאָכטער זאָלען זיך דאָס דערוויסען, וואָלטען זיי מיך פערלאָסט. איך וואָלט געבליבען איינער אַליין ווי אין אַ מדבר. עס וואָלט אַ פאַל געוועזען אומצוקומען, וואָרום דאָס לשון קען איך נאָך נישט, קוים איינציגע ווערטער און ווייס נאָך נישט, וואו אוים און וואו איין.

און צונדערט בעט איך דיך, און בעט דיך זעהר, מיין ליבע חנה, זאָלסט נעהמען דאָס קינד ביים הענדטעל, און זאָלסט מיט'ן הענדטעל איבער-געהן אויפ'ן פאַפיר, ער זאָל מיר עפּיס צושרייבען ; לאָמיך פון איהם זעהן כאָטש אַ צורת אות ! רבונו של עולם, וויפיעל מאָל שטעל איך מיך אַוועק אין אַ זייט, איינער אַליין אין אַ ווינקעלע, און וויין מיך גאַנץ גוט אוים ! און אויף וואָס וויין איך ? אויף דעם, וואָס איך בין נישט זוכה צו לערנען מיט מיין קינד תורה ! האָב איך וועניג האַרצוועהטאָג דערפון, קומען נאָך די בריעף דיינע, און שיטען מיר זאַלץ אויף די וואונדען. אָט, היינט האָט מיך לייב חזן געבעטען, און גענענדיל, דאָ הייסט זי סאָפיאַ, האָט אויך צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, איך זאָל געהן מיט זיי, הערען ווי זי זינגט, און זעהן ווי זי טאַנצט, און איך האָב נישט געוואָלט ; האָט לייב חזן ווייטער געזאָגט : נאַרישער חסיד, זי האָט פערצויגען מיט'ן נעזעל ; נאָר מיין דאגה ! איך וועל מיר געהן אין מיין דרך און וועל נישט אַראָב אויף אַ האָר !

בלייב געזונד, דו און אונזער קינד, ווי עס ווינשט דיר, דיין מאַן
שמואל משה.

זעה למען השם, די זאַך וועגען די קליידער זאָל בלייבען בסוד. עס זאָל דערפון, ביי אונז אין שטעדטעל, קיין ילוד איש נישט וויסען, איך וואָלט מיך געשעמט די אויגען אויפצוהויבען.

בעלך שמואל משה הנ"ל.

# פּיערטער בריעף.

אל אשתי הצנועה מרת ח נ ה תחיה.

אין צעהן בריעף, האָב איך גנענדיל'ס נאָמען נישט געברענגט איבערן מויל, איך האָב אפילו, דעם פאָטער איהרען, לייב חזן, נישט דערמאַהנט. מיט גרויס מיה האָב איך מיר געדרונגען אַנ'אַנדערע דירה, ביי אַ היעגען שוחט און האָב זיי שוין כמה וואָכען נישט געזעהן. און דו הערסט נאָך אַלץ נישט אויף צו שרייבען גנענדיל און גנענדיל, און סאָפיע און סאָפיע! און וואָס ווילסט דו פון איהר? וואָס? איך זאָל אַזוי געזונד זיין מיר ביידע זאָלען אַזוי געזונד זיין, אויך זאָלען מיר אַזוי זוכה זיין צו זעהן זיך, צוזאַמען מיט'ן קינד, אין-פריידען, ווי איך האָב אַליין געזעהן, ווי סאָפיע איז אַריינגעקומען צום פאָטער אין פאַבריק, און עס איז צו איהר צוגעגאַנגען דער דירעקטאָר אַליין, און האָט אָנגעהויבען מיט איהר צו רעדען, חנ'-דלעך צו מאַכען; און, הגם איך האָב נישט פערשטאַנען, וואָס ער רעדט צו איהר, ווייס איך דאָך, אַז ער האָט געמיינט נישט קיין מצות און מעשים טובים, און האָט זי נאָך געוואָלט אָנגעהמען ביי אַ באַק. נו, וואָס קלערסט דו? איך בין נבהל ונשתומם געוואָרען, אַזאַ פּאַטש האָט זי איהם דערלאַנגט איבער דער האַנד! און, האָסט נאָך געוואָלט זעהן, מיט וואָס פאַר אַ גאוה זי האָט זיך פון איהם איבער-געדרעהט און אַוועקגע-גאַנגען. איך האָב מיך פשוט מחיה געווען...

זעהסט דו דאָך בחוש, אַז נאָך אַלע זאַכען איז גנענדיל אַ כשר קינד, און דו ביסט אויף איהר מוציא לעז בחנם. דו שרייבסט, אַז זי וויל מיך אַריינכאַפּען ווי אַ פיש אין אַ נעטץ אַריין און נאָך אַזעלכע נאַרישקייטען, — שווערען קען איך דיר, יום-כפור ביי אַ ספר תורה, אַז עס איז שקר. און דאָס דיר צוליעב דערווייטער איך מיך פון איהר, מייד זי אויס ווי ווייט מעגליך איז. טרעפט מען זיך, ענטפער איך איהר אויף הונדערטער ווערטער מיט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ. און ווייטער דאָס זעלבע: באמונה שלי, אַז דו ביסט זי חושד גאָר אומזיסט; דו זינדיגסט, חס ושלום, פאַר גאָט! נאָר דאָס איז נאָך גאָר נישט, איך וואָלט עס, ווי אַלע מאָל, פער-שוויגען, איז אָבער דערפון אַרויסגעקומען אַ מעשה, וואָס — גאָט זאָל שומר ומציל זיין! איך וואָלט בעסער געוואָלט, די ערד זאָל מיך איינ-שלינגען, איידער אַזאַ בושה!

בײַ דער אַרבײַט איז מיר אײנמאָל, יענע וואָך, נישט גוט געוואָרען; עפּיס האָט מיר אָנגעהויבען צו שווינדלען פאַר די אויגען. איך האָב אָנגעהויבען חלש'ען. אַז איך בין צו מיר געקומען, בין איך שוין געלעגען בײַ מיר אין שטוב אויפ'ן בעט. בײַם בעט איז געשטאַנען אַ דאָקטאָר. געזאָגט האָט ער, אַז עס איז אַ פיבער, — אַזוי רופט מען דאָ קדחת. אָבגעלעגען בין איך אַ טאָג צעהן. און איבער דער גאַנצער צײַט איז לײַב חזן נישט אָבגעטרעטען פון מײַן בעט, און האָט מיך געראַטעוועט ווי אַנ'אײגען קינד. שפּעטער בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז, ווען איך בין געלעגען אין היץ, פלעגט סאָפיע אויך קומען מיך מבקר חולה זײַן... און פונקט דעמאָלט איז אײנמאָל אָנגעקומען דײַנס אַ קאַרטעל, אין וועלכען דו האָסט אויסגעגאָסען דײַן ביטער האַרץ אויף דער אומשולדיגער סאָפיע... זײ האָבען אַ ודאי און אַ ודאי די קאַרטע געלײענט, וואָרום איך בין דאָך געלעגען אין דער היץ...

און, ווען דו האָסט געשריבען דײַנע מיאוסע רעד, דײַנע זלזולים, די בלבולים דײַנע, האָבען זײ דאָ פאַר מיר כמעט דאָס לעבען געשטרעקט... גערופען דאָקטוירים, געבעט און איבערגעבעט, רפואות דערלאַנגט און עטליכע אײגענע חפצים פערזעצט, עס זאָל זײַן מיט וואָס צו ראַטעווען. אַ פלאַש ווײַן אפילו האָבען זײ מיר געבראַכט. איך האָב זי אפילו נישט אָנגערירט מיט'ן מויל: אמת נסך! נאָר זײַן מײַן איז דאָך גוט געוועזען... אַחוץ דעם פלעגען זײ מיר דרײַ מאָל אין טאָג מעסטען מיט אַ גלעזערן רעהרל די היץ, אַזוי הײסען דאָ די דאָקטוירים... און ווער האָט מיר דאָס אַלץ דערצעהלט? טאַקי דער שוחט מיט'ן ווײַב; זײ האָבען מיר דאָס אַלץ דערצעהלט. ווען נישט לײַב חזן און סאָפיע, וואָלסט דו שוין הײַנט, חס ושלום, אַנ'אַלמנה געוועזען! שרײַבסט דו אין דער אײגענער צײַט אַזוינע נאַרישע הבלים. פּע, אַ חרפּה און אַ שאַנד! איך ווײס גאָר נישט, ווי דו וועסט קענען קומען קײַן אַמעריקא, ווי דו וועסט גאָר קענען זײַן אין אַמעריקאַ!

איך האָף, מײַן ליבע חנה'לי, אַז דו וועסט אַוועקוואַרפען די נאַרישקײַטען, און פון הײַנט מאָל אָן, וועסט דו מיר שוין דאָס לעבען מיט אַזוינע בריעף נישט פערביטערן.

אָפט שלאָף איך נישט בײַ נאַכט. דאַכט זיך מיר דעמאָלט, אַז איך זעה בהוש, ווי דו זיצסט דאָרט בײַם טיש און שרײַבסט צו מיר אַ בריעף. דו שרײַבסט און מעקסט, שרײַבסט און מעקסט, און איך זעה דעם בריעף.

אָבער פון ווייטען דערקען איך נישט די אותיות און איך האָב גרויס צער דערפון, וואָס איך קען דעם בריעף פון דער ווייטען נישט לייענען, און דו נעהמסט די פעדער. לעגסט זי דעם קינד אין הענדטעל אריין, — אויף דער שוים ארויף האָסט דו עס גענומען, — און פיהרסט מיט זיין הענדטעל!

און דו זעהסט, מיין ליעב ווייב, אַז איך שיק דיר וואָך ביי וואָך פינף דאָלאר; אַז איך קום אוים מיט אַזוי ווענינ. און אין גאַנצען האָב איך נישט מעהר, ווי דריי העמדער; וואָרום בעטען סאָפּיאַן, זי זאָל מיר קויפען, קען איך נישט. און די שוחט'קע איז אַ יולדת און געהט נאָך פון בעט נישט אַראָב, און מאָרגען וועט זיין, אם ירצה השם, דער ברית מיט מזל...

יאָ... נישט דאָס אָבער מיין איך. דער עיקר איז — זיי אַ מענש, פאַר זיך און פאַר מיר, דיין מאַן,

שמואל משה.

צושריפט אין דער זייט איבער דער גאַנצער לענג פון בריעף:

די מינוט בעקום איך פון דיר ווידער אַ בריעף. אַצונד מיין חנה'לי זאָג איך דיר שוין בפירוש און בפרוטרוט, אַז דאָס איז אַ פשוט'ער שגעון, רחמנא ליצלן! טאַקי, ווי מען זאָגט, מויל און אויערן אויפצושטעלען, אויף וואונדער צו לויפען! דו שרייבסט, אַז דו קענסט דיר אויך לאָז וואקסען צעפ און רעדען מיט פריצים, אַז דו קענסט אויך זינגען און טאַנצען — און, אַז דו וועסט צו פוס אוועקגעהן צום רבי'ן און אָבגעבען אַ קוויטעל, ער זאָל שיקען אַ מיתה משונה אויף מיר און אויף זיי — — —

וואָס שרייבסט דו? וואָס איז עס פאַר דבורים?
רבונו של עולם, וואָס איז מיט דיר געוואָרען?

איך קלער און קלער און ווייס שוין נישט וואָס צו קלערען! איך זאָג דיר מיין עצה: זאָלסט אוועקוואַרפען דיין לשון הרע, מיט'ן רכילות מיט די קללות! עס פאַסט נישט פאַר דיר! און איך זאָג דיר, בלי נדר ובלי מסקנא, אַז באַם דו וועסט מיר נישט גיך און באַלד שרייבען אַ בריעף, ווי אַ כשר יודיש ווייבעל דאַרף שרייבען, וועל איך דיר פשוט נישט ענטפערן; איך וועל שיקען אַ שליח מיוחד נאָכ'ן קינד אָהן

דיר... הערסט? אז ניִשט,.. וועל איך מיך ווארפען אין ים אריין!...
עס איז א פאל, חס ושלום, משוגע צו ווערען!

דיין מאן, הנ"ל.

---

ג) צוויי בריעף, וואס חנה האט בעקומען פון
איהר קרובה פון לובלין אונ פון איהר ברודער.

---

## צווייטער בריעף.

ידידתי, שארת בשרי, האשה הצנועה והחשובה, מרת חנה תחיה

ליעבע חנה! דו ביזט געוועזען א גאנצער נאר און א האלבער נביא, אז דו האסט מיר געשיקט א צווייטען בריעף! ווארום דער ערשטער בריעף איז אריינגעפאלען מיין זולל וסובא אין דער האנד אריין; ער האט איהם אריינגעלעגט צו זיך אין קעשענע, און, ברוך השם, פערגעסען אבצוגע-בען! אזוי איז זיין שטייגער, א חוץ פרעסען און זויפען ליעגט איהם גאר נישט אין זינען. נאר, אז איך האב בעקומען דעם צווייטען בריעף, איז מיר באלד איינגעפאלען, צו זוכען ביי איהם אין קעשענע. און, אז מען זוכט, געפינט מען.

חנה'לי קרוין! לעזענדיג דיינע צוויי ביטערע בריעף, האב איך גע-מיינט, אז מען שלאגט מיך מיט א האק אין קאפ אריין. פאר גרוים צער האב איך נישט געוואוסט, וואו איך בין אין דער וועלט. תיכף ומיד האב איך מיך אבער בערוהיגט. איך האב מיר אזוי געטראכט: למשל, ווען מיין משוגענער מאן וואלט געוואלט עוקר זיין קיין אמעריקא — נו? וואלט איך דאך מיר געמאכט סעודת פורים, געלאזט זיך כלי-זמר שפיעלען!

ווארום בערעכען: די גאנצע פרנסה מיינע איז, ווי דו ווייסט, פון פעסעל סמאלע. דארף איך, ברוך השם, נישט זיין לאסקע. במילא, קען איך גאר נישט פערטראגען זיינע תנועות און הויות, אז ער קומט צו מיר אין געוועלב אריין.

אַ יודענע, ענטפערט ער ניט, דער חסיד! נעהמט ניט אויס דער האַנד! און, זאָגט ער אַ מאָל אַ קונה, אַ מאַנסביל, אַ מקח, איז עס טאַקי אונטערן קרן! נעהמט ער געלד, נאַרט מען איהם אַריין פאַלשע און אָבגעריבענע מטבעות! טהוט ער מיר שוין די טובה, און נעהמט אַ שטיקעל קרייט אין האַנד אַריין, און מאַכט אַ חשבון! זאָל מען מיר אַזוי רעכענען מיינע זינד אויף יענער וועלט, ווי ער בערעכענט מיין סחורה!

און דאָס, וואָס דיין מאַן, האָט דיר ניט איבערגעלאָזט קיין גט, איז מיר גאָר קיין גרויס וואונדער ניט; וואָרום מיין מאַן דער משוגענער, לעקט ביי מיר ניט קיין האָניג, וויל מיר אויך קיין גט ניט געבען! און צו וואָס זאָל ער מיר געבען אַ גט? עס פעהלט איהם עפּיס ביי מיר? ער האָט זיך זיין פיינע דירה, קומט ער אַהיים, איז גרייט אַ וואַרעמעס, דאָס בעט איז געבעט צו דער צייט, משבת לשבת — אַ ווייס קלאָר העמד? פיעל מאָל איך בעט איהם מיט גוטען, ער זאָל געהן צו אַלדי רוחות, און ער — גאָר ניט! ער זאָל זיך עס אַ ריהר טהון! און אַז איך שילט איהם אָדער וואַרף איהם עפּיס אין קאָפּ אַריין, רוקט ער זיך אָב אין אַ ווינקעל, מאַכט אַ רחמנות פּנים, נעהמט נאָך אַ מאָל מים אויף די עיניים; און איך נאַר קריג אויפ'ן רחמנות! גיב איהם נאָך עסען און טרינקען, און ער געהט זיך אַוועק!

און וואָס דו שרייבסט מיר וועגען דיין משפּט, זיי וויסען, שוועסטער חנה, אַז איך האָב דאָ אַנ'אַדוואָקאַט גאָר אַ מפורסם, וואָרום, צו מיין בעז מזל, האָב איך אַלץ־אין־איינעם ספּראַוועס מיט די קעכינס די חצופות; הערסט דו, חנה'לי, אַזעלכע דיענסטען, ווי מיר האָבען דאָ אין לובלין, איז אויף דער וועלט ניט דאָ! וואָס זאָל איך דיר זאָגען, פרעסערקעס און זויפערקעס, גנב'ענן מיט די אויגען, אַנטלויפען נאָך פאַר'ן קוואַרטעל און גיבען מיר נאָך אין סאָנד אַריין, איך זאָל זיי בעצאָהלען פאַר אַ קוואַרטעל! און אין סאָנד איז היינטיגע צייטען, רחמנא ליצלן, קיין הלוק ניט צווישען אַ דיענסט און אַ בעל־הבית'טע, און איך מוז שטעהן מיט איהר אין איין שורה! איך טאָר אפילו אַ מויל ניט עפענען, אַ וואָרט ניט רעדען, וואָרום באַלד גיט דער סודיאַ אַ קלונג מיט'ן גלעקעל און פערשרייבט שטראָף ביז דריי רובעל. דעריבער געה איך טאַקי ניט אַליין אין סאָנד אַריין, און האָב מיר אויסגעזוכט אַ גוטען אַדוואָקאַט, אַ מויל — שוועבעל און פעך, און ער פיהרט מיר שוין אויס די זאַך, ווי עס געהער צו זיין.

ער האָט מיר אַליין געזאָגט, אַז דער סודיא האָט מיך שוין וויפיעל מאָל געוואָלט איינ׳ישב׳ען פאַר אַ בלבול, פאַר וואָס איך רייס אַ דיענסט ביי די האָר, אָדער אַזוי פאַר אַ מתנה יד! קען ער אָבער נישט, ווארום דער אַדוואָקאַט מיינער האָט ביי זיך אַלע סאָנדאָוועס ביכער, ווייסט אַלע, אָבער טאַקי אַלע זאַקאָנעס, און קלויבט אויס פאַר מיינעטוועגען די בעסטע זאַקאָנעס, און שטיכט איהם דערמיט די אויגען אויס און ער בלייבט זיצען ווי אַ גולם — וויל יאָ, וויל נישט, שרייבען מוז ער: פטור, פטור!

און תיכף ומיד, — אַז איך האָב דיין בריעף בעקומען, און האָב דעם פריהערדיגען געפונען ביים בטלן מיינעם אין קעשענע — בין איך גע־לאָפען צום אַדוואָקאַט, און ער האָט מיך אויפגענומען מיט גרויס כבוד, טאַקי ביי זיך אין פיינעם קאַבינעט, און האָט מיר געבעטען זיטצען אויף די פלושענער סאָפאַ.

איך האָב איהם דערצעהלט דיין גאַנץ עסק, פון אַלף ביז תיו, טאַקי ביז אויף דער האָר; און ער האָט אַלסדינג געלאַסען אויסגעהערט, הגם דאָס פּאָרצימער איז געווען פול און פול מיט מענשען. ער האָט אויסגע־הערט און איז זיך אַרומגעגאַנגען אין זאַל אויף און אָב.

דערנאָך האָט ער אָבגעזיפצט און געזאָגט, אַז לויט די זאַקאָנעס, האָט אַ טאָכטער דעם אייגענעם דין וואָס אַ זוהן, און קריגט אַ גלייך חלק ירושה ווי ער. איז דאָך, דאַכט זיך, גוט? איז אָבער פאַרהאַן אַ שלעכטער פונקט, אַז אַ ווייב קען נישט מאָהנען אין סאָנד, אָהן דעם מאַנס ידיעה. זי איז אין זיין רשות און מוז האָבען זיין פלעני־פּאָטענציע...

און אַז איך האָב איהם געזאָגט, אַז דו ביזט, לא עליכם אַנ׳ עגונה, אַז דער מאַן דיינער האָט דיך אַוועקגעוואָרפען, און דו מעגסט, לויט מיין שכל, טהון אַלץ וואָס דו ווילסט, האָט ער זיך מיר געשטעלט קעגענ־איבער און געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אין דער ברייט, לא מיט אַנ׳אַלף — הייסט עס!

און תיכף איז ער צוגעגאַנגען צו דער שאַנק, האָט זי געעפענט, און אַרויסגענומען אַ בוך, נאָך אַ בוך; אַריינגעקוקט און אַוועקגעלעגט, אַריינ־געקוקט און אַוועקגעלעגט, און דורכגעוואָרפען אַזוי כמה וכמה ביכער, קליינע און גרויסע און נאָך גרעסערע; איינער איז געווען אַ גראָבער, איך זאָל נישט זינדיגען מיט די רעד, ווי אַ דבר אחר, און דאָרט, אַ פּנים,

האָט ער געפונען, וואָס ער האָט געזוכט, וואָרום ער האָט געקוקט און געקוקט.

און דערנאָך זאָגט ער מיר, אַז אויב עס וועט פאַרבייַגעהן פינף יאָהר זייט דייַן מאַן איז אַנטלאָפען, און דו וועסט ברענגען אַ פּאַפּיער פון וואָיט פון דייַן שטאָדט, אַז אין די גאַנצע פינף יאָהר האָט זיך דייַן מאַן נישט געוויזען, וועט ער, דער אַדוואָקאַט, אייַנגעבען פאַר דיר אַ פּראָזשבע אין סאָנד אַרייַן, און דער סאָנד וועט דיר געבען רשות צו פּראָצעסירען אָהן דעם מאַן.

אַזוי האָט ער אויסדריקליך געזאָגט, און איך גיב דיר איבער זייַנע דבורים וואָרט בייַ וואָרט.

איך האָב איהם געגעבען אַ רובעל, האָט ער זיך אפילו געקריִמט, אַ פּנים, ווענִיג, נאָר גענומען האָט ער; זאָלסט דו מיר, חנה'שי קרוין, דעם רובעל, למען השם, באַלד אָבשיִקען, וואָרום די פּרנסה איז זעהר געשלאָגען, און סמאָלע איז הייַנט גאָר קייַן גאַנגבאַר אַרטיִקעל נישט...

צונד צוריק צו דער זאַך:

עס קומט אוים אויף מייַנע רעד! איך זאָג שוין דאָס אַלע מאָל, אַז די תורה הקדושה (זייערע זאַקאָנעס, להבדיל, אַ ודאי!) האָט אונז איבער־געגעבען אין גזל'נישע הענד אַרייַן. אַ מאַנספּיל, אַ גולם, אַ לא יוצלח, מעג גט'ן דאָס ווייַב ווען ער וויל; אַליין, צי דורך אַ שליח, און אַזאַ אֵשת חיל, למשל, ווי איך בין, קען נישט פּטור ווערען פון אַ מאַן אַ בטלן, בשום אופן וצד!

געהען מיר בייַדע אויף אַ ברית, שטאָפּט מען איהם מיט פיש און פלייש, פון אַלעם גוטען, און איך — בעקום מילכיגע ציִקאָריע!

זיִטצט ער אין סוכּה, מוז איך איהם אַרייַנשיִקען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע, און פאַר זיך לאָזען די בייַנער!

3 וואָכען, 9 טעג, און אַלע תעניתים האָב איך גלייַך מיט איהם; שמחת תורה איז זייַן!

ער געהט צו'ם רב, איהם גיט מען מעד מיט עפּעל! און וואָס וועט זייַן דאָרטען, מישטיינס געזאָגט — דער גן־עדן מייַנער? איך וועל זייַן דעם משוגענעם'ס פוסענבענקעל, ער וועט זיך דאָרט זיִטצען אויף אַ פאַטער־שטוהל, און איך וועל זייַן, זייַן פוסענבענקער!

דאָ אויף דער וועלט איז ער לכל הפּחות אַ שוואַכער בשר ודם, האָט ער פאַר מיר מורא; אָבער וואָס אין גן־עדן וועט זייַן, פרעג מיר

בחרם! און, זאגען זאג איך דיר אויסדריקליך, זאל ער מיר דארט א שטוים טהון מיט'ן פוס, ווייסט דער אויבערשטער, וואס דערפון וועט ארויסקומען!

און צוריק געשמועסט; וואס טויג דיר א גט? גלויב מיר, אלע הינד האבען איין פנים! אלע — נישט ווערטה א דרייער! ווייסט דאך — מיין שוועסטער מרים האט צעהן געהענדיגע יאהר געליטען פון איהר מאן, איידער זי האט פון איהם ארויסגעקריגען א גט; דערפאר האט זי איהם אוועקגעגעבען דאס געלד, די מלבושים, מיט איין ווארט — הכל כאשר לכל. נו, דאכט זיך, מזל און ברכה!

האט זי וויטער חתונה, טוישט זי שופרות אויף קאנע־ביינדלעך, א בייער בטלן צום קארמען! זי שרייט וויטער א גט; ער הערט זי ווי'ן רב און זי האט שוין נישט מיט וואס צו בעצאהלען!

בקיצור, שוועסטער חנה, אונזער מוטער חוה האט געזינדיגט און מיר ליידען פאר איהרע זינד! און אייביג וועלען מיר אזוי ליידען! דען — פאר א מאן קען מען אפילו אין קבר נישט ענטרינען. לעבדים ולשפחות האט מען אונז פערקויפט, אפילו אויף יענער וועלט אויך! — אזוי איז געוועזען פערצייטענס, אזוי איז היינט; און לעתיד לבוא וועט אויך אזוי זיין, מען מוז ליידען! ווארום וואס זאל מען טהון, אז עס איז דעם רבונו של עולם'ס רצון אזוי.

דעריבער, שוועסטער חנה, האב בטחון אויף גאט, ברוך הוא, פערבלייב געזונד און פערגעס דיין מאן! אין אמעריקא, איז ער אודאי ארוים לתרבות רעה. אזוי טהוען זיי שוין שטענדיג, ימח שמם, אז זיי קומען קיין אמעריקא!

אין דער התחלה שרייבען זיי צוקער־זיסע בריוועלעך, שיקען געלד; דערנאך ווערט עס וואס א מאל וועניגער; שרייבט מען און מען שיקט שוין געלד א מאל אין א יאהר, דערנאך — איינמאל אין א יובל... זיי ברויכען דארט נישט זייערע ווייבער! זיי האבען דארט, רחמנא ליצלן אנדערע, בעסערע, פלינקערע ווייבער.

איך זאל נישט זינדיגען מיט די רעד, ביי אונז אין לובלין איז אין דער יודישער גאס, נישט דא קיין הויז אהן אנ'עגונה! שרייב דריי פאי'ן, זאג איך דיר, פערגעס! זאל זיך דיר דאכטען, אז דו ביזט אנ'אלמנה, חס ושלום, אדער א גרושה!

זעה בעסער צו טהון אין דיינע ציבעלעס. זאל דיר השם יתברך,

שיקען הצלחה אין דיין עסק, זאָלסט מצליח זיין, וואו דו וועסט זיך נאָר קעהרען און ווענדען. ווי עס ווינשט דיר דיין קרובה,

(די אונטערשריפט איז נישט צום איבערלעזען).

איך בעט דיך, למען השם, דו זאָלסט מיר וואָס צום געשווינדסטען אָבשיקען דעם רובל, ווארום מיין מאַן, דער זולל וסובא, האָט שוין פּעראיבעל אויף מיר, צו וואָס איך האָב אויסגעלעגט דעם רובל.

(די זעלבע נישטלעזבאַרע אונטערשריפט).

---

# צווייטער בריעף.

לאחותי הצנועה, הנגידה, החשובה מרת חנה תחיה.

ערשטענס מעלד איך דיר, טהייערע שוועסטער, אז מיר זענען, ברוך השם, אַלע בקו־הבריאה, חוץ אשתי חוה'לע, תחיה, וואָס דער הוסט, לא עליכם, לאָזט זי נישט אָב א רגע, און תיכף, אם ירצה השם נאָך דער חתונה, וועט זי מוזען פאָהרען קיין ווארשוי צו'ן אַ דאָקטאָר.

רצוף בזה, שיק איך איין אַ חתונה־בריוועל. זאָלסט זעהן, למען השם, צו קומען אויף דער חתונה און מקבל תענוג זיין, נאָר, למען השם, בעט איך דיך, אז זאָלסט מיר נישט שטערען דעם נחת פון בתי תחיה, און בעהאַלטען אַלע טענות ותביעות אויף נאָך דער חתונה.

קיין כלה־מתנה ביסט דו נישט מחויב צו ברענגען. אויב עס געהט דיר ווענען דער בושה, וועט זיך נאָך, אם ירצה השם, געפינען עפּיס אין שטוב פאַר דיר פאַר אַ מתנה; איך וועל דיר נישט קאַרגען. בלוט איז קיין וואַסער נישט און אַ שוועסטער בלייבט שוועסטער.

און וואָס דו שרייבסט, אַז דו האָסט קיין מלבושים נישט, איז אויך נאַריש. קענסט דיר באָרגען אַ מלבוש, אָדער דאָרט, אָדער דאָ, אַז דו וועסט קומען.

און וואָס דו שרייבסט, דו קענסט דיך נישט טרייסטען נאָכ'ן ילד וואָס איז נפטר געוואָרען, — זיי וויסען, שוועסטער לעבען, אַז — ה' נתן

וה׳ לקח. קינדער זענען אַ פּקדון פון גאָט, ברוך הוא, און אַז ער וויל אָבנעהמען דאָס פּקדון, טאָר מען אפילו נישט מהרהר זיין, נישט איבערקלערען, חס ושלום!

און וואָס דו שרייבסט, אַז דו האָסט מורא, דיין שמואל משה זאָל נישט געוואָהר ווערען, אַז דאָס קינד לעבט נישט און דורך דעם, זאָל ער זיך, חס־ושלום, פון דיר אין גאַנצען נישט אָברייסען, — איז אויך אַן׳אומזימטער חשד... גלויב מיר, שוועסטער חנה, אַז עס איז גאָר נאַריש. וואָרען — ממה נפשך: איז אמת, וואָס לייטען זאָגען, אַז שמואל משה איז געוואָרען אוים שמואל משה, חס ושלום, אַז ער איז אַוועק גאָר אין אַנדערע דרכים, — איז אַלץ איינס, צי דאָס קינד לעבט, צי ניין; נישט ער דאַרף דיך, נישט דו קענסט דיך האַלטען אָן איהם!

אויב ווייטער, ווי איך האָף צו זיין ליעבען נאָמען, דאָס אַלץ איז נישט געשטויגען, נישט געפלויגען, נאָר אַ בלבול פון בייזע מיילער, און, ווי איך גלויב באמונה שלמה, שמואל משה איז טאַקי שמואל משה, דער מופלג, דער פרומער יוד, האָסט דו נישט וואָס מורא צו האָבען! פערקעהרט, ביי האַלב הוצאה וועט איהם צונד לייכטער זיין דיך אַראָבצונעהמען אַהין, און איהר וועט לעבען בשלום ושלוה כנהוג בישראל...

און וואָס דו האָסט פון איהם אַזוי לאַנג קיין ידיעה נישט, — מה רעש? עס איז דאָך, דאַכט זיך, מעבר לים! וויפיעל שיפען געהען אונטער, רחמנא ליצלן; וויפיעל בריעף־טרעגער קענען אומקומען אויף אַזא מהלך. און אפשר מוזען נאָך די שיפען דורכגעהן אויף דעם אָרט, וואו, דער ספר הברית שרייבט, אַז דאָס וואַסער שטעהט ווי אַ באַרג און עס איז טאַקי סכנת נפשות. דאַנק זיין ליעבען נאָמען, וואָס דיין שמואל משה איז בשלום אַריבער! דאָס פאָהרען למדינת הים האַלט איך טאַקי פאַר אַן׳עולה, עס איז אַ סימן פון וועניג בטחון, וואָרען ווער עס האָט בטחון ווייסט, אַז וואו גאָט וויל, דאָ העלפט ער, און עס איז נישט כדאי איינצושטעלען דעם גוף מיט דער נשמה! וואָרען, לויט מענשען דערצעהלען, איז אַמעריקאַ פאַר דער נשמה אַ סך מסוכנ׳ער, ווי דער ים צום גוף. דאָס יודישקייט, זאָגט מען, גיט מען באַלד אָב אויף דער שיף, ווי דער ים גיט זיך נאָר אַ שאָקעל! באַלד עסט מען פת עכו״ם, מען קלייךט זיך דייטש, ווייבער טראָגען שייטלען! און יש אומרים — אפילו אייגענע האָר. און, אַ והא ראיה, — מען זאָגט, אַז אין גאַנץ אַמעריקאַ איז קיין איינציגער גוטער יוד נישט דאָ. און איך ווייס טאַקי נישט, ווי אַזוי מען

לעבט דאך, ווי אזוי מען גיט זיך אַן עצה ביי פרנסה זאכען, אָדער אז מען ווערט, חס ושלום, קראַנק, צי וואָס א מענש קען זיך טרעפען! איך זאג דיר, אז ווער עס פאָהרט אין א טומאה אַריין איז טאַקי מתחייב בנפשו, געהט ער טאַקי ווי אַ נאַריש פויגעלע אַליין אין דער נעץ אַריין! און בפרט אַ יוד אַ למדן. וואָרען, וואָס גרעסער דער מענש איז. איז גרעסער די סכנה, מעהר לאָקערט אויף'ן, רחמנא ליצלן די קליפה, און וויל איהם גובר זיין, צי מיט עשירות, צי מיט נשים יפות; די קליפה האָט שוין איהרע כלים צו דער אַרבייט..

דעריבער איז מיין עצה פאַר דיר, אַז כל זמן דו ווייסט נישט, וואָס דאָרטען טהוט זיך, פערגעס אָן דער זאַך! האָסט דו פרנסה פון די ציבעלעס, איז מה טוב; חס ושלום, — נישט, האָב איך פאַר דיר אַן אַנדערע עצה. אם ירצה השם, אַז דו וועסט קימען אויף דער חתונה, וועל איך שוין זעהן שלום צו מאַכען צווישען דיר און אשתי חוה'לע תחיה. פאַרט איין פלייש און בלוט. און בטבע, זיי ווייסען, איז זוגתי חוה גיטל וועהר אַ גוטע; זי וועט דיר בודאי מוחל זיין, און, אַז עס וועט זיין שלום ושלוה, און זי וועט פאָהרען באַלד, אם ירצה השם, נאָך דער חתונה, קיין וואַרשוי, — וועסט דו בלייבען בעל־הבית'טע. און אַז זי וועט, אם ירצה השם, בשלום און געזונד צוריק קומען, וועט זיך אויך נאָך געפינען פאַר דיר אַן אָרט ביים טיש, ווי אויך אין שטוב — אַ בעט צו שטעלען. עס זענען שלעכטע צייטען, נאָר א שוועסטער איז אַ שוועסטער, שניידט מען דינערע שטיקלעך הערינג.

נאָר אָהן דעם אַלעם האָבען מיר דאָך אַ גרויסען גאָט, ברוך הוא!
ער זאָל נישט קענען שפייזען איין בשר ודם — אַ יודענע!
נאַרישקייטען!

און אויף דער חתונה זאָלסט דו, למען השם, קומען פריה, זאָלסט קענען חוה גיטלען אַביסעל צוהעלפען. אויף דעם איז מען אויך אַ שוועגערין! דו דאַרפסט זעהן, מען זאָל נישט מוזען, אין היינטיגע שלעכטע צייטען, צונעהמען נאָך אַ סאַרווער צי אַ קעכין... נאָר למען השם, פון דעם וואָס איך שרייב דיר דאָ, דער עיקר וועגען איבערבלייבען ביי אונז אויף שפעטער, זאָל בלייבען ביי דיר בסוד, חוה גיטל זאָל נישט וויסען, אַז איך האָב אַזוינס געשריבען. דאָס דאַרף זיך אַליין מאַכען, פון זיך אַליין... דו ווייסט אַז חוה גיטל האָט פיינד, מען זאָל איהר אין שטוב זאַכען עצות געבען... און בטוח בין איך, אַז עס וועט זיך מאַכען. אַ

יודענע בלײַבט אַ יודענע, כאָטש זי מײנט, אַז זי געהט אין ספּאָריק! דעריבער טאַקי שרײַב איך דעם בריעף, ווען זוגתי חוה גיטל איז נישט דאָ אין דער היים; זי איז אַרויסגעגאַנגען אָבשטעלען מיט'ן בדחן, מיט כּלי־זמר. איך וויל איהר אַפילו נישט זאָגען, אַז איך האָב דיר געשיקט אַ חתונה־בריוועל; לאָז זי מײנען, אַז דו ביזט אַזוי גוט און פרום געוועזען, אַז דו ביסט אַלײן געקומען!

און השם יתברך זאָל טרײסטען דיך מיט אַלע אבלי־ישראל, און לאָז אויסשפּרײטען די פליגעל פון רחמנות אויף אַלע עגונות, אָמן! כּן יהי רצון!

אַחותי חנה! ווי דו ווערסט דיך מישב זײַן, בלײַבען דאָרט אָדער קומען צו אונז אויף שטענדיג, — למען השם, אויף דער חתונה זאָלסט דו קומען! דורכאויס קומען! און דו ווערסט קײַן חרטה, חס ושלום, נישט האָבען! עס ווערט זײַן, אם ירצה השם, אַ שעהנע חתונה. עס קען נאָך מעגליך זײַן, אַז ער אַלײן, זאָל מאריך ימים ושנים זײַן ווערט קומען אויף דער חתונה. עס ווערט מיך קאָסטען אַ מטמון, נאָר עס איז כּדאי! פערשטעהסט דו, אַז אויף אַזאַ חתונה איז כּדאי צו קומען!

פון מיר, אחיך

מנחם מענדיל.

זוגתי חוה גיטל, איז בזו הרגע געקומען פון מאַרק, און זעה אַ סימן, אַז עס איז שוין אַזוי מן השמים בעשערט — זי אַלײן האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף מיך פאַר איהר מיט'ן בריעף נישט צו בעהאַלטען, אַז זי האָט אויף דיר קײַן פעראיבעל נישט. איהר עצה איז, זאָלסט פער־קויפען די ציבעלעס, מאַכען זיך אַ מלבוש, און קומען לײַטען גלײַך, ווי אַ טהײַערע מחותנת'טע, אויף דער חתונה.

קײַן מתנה, זאָגט זי אויך דאַרף מען נישט. און האַנדלען מיט ציבעלעס קען מען, זאָגט זי, בײַ אונז אויך.

איך זאָג דיר, אַז זוגתי חוה גיטל, איז אַ גוטע און אַ חֲכָמָה. און, אַז דו ווערסט נאָר נישט זײַן אײַנגעשפּאַרט, ווערט זיך אַלץ ענדיגען בכי טוב; ווערסט, מיט גאָטס הילף, זעהן!

אחיך הנ"ל.

---

## אַ נישט געענדיגטער בריעף פון חנה'ן צום מאַן.

מזל טוב דיר, מיין טהייערער כשר'ער מאַן, מזל טוב דיר!

נאַ דיר, הער פון אונז ישועות ונחמות! גאָט זאָל געבען, איך זאָל פון דיר אויך הערען אַזוינע גוטע בשורות, אַזויגע ישועות ונחמות; אָמן, כן יהי רצון! מיר זענען דאָך, ווי דו האָסט געשריעבען, אַ זווג אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט!

ערשטענס קום איך דיר, מיין טהייערער מאַן, צו מעלדען, אַז דער ברודער מיינער מנחם מענדיל שיחיה ואשתו חוה גיטל שתחיה, זאָלען ביידע דערלעבען משיח'ס צייטען, האָבען מיר אַלצדינג מוחל געוועזען, און האָבען מיך אַראָבגעבראַכט, אין אַ מזל'דיגע שעה, צו זייער טאָכטער אויף דער חתונה — אויף סאָשע ביילאָ'ס חתונה.

אַ חתונה איז געווען גאָר אַ שעהנע, שעהנער קען שוין נישט זיין! געלויבט איז השם יתברך, וואָס איך האָב זוכה געוועזען און דערלעבט צו זעהן אַזאַ חתונה! עס איז געווען מכל המינים פליישען, עוף און רינדפלייש; הייסט — פישען, אַזוינע פיש און געפילטע פיש, און נאָך אַלערליי מאכלים; אַ חוץ וויין, בראָנפען, הכל כאשר לכל...

און אַלץ איז געווען אַזוי געראָטען, אַזוי פיין! און איך אַליין האָב דאָס פלייש געקאָכט די פיש געפילט, דעם צימעס געמאַכט, צום טיש געגרייט, און פריהער נאָך אַלץ אַליין איינגעקויפט!

איך בין, ברוך השם, די גאַנצע בעל הבית'טע געוועזען! די סאַרווערקע אויך; וואָרען, געקומען בין איך נישט צוליעב דעם נחת אַליין.

איך האָב מיין ביסעל ציבעלעס פאַרקויפט, געמאַכט מיר אַ שטיקעל מלבוש און געקומען, אויף מיינע קרובים'ס פערלאַנג, גאַנצע אַכט טאָג פאַר דער חתונה; וואָרען עס האָט נישט געהאַט ווער צו טהון, מחמת די כלה אַליין איז פערטהון געוועזען אין די מלבושים, זי האָט פערברענגט ביז צום חופה-טאָג ביים שניידער, ביים שוסטער, אַפילו ביים גאָלדשמיד!.

און חוה גיטל, נעביך, די שוועגערין מיינע, — הוסט! און די מילץ, זאָגט מען איז ביי איהר נישט ווי עס דאַרף צו זיין!

בין איך טאַקי געווען די גאַנצע מחותנת'טע, פאַר דער חתונה, און נאָך דער חתונה, נאָר נישט אויף דער חתונה. בשעת החתונה בין איך געווען זעהר מיעד און פערמאַטערט. בין איך מיר געזעסען אין

א ווינקעלע און געוויינט פאר גרויס נחת, וואס איך האב זוכה געווען, חתונה צו מאכען מיין ברודערס טאכטער; אויך — וואס זי האט געהאט אזא לייטישע חתונה.

און אפילו נאך דער חתונה! האבען זיי מיך אויך, חס ושלום, נישט באלד ארויסגעטריבען.

תיכף נאך דער חתונה, איז די שוועגערין, זאל געזונד און שטארק זיין, געפאהרען קיין לובלין צו א דאקטאר, זיך אנ'עצה צו האלטען, צו וועלכען דאקטאר זי זאל פאהרען קיין ווארשוי.

דערנאך איז זי געפאהרען קיין ווארשוי, און איז אויסגעווען ביי אלע גרויסע דאקטוירים; פון דארט איז זי געפאהרען ערגיץ אנדערש, וואסער טרינקען, — מינעראל-וואסער הייסט עס, — און איבער דער גאנצער צייט, לערך זעכס חדשים, בין איך געווען די גאנצע בעל הבית'- טע אין שטוב. השם יתברך, זאל עס זיי געדענקען און זאל זיי דערפאר באלוינען!

קיין קעכין איז נישט געוועזען, האב איך געקאכט... און דערפון האב איך פיעל נחת געשעפט, ווי פון א ברונען!

ערשטענס, האב איך קיין צייט נישט געהאט צו קלערען און צו טראכטען, און בין, חס ושלום! נישט משוגע געווארען אפילו נישט פריינגעפאלען אין א מרה שחורה! און קיין צייט האט נישט געקאנט זיין, ווארען די שפע, איז ביי מיין ברודער, ברוך השם, גרויס.

די שענק איז ברוך השם. פול; מען לעזט שטיקער גאלד, הן פון יידען און הן פון גוים, להבדיל!

און מיין שוועגערינס, חוה גיטל תחיה'ס, געפילטע פיש האבען, ברוך השם, א נאמען אויף דער וועלט און אנ'עולם זיצט, ברוך השם! עסט און טרינקט.

האט זיך א מאל פאסירט אז איך האב פארט אנגעהויבען עפּיס איבערצוקלערען און האב מיך געוואלט פערטראכטען; איז אויף דעם געוועזען אונזער ביילא סאשע, זאל לעבען, זי האט מיך באלד דערמאהנט! און אנ'אויג האט זי, קיין עין-הרע, א גוטס, באלד דער- זעהט זי!

און אזוי איז אלץ געגאנגען בדרך הישר...

פאר גרויס נחת, וואס איך בין דא די גאנצע בעל הבית'טע, האב

איך איינמאָל אַרויסגעוואָרפען אַ טראָפּען בלוט פון האַלז, איין טראָפּען ניִשט מעהר.

דאָס האָט ווייטער דערזעהן מנחם מענדיל, זאָל געזונד זיין, האָט ער מיר אָנגעזאָגט זהיר והזהר, איך זאָל מיך ניִשט מאַכען וויִסענדיג! וואָרען, ווערט מען, ח"ו, געוואָהר, וועט מען, חלילה, ווייכען זיין שטוב. יוסיל גאַסט־הייזער פון געגענאיבער וועט באַלד זאָגען שווינדזוכט און פטור! אונזער זייט גאַס, וועט מיט גראָז פערוואַקסען ווערען!

ביילאָ סאָשע אָבער איז קליגער פאַר איהם. זי האָט באַלד פערשטאַנען, אַז עס איז ניִשט קיין שווינדזוכט. נאָר, אַז איך האָב געמוסט חאַפּען אַ שטיקעל פיִש און איינשלינגען, און צוראַצט זיך דעם האַלז מיט אַ ביינדעל. און, כדי איך זאָל, חס ושלום, ניִשט דערשטיקט ווערען, האָט זי מיר דערלאַנגט אין די פּלייצעם: דאָס ביינדעל זאָל אַריין אָדער אַרויס און ניִשט בלייבען, חס ושלום, שטעקען אין האַלז. פאַר גרויס ליעבשאַפט, האָט זי מיר צו אַ שטאַרקען קלאַפּ געטהון, דאָס ביינדעל פון פיִש איז אַוודאי אַראָב, נאָר דערביי האָבען מיינע ביינער אַ ביסעל געליטען...

דאָס אַלץ איז איבערגעגאַנגען בשלום, און, חוה גיטל, זאָל געזונד זיין, איז צוריק געקומען פון וואַסער טרינקען.

געקומען איז זי, געלויבט השם יתברך, פריִש און געזונד, אַ מחיה געוועזען צו קוקען! געלויכטען ווי די זון! היינט האָט זי אָנגעבראַכט מתנות, — גאָר פיינע זאַכען; פאַר זיך, פאַר'ן מאַן, פאַר דער טאָכטער מיט'ן איידעם... טהייערע מתנות, נאָר מיר האָט זי קיין מתנה ניִשט געבראַכט; איך בין, זאָגט זי, חס ושלום, קיין דיענסט ניִשט, מען זאָל מיר שענקען מתנות, מען צאָהלט מיר דען שכירות? איך בין דאָך געוועזען בעל הבית'טע!

חוה גיטל אַליין האָט כמה פעמים געזאָגט, אַז איך בין געוועזען די גאַנצע בעל הבית'טע, און האָב געטהון, וואָס מיין האַרץ האָט געגלוסט!

און קוים איז חוה גיטל געקומען, איז זי געוואָהר געוואָרען, אַז מנחם מענדיל איז איבער דער גאַנצער צייט, ניִשט געוועזען ביי'ם רבי'ן, האָט זי פערבראָכען די הענד, אַז די ביינער פון די פינגער האָבען געקנאַקט, און האָט מיך באַלד אַרויסגעשיקט אין מאַרק אַריין דינגען אַ פוהר.

נאָך דעם זעלבען טאָג איז מנחם מענדיל, זאָל געזונד זיין, אוועק־געפאָהרען אין אַ מזל'דיגער שעה צום צדיק.

און אויף מאָרגען האָט מיר חוה גיטל אַנ'עצה טובה געגעבען, איך זאָל צוזאַמען נעהמען מיינע זאַכען און געהן צו אַל'די גוטע יאָהר... וואָרען, ווי באַלד זי אַליין איז דאָ, און בײלאַ סאָשע העלפט איהר צו, בין איך דאָס פינפטע ראָד ביי'ם וואָגען, און וועל נאָך, חלילה, משוגע ווערען פון לעדיג געהן. זי האָט מיר געראָטען, ענטוועדער איך זאָל פאָהרען צוריק, פון וואַנען איך בין געקומען, אָדער דאָ בלייבען און טהון וואָס מיין הארץ ווענט גלוסטען. זי זאָגט מיר, חלילה, קיין דעה נישט.

נאָך די זעלבע נאַכט, האָב איך שוין אין איהר שטוב נישט גענעכטיגט.

אַ שענע נאַכט איז געוועזען, האָב איך זיך דורכשפּאַציערט אין אַלע גאַסען מיט'ן פעקיל אונטערן אָרעם.

זעהסט דו דאָך, מיין טהייערער, כשר'ער מאַן, אַז מיר איז, ברוך השם גאַנץ גוט, אַז דו דאַרפסט מיר מעהר קיין געלד נישט שיקען, ווי דו פלעגסט אַ מאָל שיקען. גיב בעסער דאָס געלד לייב חזן, ער זאָל דיר קויפען ש"ס, אָדער גנענדיל־סאָפיען, זי זאָל דיר לאָזען מאַכען היטמדער, און זעה, למען השם, זי זאָל דיר אַליין די העמדער אָנמעסטען, און זעהן ווי זיי ליגען, די העמדער, — עס איז דאָך אַמעריקאַ.

זעהסט דו, מיין ליעבער, טהייערער מאַן, אַז איך בין שוין מעהר קיינעם נישט חושד אומזיסט. איך זאָג שוין נישט, אַז גנענדיל, לייב־חזנ'ס טאָכטער, האָט ביי מיר צוגנע'גנב'עט אַ לעפעל, אָדער דעם מאַן, חס ושלום! און אויב איך האָב נישט, נישט דעם לעפעל, נישט קיין מאַן, ווייס איך, אַז זי איז בודאי גאָר נישט שולדיג. איך גלויב באמונה שלמה, אַז השם יתברך האָט דיך און מיך געוואָלט מזכה זיין, האָט ער דיר צוגעשיקט אויף דער שיף לייב חזן מיט דער טאָכטער, זיי זאָלען דיך פערזאָרגען; כהויה — אַלץ ווי דו האָסט מיר געשריבען. נאָר איין זאַך וועט נישט זיין ווי דו האָסט געזאָגט! זאָלסט אפילו אוים דער הויט שפּרינגען. וועסט דו נישט שיקען קיין שליח מיוחד נאָכ'ן קינד, זאָלסט עס צונעהמען פון מיר צו דיר קיין אַמעריקאַ. וואָרען דאָס קינד אונזערס איז, אין זכות און זכות פון דיינע אָבות — לאַנג שוין נישט דאָ; מען האָט עס בעהאַלטען ערגיץ אויפ'ן בית־עולם, אין אַ קליין שטיבעלע אָהן אַ טהיר־

אָהן אַ פעֶנסטעֶר׳ל, — שרײַ חי־וקים, וועֶסט דו ניִשט וויִסעֶן, וואו זײַנעֶ בײַנדעֶלעֶך ליִעגעֶן! קײן שום מצבה, קײן סימן, גאָר ניִשט! זוּך דעֶם וויִנד אויפ׳ן פעֶלד!

דיִ אַספּרה האָט עֶס צוגעֶנומעֶן אונטעֶר איִהרעֶ פליִגעֶל...

און וויַיל דו ביִזט דעֶר גרויסעֶר בעל־זכרון און געֶדעֶנקסט אַלץ, וואָס איִך האָב געֶרעֶדט, און אַלץ וואָס איִך האָב געֶטהון, וועֶל איִך דיִר דעֶרצעֶהלעֶן אַ מעשה, אפשר וועֶסט דו זיִ אייך געֶדעֶנקעֶן! עֶס איִז אַ מעֲשה מיִט אַ שאַל, וואָס איִך האָב ניִשט געֶוואוסט, וואָס מיִט איִהם צו טהון: ציִ זאָל איִך איִהם חאַפּעֶן אויף מיִר און אַרויסלויפעֶן זוכעֶן אַ דאָקטאָר צום קיִנד, אָדעֶר איִך זאָל פעֶרשטאָפּעֶן מיִט דעֶם שאַל דיִ צובראָכעֶנעֶ שויב, דעֶר שנײ זאָל ניִשט אַרײַן צום קראַנקעֶן קיִנד איִן שטוב אַרײַן, אָדעֶר איִך זאָל צודעֶקעֶן מיִט דעֶם שאַל דאָס הײַזעֶריִגעֶ קיִנד, וואָס עֶס שטיִקט זיִך, נעֶבּיִך, — און דיִ קעֶלט איִז גאָר גרויס, גאָר גרויס! אַ סך מאָל ביִן איִך אַהיִן און צוריִק געֶלאָפעֶן: פון קיִנד צום פעֶנסטעֶר, צו דעֶר טהיִר, און צוריִק פון טהיִר צום פעֶנסטעֶר, צו דעֶר וויִעג... אַבּיִ געֶלאָפעֶן! דו וועֶסט שוין, מײַן געֶטרײַעֶר מאַן, מײַן איִך, דיִ מיִנוט ניִשט פאַרגעֶסעֶן, וואָרעֶן, וויִ דו מײַן טהײַעֶרעֶר מאַן זאָגסט, ביִן איִך צוגעֶבונדעֶן צו דיִר, דו צו מיִר און בײדעֶ צום קיִנד, און צונד, אַז דאָס קיִנד איִז ניִשט דאָ, קאָנעֶן מיִר בײדעֶ שוין אויך נעלם ווערעֶן. — נאָר, וואָס וועֶט גנעֶנדיִל זאָגעֶן? דעֶם אמת זאָגעֶנדיִג, איִז בײַ מיִר געֶבליִבּעֶן, איִך זאָל זיִך לאָזעֶן וואַקסעֶן לאַנגעֶ האָר און אָנטהון זיִך ווי מעֶן טראָגט זיִך איִן אַמעֶריִקאַ. אויך, ווײסט דו דאָך, אַז איִך האָב אַ זיִם קול, אַז איִך פלעֶג נאָכזיִנגעֶן אַלעֶ תפלות, און אַצונד, אַז איִך ביִן געֶוועֶן בײַ׳ן ברודעֶר מנחם מעֶנדיִל, זאָל געֶזונד זײַן איִן גאַסט־הויז האָב איִך נאָך געֶהעֶרט פון שכור׳עֶ פויעֶריִם אַלעֶרלײ שעֶהנעֶ ליִעדעֶר, — האָב איִך מיִך דאָס אויך אויסגעֶלעֶרנט, און איִך זיִנג אוראי אַזוי גוט ווי גנעֶנדיִל, און אפשר בעֶסעֶר פאַר איִהר, און קעֶן מעֶהר ליִעדלעֶך פאַר איִהר. און נעֶכטעֶן בײַ נאַכט, אַז איִך האָב געֶנעֶכטיִגט אונטעֶרן בלויזעֶן היִמעֶל, איִז נאָך צו מיִר געֶקומעֶן דיִ מלכּה שבא און האָט מיִך אויסגעֶלעֶרנט טאַנצעֶן — און אַ גאַנצעֶ נאַכט האָב איִך אַרומגעֶטאַנצט מיִט דעֶר מלכּה שבא קעֶגעֶן דעֶר לבנה.

און דו, מײַן ליִבּעֶר שמואל משה, האָסט גאָר אַ מקח טעות געֶהאַט! וואָרעֶן איִך ביִן בעֶסעֶר פאַר גנעֶנדיִל׳ן. וואָרעֶן, איִך געֶדעֶנק גאַנץ גוט, אַז זיִ האָט געֶהאַט צוויי פּעֶפּעֶרלעֶך, אײנעֶם אויפ׳ן ליִנקעֶן אויעֶר און אַ

צוויַיטען אויף דער רעכטער באַק, און — אַ נעזעל אַ ביסעל אַ פּערדרעהטס. און איך, ווייסט דו דאָך, האָב אַ ריין לייב, אָהן אַ שום פּעפּער׳ל, חס ושלום. — דו האָסט געמיינט, אַז נאָר גנענדיל קען זינגען, און יעדען פריַיטאג צו נאַכט׳ס טאַנצען, אַז זי אַליין קען זיך לאָזען וואַקסען צעפּ, אַנדערע קענען גאָר נישט די תורה! נאָר איך בין, חס ושלום, אויף דיר נישט אין כעס; האַלט דיך אָן איהר! מיר איז געניג, אַז איך האָב דעם קינד׳ס קבר׳ל, איך געה אַהין, איך וועל מיר דאָרט אויסבויען אַ קליין שטיבעלע און זיצען דאָרט ביז האַלבער נאַכט, ביז דער האָהן וועט קריַיען. דעם קינד וועל איך דערצעהלען זיס און שטיל פון זיין טאַטען שמואל משה׳ן, וועט ער שטאַרק הנאה האָבען! און, אַז דו וועסט אַליין קומען, אָדער שיקען אַ שליח מיוחד, נאָכ׳ן קינד, וועל איך אייך מיט די נעגעל די אויגען אויסקראַטצען, וואָרען דאָס קינד איז מיינס, נישט גנענדיל׳ס — ימח שמה וזכרה, זאָל זי ווערען מיט דיר אין איינעם — — —

---

דער בריעף איז קענטיג נישט קיין געענדיגטער; מען האָט איהם געפונען צוזאַמען מיט די אַנדערע בריעף אין קעשענע ביי דער משוגע׳נער חנה.

# וָואס הֵייסְט „נְשָׁמָה".

(אַ יוּגֶענד־גֶעשִׁיכטֶע).

**1.**

אִיךְ גֶעדֶענק ווִי אִין אַ חלום, אַז עֶס הָאט זִיךְ בַּיי אוּנז אִין שטוּבּ אַרוּמגֶעדרֶעהט אַ קלֵיין דאַר יוּדֶעל מִיט אַ שפִּיצִיג בֶּערדֶעל, וואָס פלֶעגט מִיךְ אַלֶע מָאל אַרוּמנֶעהמֶען און קוּשֶען.

דֶערנאָךְ, גֶעדֶענק אִיךְ, אִיז דָאס אֵייגֶענֶע יוּדֶעל קראַנק גֶעלֶעגֶען אִין בֶּעט, עֶר הָאט זֶעהר גֶעקרֶעכצט און דִי מאַמֶע אִיז גֶעשטאַנֶען און גֶעהאַקט זִיךְ אִין קָאפּ אַריין.

אַמָאל חאַפּ אִיךְ מִיךְ אוֹיף בַּיי נאַכט און דֶערזֶעה אַ פוּלֶע שטוּבּ מִיט יוּדֶען; פוּן דרוֹיסֶען הֶער אִיךְ אַ יֶעמֶערלִיךְ גֶעוויין... אִיךְ הָאבּ מִיךְ שטאַרק דֶערשראָקֶען און אָנגֶעהוֹיבֶּען שרייֶען.

עֶס אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּ מִיר אֵיינֶער פוּן דִי יוּדֶען, עֶר הָאט מִיךְ אָנגֶעטהוּן און אַוועק־גֶעפִיהרט צוּ'ן אַ שכן שלָאפֶען.

דֶעם אַנדֶערן טָאג הָאבּ אִיךְ דִי שטוּבּ נִישט דֶערקֶענט: אוֹיף דֶער עֶרד אִיז גֶעלֶעגֶען אָנגֶעשִׁיט שטרוֹי, דֶער שפִּיגֶעל אוֹיף דֶער וואַנד — אִיבֶּערגֶעדרֶעהט, דֶער הֶענגֶעלייכטֶער פֶערהָאנגֶען מִיט אַ טִישטוּךְ, און דִי מאַמֶע אִיז גֶעזֶעסֶען אִין דִי זָאקֶען אוֹיף אַ קלֵיין בֶּענקֶעלֶע אוֹיף דֶער עֶרד...

אַז זִי הָאט מִיךְ דֶערזֶעהן, הָאט זִי אַרוֹיסגֶעלָאזט אַ שרֶעקלִיךְ גֶעוויין, און הָאט אָנגֶעהוֹיבֶּען שרייֶען: „דֶער יתום, דֶער יתום!"...

אויפ'ן פענסטער, האָט זיך געבּרענט אַ קאַגעניק, דערנעבּען איז גע־
שטאַנען אַ גלאָז וואַסער און געהאַנגען אַ שמאַטע...

מען האָט מיר געזאָגט, אַז מיין טאַטע איז געשטאָרבּען; אַז זיין
נשמה וואַשט זיך אינ'ם גלאָז וואַסער און ווישט זיך אָבּ מיט דער ליינ־
וואַנד... אַז אויבּ איך וועל זאָגען ערנסט קדיש, וועט זי פליהען גלייך
אין הימעל אַריין.

און מיר האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז די נשמה איז אַ פויגעלע...

---

2.

איינמאָל האָט מיך דער בּעהעלפער אָבּגעפיהרט אַהיים, נעבּען אונז
זענען דורכגעפלויגען גאַנץ נידריג, עטליכע פויגעל.

— „נשמה'לעך פליהען, נשמה'לעך פליהען!“ האָבּ איך מיר צו־
געזונגען.

דער בּעהעלפער האָט זיך אומגעקוקט.

— געה דו נאַר, — מאַכט ער צו מיר — דאָס זענען פויגעל, פּראָס־
טע פויגעל!

דערנאָך האָבּ איך געפרעגט די מאַמען: ווי אַזוי ווייסט מען דעם
חלוק פון אַ נשמה בּיז אַ פּראָסט פויגעלע?

---

3.

אַז איך בּין אַלט געוואָרען פיערצעהן יאָהר, האָבּ איך שוין געלערנט
גמרא מיט תּוספות, מיט מהרש"א, און טאַקי בּיי „זרח קנייפ“.

עד היום ווייס איך נישט, צי האָט ער טאַקי אַזוי געהייסען, צי
האָבּען עס איהם די תּלמידים דעם צונאָמען געגעבּען, ווייל ער פלעגט
קנייפּען אָהן רחמנות.

און ער פלעגט נישט וואַרטען בּיז מען וועט פערדינען אַ קניפּ;
ער פלעגט צאָהלען פאָראויס, „דערמאַהן מיך, זאָגט ער, וועל איך דיר
אָבּשלאָגען!“

דערצו איז ער געווען מוחל, געהאט א שפּיציגען פריעה־נאָגעל, און יעדער קניפּ האט צוגעשלאָגען צום הארץ.

און ער פלעגט זאָגען: „וויין ניט, וויין נישט אומזיסט! איך קנייפּ דאך נאָר דיין גוף! וואס שאדט דיר! אז די ווערעם אין קבר וועלען האבען ווייניגער צו עסען?"

און דער גוף, זאָגט זרח קנייפּ, איז טאַקי נאָר עפר ואפר, א והא ראיה: רייב איין האנד אין דער אנדערער וועסט דו זעהן!

און מיר האבען געפּרובט און טאַקי געזעהן בחוש, אז דער גוף איז עפר ואפר.

— און וואס איז די נשמה? האב איך געפרעגט.

— א רוחניות! האט מיר דער רבי געענטפערט.

---

4.

רח קנייפּ האט פיינד געהאט שנאת מות זיין ווייב די רבי'צין; פאר דאס איז שפּרינצע, די בת יחידה זיינע, געווען ביי איהם איין אויג אין קאפּ.

מיר וויטער האבען פיינד געהאט שפּרינצען, ווייל זי פלעגט אונז צוצומסר'ן צום פאטער, און — ליעב געהאט די רבי'צין, וואס פלעגט אונז פערקויפען אויף קרעדיט באבעס מיט ארבעס און ניט איינמאל מציל זיין פון רבי'נס הענד.

דער גרעסטער חשוב ביי דער רבי'צין בין איך געוועזען. איך פלעג קריגען דעם גרעסטען צולאג, און ווען דער רבי האט זיך גענומען צו מיר, פלעגט זי שרייען: „רוצח, וואס ווילסט דו פון יתום? זיין טאטענס נשמה וועט זיך אין דיר נוקם זיין!"

דער רבי האט מיך אבגעלאזט און די רבי'צין האט געלעזט מיין חלק.

איינמאל, געדענק איך, ווינטער ביי נאכט, בין איך א היים געקומען פון חדר אזוי צוקניפּען און פון פראסט אזוי דורכגענומען, אז די גאנצע הויט האט אויף מיר געשטאַרט.

דעמאלט האב איך אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל און

האָב יעמערליך געוויינט און געבעטען: „טאַטישי! זיי זיך נוקם אין זרח קנייפ! . . . רבונו של עולם, וואָס וויל ער פון מיין נשמה האָבען? !"

אַז ער קנייפּט נאָר דעם גוף, האָב איך פערגעסען!
אין אָדם נתפס על צערו!

---

5.

דאָך אַז זרח קנייפ האָט אַמאָל אין אַ „יומא דפגרא" פערמאַכט די גמרא און גענומען זיך צו דערצעהלען מעשיות, איז ער גאָר געוועזען אַן אַנדער מענש.

ער האָט אַראָבגעלעגט דעם ספּאָדעק, געבליבען זיצען אין די גרויסע פעדערן (קיין יאַרמילקע האָט מען נישט אַרויסגעזעהן). ער האָט אויפגעקנעפּעלט די סטראָקעס. אויסגעגלייכט דעם שטערן. די ליפּען האָבען איהם געשמייכעלט, און דאָס קול איז אויך גאָר אַנדערש געוואָרען.

געלערנט האָט ער מיט'ן האַרטען, גראָבען, בעזען קול, מיט וועלכען ער פלעגט רעדען צו דער רבי'צין; מעשיות דערצעהלט — מיט דעם איינגענעם ווייכען, דינעם, גוטען קול, מיט וועלכען ער פלעגט זיך ווענדען צו שפּרינצען, מיט „דער טהייערער נשמה".

און מיר פלעגען זיך ביי איהם שטענדיג בעטען ווי ביי אַ גזלן, ער זאָל אונז דערצעהלען אַ מעשה. מיר האָבען נישט געוואוסט, אַז זרח קנייפ קען נישט מעהר ווי איין פּרק „איזהו נשך", מיט וועלכען ער הויבט אָן און לאָזט אויס דעם זמן, און מוז שטיקעווען מיט מעשיות, בפרט אַ ווינטער זמן, וואָס איז אָהן ימים טובים! מיר נאַראָנים פלעגען פאַר יעדער מעשה צאָהלען מיט באָבעס און מיט אַרבעס, און איינמאָל זיך צונויפגעלעגט פאַר שפּרינצען אויף אַ רויטען באַרכענעם שפּענצער.

פאַר דעם באַרכענעם שפּענצער, האָט אונז זרח קנייפ דערצעהלט, ווי אַזוי דער רבונו של עולם קלויבט אויס פון זיין אוצר אַ נשמה און בלאָזט זי אַריין אין אַ גוף.

און איך האָב מיר פאַרגעשטעלט, אַז ביי'ם רבונו של עולם אין אוצר זענען אויסגעלעגט די נשמות, ווי די סחורה ביי מיין מאַמע אין געֿ

װעלבעל, אין אַלערלײ שאַכטעל, רױטע, גרינע, װײַסע, בלאָהע... און אַרומגעבונדען מיט שטריקלעך.

6.

— און אַז נאָט, דערצעהלט דער רבי, קלױבט אױס אַ נשמה, און איז גוזר אױף איהר, זי זאָל אַראָבגעהן אױף דער זינדיגער װעלט, ציטערט זי און װײנט...

דערנאָך קומט צו איהר אַ מלאך אין דער מאַמעס בױך אַרײַן, און לערנט מיט איהר אױס כל תורה כולה. נאָר אַז עס קומט די רעכטע צײַט, גיט איהר דער מלאך אַ שנעל אין דער נאָז און זי פערגעסט צוריק דאָס לערנען.

— דעריבער, זאָגט דער רבי, האָבען אַלע יודישע קינדער צושפּאָלטענע אױבערשטע ליפּען...

דעם אײנגענעם טאָג פאַר נאַכט האָבען מיר זיך געגליטשט אונטער דער שטאָדט און איך האָב דערזעהן, אַז די שקצים: יאַנטעק, װאָיטעק און יאַשעק האָבען צושפּאָלטענע אױבערשטע ליפּען גלײַך מיט אונז.

— יאַשעק! האָב איך מיר אײנגעשטעלט דאָס לעבען און געפרעגט: טי טאַקושע מאַיעש דושא?

— אַ טאָביע, פּשאַ דושאַ, צאָ דאָ טעגאָ? האָב איך געהאַט אַ קלאָרע תשובה.

7.

חוץ בײַ אַ מלמד, האָב איך מיך געלערנט בײַ אַ לעהרער שרײַבען.

דעם לעהרער האָט מען געהאַלטען אין שטאָדט פאַר אַ גרױסען אפּיקורס און די שכנים האָבען זיך נישט געמישט מיט זײַנע כלים.

ער איז געװען אַ אַלמן, און מען האָט נישט געגלױבט, אַז גיטעלע, זײַן טאָכטער, אַ מײדעל אין מײַנע יאָהרען, זאָל קענען גוט כשר מאַכען פלײש.

ער איז אָבער געווען אַ גרויסער מושלם, און מיין מאַמע האָט געוואָלט, אַז איהר בן יחיד זאָל קאָנען שרייבען.

— איך בעט איך זעהר, ר' לעהרער, האָט זי געזאָגט, איהר זאָלט מיט איהם נישט לערנען קיין שום אַפּיקורסישע זאַכען: קיין תנ"ך, קיין פּסוק, נאָר לערנט איהם אויס שרייבען אַ יודיש בריוועל, פּשוט אַ „שלום לאהובי" בריוועל.

און פונדעסטוועגען ווייס איך נישט, צי דער לעהרער האָט געהאַלטען וואָרט.

אַז איך האָב איהם דערצעהלט די שאלה מיט די צושפּאָלטענע ליפּען, איז ער אַריינגעפאַלען אין אַ שרעקליכען כעס; ער האָט זיך ראַפּטום אויפגעשטעלט, אַוועקגעקאָפּעט מיט'ן פוס דאָס בענקעל און אָנגעהויבען אַרומשפּרייזען אין שטוב מיט אַ געשריי: „גראָבע יונגען, רוצחים, פלעדערמייז!"...

ער האָט זיך פאַמעליך בערוהיגט, צוריק אַנידערגעזעצט, איבערגעווישט די פערלאָפּענע ברילען און מיך צוגעצויגען צו זיך:

— גלויב נישט, מיין קינד, האָט ער מיר געזאָגט, אין אַזוינע נאַרישע זאַכען! דו האָסט דיך גוט צוגעקוקט צו די שקצים אויף דער גליטש? ווי הייסען זיי?

איך האָב איהם געזאָגט די נעמען.

— נו, פרעגט ער מיך, צי האָט איינער פון זיי אַנדערע מאָדע אויגען? אַנדערע הענד און פיס, אָדער אַנדערע אֵברים ווי דו? צי לאַבען זיי ניט מיט דיר גלייך? און אַז זיי וויינען, גיסען זיך ביי זיי אַנדערע מאָדע טרעהרען ווי ביי דיר? פאַר וואָס זאָלען זיי נישט האָבען קיין נשמה גלייך מיט דיר? אַלע מענשען זענען גלייך. גלייכע קינדער, איין גאָט איז זייער טאַטע, איין ערד איז זייער לאַנד! אמת, אַז היינט האָבען זיך די פעלקער איינס דאָס אַנדערע פיינד, יעדעס פאָלק רעדט זיך איין אַז ער איז די קרוין פון אַלע פעלקער, אַז נאָר איהם האָט גאָט אין זינען; נאָר מיר האָפען, אַז עס וועט קומען אַ בעסערע צייט, אַ בעסערע, ליכטיגערע צייט, ווען אַלע מענשען וועלען דערקענען איין גאָט, איין געזעטץ, ווען עס וועט מקוים ווערען אונזערע הייליגע נביאים'ס ווערטער, אַז עס וועלען אויפהערען אַלע מלחמות, פערשוואונדען ווערען קנאה־שנאה, אַלע וועלען דינען איין בורא עולם, און עס וועט זיין ווי דער פּסוק זאָגט: כי מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים!...

דעם פסוק האָב איך געדענקט פונ'ם „ויהי בנסוע" אין דאַווגען.

דער לערער האָט נאָך לאַנג גערעדט, נאָר איך האָב שוין ווייניג וואָס פערשטאַנען; איך האָב נישט געקענט גלויבען, אַז אַ „גוי האָט אויך שכל", אַז אַלע מענשען זענען גלייך! איך האָב געוואוסט, אַז דער לערער איז אַן אפיקורס; ער גלויבט נישט אפילו אין גלגול, האָטש איך האָב אַליין געזעהן, נאָך פּראַדעל מופקרת'ס טוידט, ווי עס האָט זיך אַרומגע-דרעהט אַ שוואַרצער הונד אויפ'ן דאַך פון הויז, וואו זי האָט געוואוינט,

אויך האָט ער זיך געשניטען די נעגעל נישט איבערגעהיפּערט, קיינמאָל נישט צוגעשניטען קיין עדות און אַזוי אַרויסגעוואָרפען דורכ'ן פענסטער!

איך וואָלט שוין לאַנג אַנטלאָפען פון איהם, איך וואָלט אויסגעזאָגט דער מאַמען, אַז ער רעדט „על השם ועל משיחו" ווען נישט...

איהר טרעפט שוין אַ ודאי וואָס און וועמען איך מיין...

8.

נאָר דאָס איז מיר אין קאָפּ אַריין, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען די אומות העולם וועלען קומען צו אונז לערנען תורה, און דאָס האָט בעדאַרפט צו זיין היינט-מאָרגען.

ביי אונז איז דעמאָלט געוועזען שוין אמת'ע משיח'ס צייטען: מען האָט געפונען דאַרויף אַ שטאַרקען רמז אין דניאל און אַ זיכערן לפ"ק; מען האָט געוויזען עפּיס אַ זוהר מיט אַ מדרש הנעלם, מען האָט אויך פון אויער צו אויער דערצעהלט, אַז דער קאָזעניצער האָט אויפגעהערט צו זאָגען תחנון. אויך איז געוועזען אַ קלאָרע ידיעה פון ארץ ישראל, אַז דאָס יאָהר האָט זיך ניט געוויזען קיין פוקס נעבען כותל מערבי.

און מען האָט זיך טאַקי געריכט אַלע טאָג אויף משיח בן יוסף'ן. קהל האָט זיך געלאָזט קאָסטען און איינגעהאַלטען די פּאַדאַטקעס; אַז משיח וועט קומען, ווער וועט געדענקען אַזאַ קלייניגקייט צוריק צו מאָהנען!

דעם ערגסטען סוף האָבען געהאַט די ווייבער. נאָך פּאַר אַ יאָהרען זענען איינגעפאַלען די טרעפּ פון מקוה. אַ צעהן מאָהל האָט מען ניט גע-לאָזט „אויסנעמען", איידער מען האָט צוזאַמען גענומען געלד אויף נייע גע-

הילך. נו, עס ליגט שוין, בה"ש, גרייט, עס איז אָבער פ אָ ר ט אַ שאָד צו דינגען אַ בעל מלאכה, אַנ' עבירה די פּאָר קערבלעך!

און איך בין זיכער געוועזען, אַז אין אַ קורצער צייט וועט דער איי־גענער יאַשעק, וואָס איז מיר נעכטען אונטערגעלאָפען אויף דער גליטש, בשעת איך האָב געמאַכט „אַ שוסטער", וואָס דורך איהם האָב איך שיער נישט האַלז און לייב צובראָכען; דער אייגענער וואָיטעק, וואָס ווייזט מיר אַלע מאָל אַ חזיר־אויער, און דער אייגענער יאַנטעק, וואָס צעהלט אונז: ראַז, דוואַ, טשי — אַז אַלע דריי וועלען קומען צו מיר בקידה והשתחויה פרעגען אַ דין, למשל: פון מוקצה!

און איך רחמן בן רחמנים, וועל זיי נישט געדענקען זייער שלעכטס, וואָס זיי האָבען מיר געטהון; איך וועל זיי זאָ גען. איך וועל זיי מקרב זיין און אויסזאָגען דעם סוד פון דער אייזערנער מיט דער פּאַ־פּירענער בריק; אָנזאָגען זיי הזהר והזהר, אַז זיי זאָלען זיך נישט דערוועגען צוצוגעהן צו דער אייזערנער בריק. אַמבעסטען, האָב איך מיך געטראַכט, וואָלט געווען, זיי זאָלען זיך גאָר האַלטען פון דערווייטענס, אַבי זיי זאָלען ראַטעווען זייערע נשמות...

---

9.

ערב ראש השנה האָב איך געענדיגט „איזהו נשך" און האָב געפּיהלט דעם טעם פון יציאת מצרים.

ר' יוזל, מיין נייער רבי, האָט מען מיר געזאָגט, קנייפּט נישט. אפילו שלאָגען, שלאָגט ער ניט אומזיסט. רבי יוזלען האָב איך אַלע מאָל געזעהן ביי'ם דאַווענען, ער איז געוועזען אַ הויכער יוד מיט גרויסע ברע־מען, אַז מען האָט ביי איהם קיין אויג נישט אַרויסגעזעהן. ער פלעגט טראָגען אָפען דעם קאַפּטען און פון אונטער דער לאַנגער צוויי־שפּיציגער ווייסער באָרד, האָט פון ביידע זייטען אַרויסגעשטאַרט דער טלית קטן. געגאַנגען איז ער שטיל און שטיל האָט ער גערעדט, גלייך אַלץ וואָלט געווען אַ סוד. דערביי האָט ער גאַנץ לאַנגזאַם אַרויף און אַראָב געשאָ־קעלט מיט'ן קאָפּ, אויפגעהויבען די ברעמען, צוזאַמענגעצויגען דעם שטערן, אַרויסגעשטעקט ביידע ליפּען מיט די וואָנסען און אַריינגעשטעקט ביידע

הענד אין גאַרטעל אַריַין; יעדעס וואָרט האָט זיך געדאַכט, איז איינס פון די וויכטיגסטע זאַכען, אַז די רעד שטעהען טאַקי ברומו של עולם.

ר' יוזל איז אַ מאָל געווען אַ „משולח" ביַי איינעם פון די גרויסע גוטע יודען. עד היום האָט ער פון רבי'ים אין קאָמיסיאָן: פערשפּראָכענען בוימיל, מטבעות, קמעות און שמירה'לעך; ער איז דער ערשטער אין שטאָדט אָבצושפּרעכען עין הרע'ס, און אַז דער רב איז נישט בקו הבריאה זאָגט ער פאַר איהם, שבת הגדול, ראש השנה, און מאַכט אַ מאָל אַ הספּד. דער רב איז געווען אַנ'אַלטער שוואַכער יוד און רבי יוזל האָט זיך געריכט „איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר" זיַין אָרט צו פערטרעטען.

אַ חוץ דעם איז ר' יוזל געווען אַ בעריהמטער בעל־תקיעה, און אַז ער פלעגט מאַכען די ברכה פאַר תקיעות, האָט טאַקי, ווי זאָגט מען, אַ פיש אין וואַסער געציטערט.

און איך בין געוואָרען מלא גאוה, אַז איך וועל זיַין ר' יוזל'ס תלמיד.

נאָך פאַר יום כפּור האָב איך געהאַט די געלעגענהיַיט צו רעדען מיט ר' יוזלען וועגען דער נשמה.

די נשמה איז געוואָרען ביַי מיר אַ מין אידעע פיקס, זי איז מיר נישט אַראָבגעגאַנגען קיַין רגע פון די געדאַנקען. דאָס ערשטע האָט מיר ר' יוזל אַרויסגעשלאָגען פון קאָפּ דאָס חבר'קייט מיט די אומות העולם, און אַריַינגעשלאָגען אין אַמביציע מיט „אתה בחרתנו".

„נישט אומזיסט, האָט ער געזאָגט, ליַידען מיר גלות, בזוי בזיונות און אַזוינע מכות, וואָס שטעהען נישט אין דער תוכחה! מיר זאָלען גליַיך זיַין מיט די אומות העולם, וואָלטען מיר געהאַט עולם הזה גליַיך מיט זיי. „דאָס קינד, וואָס דער טאַטע האָט ליעב — דאָס שמיַיסט ער", עס זאָל וועלען לערנען און אַריַינקומען אין אַלע שערי בינה"...

— נאָר אפילו ביַי אונז יודען, זאָגט רבי יוזל, זענען נישט אַלע נשמות גליַיך: עס זענען דאָ גראָבע, פּראָסטע נשמות ווי זרח קניַיפּ למשל. דיַין לעהרער, דער אַפּיקורס, האָט אַ נשמה בבחינת קרח; עס זענען פאַראַנען נשמות גרויסע, גאָר גרויסע: טהיַיל קומען אַרויס פון דער „חתירה" פון אונטערן כסא הכבוד; עס זענען פאַרהאַנען גאָר, גאָר נשמות עליונות בבחינת קמח סולת.

איך האָב ווייניג פערשטאַנען פון די בחינות און בפרט פון דער חתירה פון אונטערן כסא הכבוד; איך האָב נאָר געוואוסט וואָס מען מיינט

קמח סולת, און האָב מיר פאַרגעשטעלט דעם חלוק פון נשמות, ווי צווישען ראָזאָווע־מעהל, קאָרן־מעהל, ווייצען־מעהל און מעהל וואָס מען נעמט לכבוד שבת אויף חלה. די גרעסטע נשמות מוזען זיין מיט זאַפּערן און ראָדזינקעס!

10.

— נאָר דער עיקר, זאָגט ר' יוזל ועגען יסורים.

— קיין איינציגע נשמה ווערט נישט פערלוירען, אַלע מוזען צוריק־קומען צו דער מדרגה, אויף וועלכער זיי זענען געוועזען איידער זיי זענען אַראָבגעקומען אויף דער וועלט, און גערייניגט ווערען די נשמות נאָר דורך יסורים; דער בורא עולם מיט זיין גרויס רחמנות שיקט אויף אונז יסורים, מיר זאָלען זיך דערמאַהנען, אַז מיר זענען נאָר בשר ודם, אַ חרס הנשבר, אַ גאָר־נישט און אַז ער גיט נאָר אַ קוק אויף אונז, צופאַלען מיר און ווערען בטל כעפרא דארעא... נאָר אויף יענער וועלט רייניגט מען אויך די נשמות.

און ער האָט מיר דערצעהלט, וואָס מען טהוט אַלץ מיט די אָרעמע נשמות אין די שבעה מדורי גיהנם...

11.

צווישען די ימים טובים האָב איך געהאַט מעהר צייט אומצוקוקען זיך אין דער היים. פאַר סוכות איז געווען ביי אונז אַ וועש.

איינמאָל ביי נאַכט האָט זיך מיר געחלום'ט, אַז איך בין אויף יענער וועלט. איך זעה, ווי מלאכים שטעקען אַרויס די הענד פון הימעל און חאַפּען אַרויף נשמה'לעך, וואָס קומען צוריק פון דער וועלט. די מלאכים קלויבען זיי איבער: גאָר די ריינע, די ווייסע ווי שניי, פליהען זיי ווי טויבען אַרויס פון די הענד, גלייך אין גן עדן אַריין. די ברודיגע — שיט מען אָן אַ באַרג, און דעם באַרג וואַרפט מען אַריין אין ים הקרח, וואו עס שטעהען שוואַרצע מלאכים, פערשאַרצטע הענד און וואַשען זיי. נאָך דעם

קאָכט מען זיי ערשט איבער אין גרויסע, שווארצע טעפּ, ביי'ם פייער פונ'ם גיהנום.

און אז מען דריקט אוים פון זיי דעם ברוד, און אז מען פרעסט זיי, הערט מען דאָס געוויין פון די נשמות מסוף העולם עד סופו.

צווישען דער ברודיגער וועש דערקען איך דעם לעהרערס נשמה; זי האט געהאט זיין לאנגע נאָז, זיינע איינגעפאלענע באקען, זיין שפּיציג בערדעל און האט געטראָגען זיינע גרויסע בלויע ברילען. מען האט זי גע־וואשען, און זי איז וואָס א מאל שווארצער געוואָרען...

און א מלאך האט אויסגערופען: „דאָס איז דעם לעהרערס, דעם אפּיקורס'ס נשמה!"... דערנאָך האט דער אייגענער מלאך צו מיר גע־זאָגט מיט כעס: אז דו וועסט געהן אין זיינע דרכים, וועט דיין נשמה אויך זיין אזוי ברודיג און מען וועט זי אלע נאכט אזוי וואשען, ביז זי וועט פערפאלען ווערען אויף כף־הקלע.

— איך וועל נישט געהן אין זיינע דרכים! האָב איך ארויסגעשריען פון שלאָף.

די מאמע האט מיך אויפגעוועקט, אראָבגענומען מיר די האנד פון הארץ.

— וואָס איז מיט דיר, תכשיט מיינער? האט זי געפרעגט דער־שראָקען. דו שווימסט דאָך ארום אין שוויים!

— פאו, פאו, פאו! האט זי מיך אָבגעבלאָזען.

— מאמע, איך בין געוועזען אויף יענער וועלט!...

אין דער פריה האט מיך די מאמע גאנץ ערנסט געפרעגט, אויב איך האָב נישט דאָרט דעם טאטען געזעהן? איך האָב געזאָגט: ניין!

— א שאָד, א שאָד! האט זי בעדויערט, ער וואָלט דיר א ודאי עפּיס אָנגעזאָגט פון מיינעטוועגען.

---

## 12.

וואָס קומט ארויס, אז דער לעהרער מאכט חוזק אפילו אוים חלומות! איהם צוליעב, נאָך מעהר גיטעלען צוליעב, האָב איך איהם געוואָלט ראטעווען; איך האָב איהם דערצעהלט מיין גאנצען חלום. ער

האָט אָבער געזאָגט, אַז אַ חלום איז אַ נאַר; ער מאַכט זיך נישט פון אַזוינע זאַכען.

ער וויל מיר ברענגען ראיות פון תנ"ך און פון דער גמרא, אַז חלומות זענען פּלעווע, שישקעס און וואַנצען; איך פערשטעק מיר אָבער די אויערן מיט די קליינע פינגער און וויל נישט הערען.

איך האָב געזעהן בעשיינפּערליך, אַז ער איז פערפאַלען, אַז זיין גזר דין וועט זיין ביטער, אַז איך דאַרף איהם וויכען ווי אַנ'עפּוש, אַז ער וויל אומברענגען מיין נשמה — מיין יונגע נשמה!

וואָס קומט אָבער אַרויס? הונדערט מאָל האָב איך מיר צוגעזאָגט, אַז איך וועל אַלץ דערצעהלען דער מאַמען, און האָב קיין איינציג מאָל נישט געהאַלטען וואָרט.

אַ סך מאָל האָב איך שוין געהאַט אָפען דאָס מויל צו זאָגען — האָט זיך מיר אָבער אַלץ געדאַכט, אַז ניטעלע שטעהט הינטער דער מאַמעס פּלייצעס, פערשפּרייט צו מיר איהרע דראָבנע הענדטלעך, ווינקט צו מיר מיט די גרויסע אויגען: „ניין! בעט זי זיך, ניין! זאָג נישט!"

און דאָס געבעט אין איהרע אויגען איז שטאַרקער פאַר מיין פרומקייט. איך פיהל, אַז נישט נאָר אין פייער און וואַסער נאָר אין גיהנום אַריין וואָלט איך מיך פאַר איהר געוואָרפען.

און עס איז מיר דאָך געווען אַ גרויסע שאַד: די מאַמע און אַלע מיינע מלמדים האָבען געגלויבט באמונה שלמה, אַז פון מיר וועט אַ מאָל אַרויסוואַקסען עפּיס גאָר אַ גרויסע זאַך...

---

13.

איך בין פטור געוואָרען זרח קנייפּ מיט זיין פריעה-נאָגעל, עס איז מיר דאָך נישט בעסער געוואָרען.

איך בין שוין אַלט געוועזען זעכצעהן יאָהר. שדכנים האָבען שוין געריסען ביי דער מאַמען די פּאָלעס און איך האָב נאָך געהאַט אַ קינדישע טבע אַראָבצושאַפען וואַכס מוצאי יום כפור פונ'ם שלחן און צו קנעטען אין חדר אונטערן טיש.

דער שמש פּלעגט מיר זיין דערפאַר אַ שונא אויפ'ן לעבען, און איך האָב געהאַט דערפאַר צרות אין חדר.

— וואו האלטסט דו? פרעגט ר' יוזל.

איך בין פערטראכט און לעג אויף דער גמרא די גאנצע האנד: אלע פינף פינגער מיט'ן שטיק וואכס.

ר' יוזל איז בלאס געווארען פאר כעס. ער עפענט דאס שופלעדעל, נעמט ארויס א דין שטריקעל און בינדט מיר צוזאמען ביידע גראבע פינגער און אזוי שטייף, אז עס האט מיך אנגעכאפט ביי'ם הארץ.

נישט דאס נאך האט ער געמיינט.

ער איז צוגעגאנגען צום בעזעם און האט גאנץ לאנגזאם אויסגעקליבען און ארויסגעריסען א ווייך דין ריטעל. מיט דעם ריטעל האט ער מיר געשמיסען איבער די צוזאמענגעבונדענע הענד... ווי לאנג? מיר האט זיך געדאכט, עס דויערט אייביג. און א וואונדערליכע זאך, איך האב די יסורים מקבל געווען באהבה; איך האב אין זין געהאט, אז דאס שיקט דער רבונו של עולם אויף מיר יסורים, איך זאל תשובה טהון און נישט מעהר געהן צום לעהרער.

אז די הענד זענען מיר שוין גוט געשוואלען געווארען און די הויט איז אנגעלאפען מיט אלערליי קאלירען, האט ר' יוזל אוועקגעלעגט דאס ריטעל און געזאגט: גענוג! מעהר ווערסט דו שוין קיין וואכס נישט קנעטען!

איך האב פון דעסטוועגען ווייטער געקנעטען.

איך האב געהאט דאס גרעסטע פערגניגען דערפון, אז איך האב געמאכט פונ'ם וואכס וואס איך וויל. איך האב געפיהלט, אז איך האב איבער עפים צו שאפען.

איך פלעג אויסקנעטען א קאפ פון א מענש, דערפון געמאכט א קאטץ אדער א מייזעל, דערנאך האב איך ארויסגעצויגען פון די זייטען פליעגעל, געשפאלטען דעם קאפ אויף צוויי און עס איז ארויס א קרוין־אדלער. גאר דערנאך האב איך פון ביידע קעפ און ביידע פליעגען געפלאכטען א קוילעטש אין פיערען.

איך אליין בין אבער אויך געווען אזא שטיק וואכס... מיך האט געקנעטען ר' יוזל, דער לעהרער, די מאמע און ווער עס האט נאר געוואלט. גיטעלע האט מיך צוגאסען!...

---

## 14.

מען האָט מיך געקנעטען ווי וואַקס, נאָר מיר האָט עס וועה געטהון!

איך געדענק גאַנץ גוט, אז עס האָט מיר וועה געטהון; נאָר פאַר וואָס? וואָס איז גראָד מיך אָנגעגאַנגען די נשמה?

מײַנע חברים האָבען פון מיר געלאַכט, זײַ האָבען מיר אַ נאָמען געגעבען „נשמה יונג", און ווי נאַריש דער נאָמען איז געוועזען, אַזוי פיעל צרות האָב איך פון איהם געהאַט.

איך בין פערטראַכט, איך קלער וואָס מײַן סוף וועט זײַן, ווען איך וועל שוין כח האָבען מיך אויסצורײַסען פון שטן'ס האַנד; איך רעכען מיך אָב מיט מײַן אייגענער נשמה, איך זאָג איהר מוסר, איך זידעל זי... ראַפּטים גיט מיר איינער אַ שנעל אין דער נאָז: „נשמה יונג"! — איך וויל פערגעסען אין מײַנע צרות, פערטיעף מיך אין אַ וועלט־קשיא, שפּאַן צוזאַמען אַ שווערען תוספות מיט אַ האַרבען רמב"ם, בראָק איין אַ „פני יהושע" און מיש אוים מיט'ן „תומים"; איך בין שוין גאָר אויף אַנ'אַנ־דערער וועלט: אוים לעהרער, אוים גיטעלע, אוים נשמה.... עס הויבט זיך שוין אָן צוזאַמענצושרויפען אין'ם מוח, אָט פאַל איך שוין אויף דער המצאה, דאָס רעכטע וואָרט ליגט מיר שוין אויף דער שפּיטץ צונג — ראַפּטים גיט מיר עמיץ אַ פײַף אין אויער אַרײַן: „נשמה יונג!"; עס הילכט אין מוח פלאַצט עפּים, אוים רמב"ם, אוים תוספות, אוים פני יהושע, אוים תומים... צוריק אויף דער ערד!

איך שטעה שמונה עשרה, איך האָב אַ פול האַרץ און פולע אויגען מיט געוויין. „רפאנו ה' ונרפא" בעט איך מיט גרוים כּוונה, און מײַן ניט חלילה דעם גוף, די נשמה מײַן איך: הייל, רבונו של עולם, הייל מײַן אָרעמע יונגע נשמה! „דאָס איז דער נשמה יונג" ווײַזט איינער אין מיטען אויף מיר — אוים כּוונה!

אַזוי האָב איך געליטען טאָג אַזוי נאַכט.

---

## 15.

גיטעלען האָט מען געהאַלטען פאַר אַ גרויסע חכמה: דער פאָטער פלעגט זי אַנדערש נישט רופען נאָר „חכמה מײַנע"; שכנות פלעגען זאָ־

גען, אַז זי איז קלוג ווי דער טאָג; ווען זי זאָל אַזוי פרום זײַן ווי קלוג זי איז, וואָלט געוועזן אַ פרייד פאַר איהר מאַמען אין גן עדן. מײַן מאַמע פלעגט זי אויך שטענדיג לויבען, אַז זי איז אַ גרויסע מחוכמת, וואָלט זי נאָר בעסער כשר געמאַכט פלייש, וואָלט זי זיך אַלײן אַזאַ שנור געוואונשען.

און איינמאָל, אַז איך האָב ניט געטראָפען דעם לעהרער אין דער היים און גיטעלע איז אַלײן געוועזען, איז מיר איינגעפאַלען, איך זאָל זיך מיט איהר אַנ'עצה האַלטען איבער דער נשמה.

די פּים האָבען אונטער מיר געציטערט, די הענד — געוואָרפען, דאָס האַרץ — געצאַפּעלט, די אויגען האָב איך אַרײַנגעשטעקט אין דער ערד ווי אַ טרפה מעסער און האָב פאָרט געפרעגט: מען זאָגט, גיטעלע, אַז דו ביזט אַ קלוגע, זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס איז אַזוינס נשמה?

זי האָט געשמייכעלט און געענטפערט:

— אָסור, אויב איך ווייס!

נאָר פּלוצלינג איז זי טרויעריג געוואָרען, טרעהרען זענען איהר געקומען אין די אויגען אַרײַן

— איך האָב מיך דערמאַהנט — זאָגט זי מיר — אַז ווען די מאַמע, עליה השלום, האָט געלעבט, האָט דער טאַטע שטענדיג געזאָגט, אַז זי איז זײַן נשמה... זיי האָבען זיך אַזוי ליעב געהאַט!...

איך ווייס ניט פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען, נאָר איך האָב זי אין דער אייגענער רגע אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנד און געציטערט, און געפרעגט:

— גיטעלע, דו וואָלסט געוואָלט זײַן מײַן נשמה?

און זי האָט מיר גאַנץ שטיל געענטפערט: יאָ!

---

## 16.

און וויפיעל גליקען האָב איך אַלץ געהאַט!

אַ גליק, וואָס גיטעלע איז געוועזען אַ בת יחידה, איך — אַ בן יחיד און ביידע יתומים, איז עס אונז לייכטער געווען צו פּועל'ן; אַ גליק, וואָס דער לעהרער האָט צוזאַמען געלעגט אַ פּאָר הונדערט רובל נדן און

מײַן מאַמע האָט זײ נעטהיג געדאַרפט אין געװעלבעל אַרײַן ; אַ גליק, װאָס איך האָב פּלוצלונג בעקומען — און טאַקי גאָר אומזיסט — אַ שלעכטען שם, אַז איך װאַקס אַנ'אַפּיקורס און קײנער האָט מיך ניט געװאָלט אויפ־חאַפּען. און דאָס גרעסטע גליק איז געװעזען, װאָס איך בין געפאַלען אויף אַ שכל און האָב אונטערגעשיקט ציפּע די װאַטע מאַכערין, אַ שדכנטע, אַ מויל אויף שרויפען, און האָב איהר צוגעזאָגט גאָר בעזונדער צו געבען אַ סך געלד! פון דעסטװעגען האָט נאָך אַלץ די מאַמע געװײנט איבער מיר: אוי, װען דײַן טאַטע זאָל אויפשטעהן פון קבר און זאָל זעהן מיט װעמען איך טהו, װאָלט ער דאָך נאָך אַ מאָל פון חרפּה געלעגט זיך אין קבר אַרײַן.

דעמאָלט בין איך געפאַלען נאָך אויף אַ שכל ; איך האָב װײַטער אין מיטען דער נאַכט אָנגעהויבען שרײַען, איך בין נאָך אַ מאָל געװעזען אויף יענער װעלט. נאָר דאָס מאָל שוין אָבגעגעבען דער מאַמען אַ גרוס, אַז דער טאַטע בעשטעהט אויפ'ן שידוך.

און איך האָב געקריגען אַ נײַע נשמה...

# װענוס און שולמית.

אין קלויז אונטערן אויװען זענען געזעסען צװײ ישיבה־בחורים, חיים און זעליג. חיים האט געלעזען הויך פון א געשריבען ביכעל, און זעליג הערט צו און פערריכט א שוך מיט א פראסטער נאדעל־פאדעם.

„... און שעהן איז חנה געװען װי װענוס..."

— זאג מיר זעליג, איך בעט דיך, װאס מײנסטו מיט'ן װארט װענוס? — האט חיים א פרעג געטהון.

— װענוס איז א מיטהאלאגישער גאט — האט איהם זעליג געענט־פערט, שטעכענדיג אין שוך אריין.

— װאס איז אזוינס מיטהאלאגיע?

— דאס װייסט דו אויך נישט, חיים?... דו געדענקסט יענע װאך איז געקומען צו פאהרען א משונה'דיגע בריאה מיט א לאנגען פארטוך און מיט א רויט מיצעל, און האט פערקויפט בזיל־הזול לאקרעץ־פלעצעל מיט נאך אנדערע זיסע זאכען?

— אהא!

— דאס איז געװעזען א גרעק, און עס איז דא אזא גאנץ פאלק, װאס הייסט מיט'ן נאמען „גרעקען".

— און אלע פערקויפען לאקרעץ־פלעצעל?

— געה, דו נאר, זײ האבען זײער אייגען לאנד — „גריכען־לאנד"... די גרעקען זענען אין אלט פאלק... זײ װערען דערמאהנט אין תנ"ך. זײער לאנד הייסט „ארץ יון", זײ אלײן — „יונים".

— װאסער יון? נישט פון דעם קומט ארויס „איװאן"?

— חס ושלום! יונים זענען גאר גרעקען — „מלכות יון", אט

דיִ יונים זעָנעָן אַמאָל געָווען זעָהר אַ שטאַרק און אַ געָבּיִלדעָט פֿאָלק...
דו האָסט אַודאי געָהעָרט: אַריִסטו, סאָקראַט; זייַ ווערעָן דאָך געָ־בּראַכט פֿון אונזעָרעָ חכמים, וויִ פֿונ׳ם רמב״ם.. אַריִסטו, למשל, האָט געָגלויבּט, אַז דיִ וועָלט איִז אַ קדמון... דאָס אַלץ זעָנעָן גרעָקעָן, נאָר דיִ גרעָקעָן, חאָטש זייַ זעָנעָן געָוועָזעָן געָבּיִלדעָט, געָקאָנט מאָהלעָן, זעָגעָן, שניִצעָן און אַלעָ שעָהנעָ מלאכות, זעָנעָן זייַ פֿאָרט געָוועָן פּראָסטעָ געָצעָן־דיִנעָר, האָבּעָן זייַ פּראָסט געָדיִנט עבודה זרה.

— או — וואַ!

— זעָהסט דאָך! און אָט דיִ מעשׂיות, דיִ ספּורים פֿון דיִ געָצעָן, פֿון דיִ אָבּגעָטעָר, הייַסט מיִטהאָלאָגיעָ.

— אַהאַ! נו, און וואָס איִז ווענוס?

— איִן דעָר מיִטהאָלאָגיעָ איִז ווענוס דיִ געָטיִן פֿון שעָהנקייַט...

— וואָס הייַסט געָטיִן?

— פֿעָרשטעָהסט דו: בּייַ זייַ האָט יעָדעָר פֿאַך, יעָדעָ מלאכה אַ בּעָזונדעָר׳ן גאָט. וויִ, למשל, מעָן זאָגט בּייַ אונז אַז יעָדעָ אומה האָט איִהר שר... למשל שניִצעָרייַ, פּאָעָזיעָ, שעָהנהייַט, געָזונדהייַט, גבורה...

— האָט דאָס אַלץ געָטעָר? נאָר וואָס מייַנט מעָן געָטיִן? אַ קליִין געָטיִל?

— נייַן, גאָט איִז אַיין „עָר", געָטיִן איִז אַ „זיִ".

— האַ? נקבות? זייַ האָבּעָן אַרייַנגעָזעָצט איִן היִמעָל אַרייַן נקבות?

— עָ, חיים, פֿאַרוואָס מעָנעָר יאָ און נקבות ניִשט?

— אמת; איִך האָבּ אָבּעָר געָמייַנט, זעָליִג, אַז געָטעָר דאַרפֿעָן זייַן ניִשט זכרים און ניִשט נקבות...

— דו מוזט וויִסעָן, חיים, אַז דיִ גרעָקיִשעָ געָטעָר זעָנעָן גלייַך צו מעָנשעָן; דעָר חלוק איִז נאָר דאָס, וואָס זייַ לעָבּעָן אייבּיִג. דעָרפֿאַר האָ־בּעָן זייַ גלייַך וויִ מעָנשעָן קיִנדעָר ווייַבּעָר און פּלגשים, נאָר שטאַרבּעָן קעָנעָן זייַ בּאין אופן ניִשט! אָט, למשל, דעָר העָכסטעָר פֿון זייַ, יופּיִטעָר אַלייַן, דעָר גרעָסטעָר גאָט, וואָס האַלט דעָם דונעָר איִן דעָר האַנד און אַלעָ געָטעָר ציִטעָר׳ן פֿאַר איִהם איִמת מות; עָר אַלייַן איִז פֿון דעָסטוועָ־געָן אַ פֿאַנטאָפּעָל, אַ גאָר ניִשט בּייַ זייַן ווייַבּ יונאָנאַ, וויִ אַ פּראָסטעָר מלמד בּייַ דעָר רבּי׳ציִן. איִך האָבּ דיִר שוין אַמאָל דעָרצעָהלט פֿון דעָם פֿילוסוף סאָקראַטעָס׳עָם ווייַבּ, פֿון דעָר מרשעת קסאַנטיִפּעָ; זיִ איִז

געוועזען אַ הונגער געגען דער יונאַנאַ! הײַנט שטעל דיר פֿאָר, וואָס פֿאַר אַ צרות יופּיטער האָט געליטען; ער האָט זיך אַוודאי צען מאָל אין טאָג געוואונשען דעם טויט... נאָר ניין, שטאַרבען קאָן ער נישט!

— הכלל — וועָנוּס?

— אָט וועָנוס איז די געטין פֿון דעם שענקייט! צונד וועל איך דיר פֿאַרלעזען איהר געשיכטע.

זעליג האָט אוועקגעלעגט דעם האַלב־פֿערריכטען שוך, ארויסגעשלעפּט אַ ברודיג פּאַפּיר פֿון בוזעם און אָנגעהויבען לעזען:

— וועָנוּס, אַפֿראָדיטאַ, אַפּאָגענעאַ, פּאָנטאַגענעאַ, אַנדיאַמעטאַ...

— דאָס איז דײַטש? איך פֿערשטעה דאָך נישט קיין וואָרט — האָט זיך חיים געוואונדערט.

— נאַרעלע, דאָס זענען די נעמען, וואָס וועָנוּס האָט געהאַט אין פֿערשידענע ערטער אין גריכענלאַנד און דערנאָך אין רוים.

זי האָט מעהר נעמען, ווי יתרו; וואָס טויגען מיר די נעמען, לייען די מעשה בעסער!

זעליג לעזט:

„אונטער די פֿערשידענע נעמען איז וועָנוס געוועזען הייליג אין די פֿערשידענע שטעדט, אַלס געטין פֿון דער ליעבע".

— שוין נישט שענקייט?

— אַלץ איינס! „זי איז נישט געבאָרען געוואָרען פֿון אַ מאַמען, זי איז ארויסגעשפּרונגען פֿון ים, זי איז אַ בילד שעהנע נקבה, זעהר אַ רייצענדע..."

— אַ רייצענדע? וואָס הייסט דאָס?

— דאָס הייסט זי האָט יעדען געררייצט, אויפגעקאָכט דאָס בלוט, וכדומה.

— אהאַ!

— „זי האָט מען פֿאַרגעשטעלט גאַנץ אָדער האַלב נאַקעט..."

— פֿע!

— „איהר מאַן איז געוועזען וואַולקאַן..."

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין חיה?

— אויך אַ גאָט, דער גאָט פֿון פֿייער... ענליך צו אונזער

תובל־קין ; ער האָט ערפונדען די מלאכה פון אייזען קאָוועז , דאָס הייסט אויף דייטש די „שמידע־קונסט", פערשטעהסט ?

— א ביסעל .

— „נאָר מיט איהם האָט זי קיין קינדער נישט געהאַט . . .

— געטער גט'ן זיך נישט און האָבען חתונה אָהן חופה וקדושין . „דערפאַר אָבער האָט זי געהאַט קינדער מיט אַנדערע געטער און מיט מענשען אויך" .

— ווי הייסט ? גלאַט אַזוי , ממזרים הייסט עס ?

— זיי־זשע נישט קיין שוטה , חיים ! אַז געטער זענען פטור פון חופה , קדושין און גט , איז ביי זיי נישט דאָ קיין ערוה און קיין ממזרים . . .

— יאָ , אַודאי , אַז מען וואַשט זיך נישט , דאַרף מען נישט בענשען ; דו זאָגסט דאָך אָבער מיט מענשען אויך ? . . .

— נו , וואָס זשע איז ? הלמאי אונזערע בני־אלהים , וואָס זענען דערמאַהנט אין פסוק . . .

— נו , נו לייען ווייטער

„מיט מאַרסען האָט זי געהאַט צוויי קינדער . . ."

— ווי זאָגסט דו ? מרס צי מרסנ ?

— נישט מרס , נישט מרסנא , נאָר מיט מאַרס' , מיט'ן גאָט מאַרס , דאָס איז דער „איש מלחמה" , דער גאָט פון מלחמות , דער קריעגסגאָט . . .

— „צוויי מיט באַקכוסען , מיט'ן גאָט , ־אָס האָט צו שאַפען איבער וויין און אַנדערע משקאות" .

— דאָס מוז זיין אַמין לוט , אַגוטער שכור

— „צוויי מיט מערקור" . . .

— ווער איז דער ?

— מערקור איז דער גאָט פון גנבים , סוחרים , משולחים !

— זעהר אַ געמיינער שרוף .

— מיט איינעם אַנחיזעם , אַפראָסטען בשר ודם , האָט זי זיך געטראָפען ערגיץ נעבען אַ טייך , זייענדיג פערשטעלט אין אַ פאַסטוש־קע ; פון דער וויזיט איז געבאָרען געוואָרען אַ יונגעל . . . אַמאָל האָט זיך איהר געטראָפען אַזאַ מעשה : עס האָט זי נאָכגעיאָגט אַ חברה

רוצחים — האָט זי זיך בעהאַלטען אין אַ הייל און האָט גערופען הערקולעס׳ן".

— ווער איז דאָס?

— דאָס איז אַ שטאַרקער גאָט, נישט אפילו אַ גאַנצער נאָר אַ האַלבער גאָט; איינער אַליין האָט ער אויסגערייניגט אין איין טאָג 36 פערד־שטאַלען...

— ווייטער, ווייטער, זעליג; עס הויבט שוין אָן צו נודען און קאַפויר צו געהן. כ׳לעבען.

— „הערקולעס איז געקומען אין דער הייל אַריין, ער האָט אַריינגעלאָזט די רוצחים איינציג־ווייז, איינעם נאָכ׳ן אַנדערן, מען האָט זיי צורעכט געמאַכט"...

— פע, חלשות!

— „די ווענוס פלעגט זיך שטאַרק נוקם זיין אין די, וואָס האָבען געלאַכט אויס דער ליעבע. איינוואוהנער פון שטערט האָט זי פערוואַנדעלט, דאָס הייסט מגלגל געווען, אין אָקסען".

— גענוג! — האָט חיים אויסגעשריען, אויפשפרינגענדיג, — עס קעהרט זיך די גאַל! ווענוס, אַ געטין, חאַ, חאַ, חאַ! געהאַט טויזענד מאַנען, גע׳הרג׳ט, געשטאָכען, געקוילעט — נאוף, זנות, רציחה, פע!

חיים האָט אויסגעשפיגען און זעליג איז אויפגעשטאַנען אין איין צאָרן.

— ע! — האָט זיך זעליג אָנגערופען בעליידיגט — דו ווייסט וואָס דו רעדסט און וואָס דו שפייסט... דו נעמסט אַ טהייער, שעהן מלבוש, און טהוסט עס אָן אויף דער לינקער זייט, דרעהסט איבער דעם ספאָדעק און מאַכסט אַ פורים שפיעל!... ווענוס איז נאָר אַ משל, אַזאַ מין אידעאַל, אויף אַזאַ־נ־אַרט, למשל, ווי אין שיר השירים שולמית...

— אַקוראַט, חאַ, חאַ, חאַ! שעמען מענסט דו דיך, זעליג! פונקט גלייך! שולמית אין שיר השירים איז אַ געזונדטע, אַ פרישע, אַ שטיק אייזען! די ברידער האָבען איהר געהייסען היטען זייערע וויינגערטנער, האָט זי איהר וויינגאָרטען נישט געהיט; דאָס פנים איז איהר אָבגעברענט, נאָר זי איז נישט קיין ציגיינערין; דער האַלז איז וויים ווי מירמעלשטיין; זי שמעקט מעהר, ווי אַלע פעלדער, וועלדער און גערטנער צוזאַמען. זי קוקט נישט אַראָב פאַר בושה און בלאָזט זיך נישט, ווי אַ אינדיק; זי קוקט

גלײַך, זי האָט זיך נישט וואָס צו שעמען. זי האָט אַזוינע גוטע, וואַרעמע האַרציגע אויגען, ווי צוויי גוטע טויבען! און ליפּען האָט זי — צוויי דינע, רויטע פעדעם. און זי שנירט נישט דאָס פּיסקעל און מאַכט נישט קײַן מיאוסע הויות; זי רעדט גלײַך, און האָניג גיסט זיך איהר פון מויל!... אַז דו זעהסט זי, קומט דיר קײַן שלעכטער געדאַנק נישט אַרײַן אין קאָפּ; גאָר פערקעהרט: דו פערלירסט גאָר די געדאַנקען. זי גיט אויף דיר אַ קוק מיט איין אויג, לאָזט דו דײַנע אַראָב ווי אַ גנב; דײַן האַרץ אין דיר הויבט אָן ציטערן און צאַפּלען, ווי אַ געקוילעטער האָהן. זי איז אײנפאַך, רײַן און ציכטיג, ווי ערשט געפאַלענער שנײ! אָט קומט אָן דער זומער, אַ נײַ לעבען אויפ'ן פעלד און אינ'ם גאָרטען, די טורקעל-טויב הויבט אָן צו ברומען, די בלומען הויבען אָן שפּראָצען, דער פײַגענבוים בליהט, די ווײַנטרויבען בלישטשען! אַלץ ווערט אויפגעלעבט, אַלץ האָט זיך אויפגעכאַפּט צו נײַעם לעבען און איהר האַרץ האָט ערפילט אַ נײַ געפיהל! פּלוצים איז דאָס געפיהל געקומען און באַלד מיט'ן גאַנצען שרעקליכען כח! שטאַרקער ווי דער טוידט איז איהר ליעבע, טיעפער ווי דאָס גיהנם איז איהר קנאה. און איהר ליעבע איז עביג, טײַכען וועלען זי נישט פערפליסען, דער ים אַלײַן וועט זי נישט פערלעשען... און ליעב האָט זי נאָר אײנעם: אַ יונגען, שעהנעם פּאַסטוך; זי ווײסט נישט, אַז דער פּאַסטוך טראָגט אַ קרוין אויפ'ן קאָפּ, אַז ער איז דער גרעסטער מלך אויף דער וועלט! זי איז פּראָסט, אָפען און עהרליך, זי קאָן נישט שפּיעלען קײַן ראָמאַן, קײַן „טשיטשיבאַבע", איהר טהוט וועה, וואָס ער איז נישט איהר ברודער פון איין טאַטען און פון איין מאַמען, זי זאָל איהם קענען קושען פראַנק און פריי אין אַלע גאַסען! אָט! דאָס איז שולמית! דאָס איז, ווי דו זעהסט, אַן אידעאַל פון אַן אמת'ער יודישע טאָכטער, וואָס האָט אַ טאַטען און אַ מאַמען, נישט ווי דיין וועגוס די אויסגעלאַסענע.

— דו פערגעסט אָבער איין זאַך — האָט איהם איבערגעשלאָגען זעליג — דו פערגעסט, אַז דאָס אַלץ, דאָס הייסט די מיטהאָלאָגיע איז נאָר משלים; דערונטער שטעקען פילאָזאָפישע און רעליגיעזיע געדאַנקען.

— אדרבא, פערקעהרט! גאָר פערקעהרט די סברא! ווי פאַרקליידט מען הויכע געדאַנקען אין נידריגע משלים? ווי פאַרבינדט מען בריליאַנטן אין אַ ברודיגע שמאַטע? און וואָס הייסט? צי איז דען ביי אונז יודען שיר השירים נישט קיין משל? איז דען נישט שלמה דער רבונו של עולם אליין, דער מלך שהשלום שלו? און שולמית איז דען ניט די כנסת ישראל?

די רײנע, נאָר פערשוואַרצטע כּנסת ישׂראל?! נאָר סודות אַ הין, סודות אַהער, שולמית איז טאַקי שולמית, און וועָנוס, להבדיל אלף אַלפי אלפים הבדלות, איז אַזוינס, וואָס איז נישט ווערטה די רעד! הערסט דו, זעליג ימח שמה!!! מעק אוים איהר נאָמען פון דײן ספר און שרײַב — ווי הײסט דאָס מײדעל, וואָס דו בעשרײבסט? חנה, דאַכט זיך?

— חנה.

— נו, שרײַב, אַז זי איז אַזוי שען געװעזען, װי... אָדער נײן, שרײַב נישט! הערסט דו! זאָלסט דיך נישט דערװעגען, עס װאָלט געװעזען אַ העזה פון דיר; לאָז דײַן חנה מיט די פּיסלעך, װי די שפּילקע־קעפּלעך גלײַך זײַן צו װעמען דו װילסט, צו מרים'ן מיט דער פּויק, צו אביגיל'ן, צו רחב'ן, צו דלילה'ן, לאָז זײַן צו װעמען דו װילסט אפילו צו אסתּר המלכּה; נאָר נישט צו שולמית, קײנע קען נישט גלײַך זײַן צו איהר, קײנע נישט, הערסט?!... —

# אין פּאָסט־וואַגען.

## א

ער האָט מיר אַלץ דערצעהלט אויף אַ מאָל, אין איין אָטהעם. אין איין מינוט כּמעט, בּין איך געוואָהר געוואָרען, אַז ער איז חיים, יונה הרובּיעשויוועדם איידעם, בּעריל קאָנסקיוואָלערס זוהן, און אַז דער לובּלינער גביר מעערענשטיין, געהער איהם צו אַ פּעטער פון דער מוטער, עליה השלום'ס צד. נאָר דער פּעטער זיינער פיהרט שוין כּמעט אַ גויש הויז; טרפות, ווייסט ער נישט אויבּ מע'עסט, נאָר אומגעוואַשען — האָט ער אַליין געזעהן...

עס איז עפּיס, זאָגט ער, אַנדערע מאָדנע בּרואים: לאַנגע האַנדטוכער ליגען אויף די טרעפּ, איידער מען געהט אַריין מוז מען געבּען אַ קלונג; אין שטוב זענען אויסגעשפּרייט געמאָלטע טישטוכער... מענשען זיצען ווי אין אַ תּפיסה, געהען שטילערהייט ווי גנבים... בּכלל, זאָגט ער, איז בּיי זיי שטיל ווי רחמנא ליצלן צווישען טויבּ־שטומע...

זיין ווייבּ האָט אַזאַ מין משפּחה אין וואַרשאָ. נאָר צו זיי קומט ער נישט; גלאַט זיי זענען קבּצנים אויך — „וואָס טויגען זיי מיר? האַ?"...

בּיים לובּלינער פּעטער איז נישט ווי גאָט האָט געבּאָטען, איז ער וועניגסטענס אַנ'עושר. נו, אַז מען רייבּט זיך נעבּען אַ פּעטען, ווערט מען אויך פעט; וואו מען האַקט האָלץ פאַלען שפּענער, וואו עס איז אַ סעודה קען מען אָבּלעקען אַ בּיין... אָבּער דאָרט — קבּצנים!

ער ריכט זיך אַפילו מיט דער צייט צו קריגען אַ שטעלע בּיי'ם לובּלינער פּעטער. די געשעפטען, זאָגט ער, זענען שלעכט. היינט האַנ־

דרעלט ער מיט אייער, ער קויפט זיי אין די דערפער און שטעלט זיי אָב קיין לובלין. פון דאָרט געהען זיי קיין לאָנדאָן... מען זאָגט, אַז דאָרט לעגט מען זיי אין קאַלך־אויוועז אַריין און עס קומט פון זיי אַרויס הינער... „עס מוז זיין ליגענד... די ענגלענדער מוזען גאַנץ איינפאַך ליעב האָבען אייער!", נאָר סיי ווי סיי — דאָס געשעפט איז דערוויילע דער־שלאָגען...

אַליץ בעסער דאָך ווי תבואה! תבואה איז גאָר גע'הרג'ט. באַלד נאָך דער חתונה איז ער געוואָרען אַ תבואה־סוחר. ער איז געוועזען אַ לערן־קינד, האָט מען איהם צוגענומען אַ שותף אַנ'אַלטען סוחר... דער סוחר, האָט איהם אויסגעמאַכט דאָס אויער, פשט פשוט געפריצעוועט...

—————

# ב.

אינ'ם פאָסט־וואָגען איז פינסטער, איך האָב חיים'ס פנים נישט געזעהן, און, עד היום ווייס איך נישט, ווי אַזוי ער האָט אין מיר אַ יוד דערקענט... אַז ער איז איינגעשטיגען בין איך געזעסען אין ווינקעל אין געדרימעלט, זיין קול האָט מיך ערשט אויפגעוועקט... פון שלאָף רעד איך נישט... אפשר האָב איך אַ יודישען קרעכץ געגעבען? אפשר האָט ער דערפיהלט, אַז מיין קרעכץ און זיין קרעכץ זענען איין קרעכץ?

ער האָט מיר אַפילו דערצעהלט, אַז זיין ווייב קומט אַרויס פון וואַרשא, אַז עד היום שמעקט איהר נישט קאָנסקיוואָליע...

— געבוירען, פערשטעהט איהר מיך, איז זי אין הרוביעשאָוו, נאָר ערצויגען געוואָרען איז זי אין וואַרשאָ: ביי דער טרפה'נער משפחה דאָרט, אַ יתומה געוועזען...

אין וואַרשאָ האָט זי זיך אָנגעשמעקט מיט אַ נ ד ע ר ע זאַכען. זי איז אַ גרויסע בריה אין פוילישען, דייטשערישע אַדרעסען לייענט זי ווי אַ וואַסער. זי זאָגט אַפילו, אַז זי קען שפיעלען, נישט אויף אַ פיעדעל, נאָר עפּים אויף אַנ'אַנדערע מאָדע כלי...

— און איהר ווער זענט? חאַפּט ער מיך פלוצלינג אָן ביי דער האַנד.

פון שלאָפען איז שוין נישט געוועזען וואָס צו רעדען, און אָנגעהוי־

בעֶן אַנטערעסירעֶן האָט עֶר מיך שוין אויך. עפּיס אַ מעשׂה, אַ קליינ־שטעֶדטעֶלדיגעֶר יונגעֶר מאַן, אַ ווייבעֶל, אויפגעֶצויגעֶן אין וואַרשאָ, דאָס קליינעֶ שטעֶדטעֶל שמעֶקט איהר נישט... פון דעֶם קעֶן עפּיס זיין, טראַכט איך, מעֶן דאַרף געֶוואָהר ווערעֶן אַ קוראַט, עפּיס צולעֶגעֶן, וועט זיין אַ ראָמאַן... וועֶל איך באמת צובראָקעֶן אַ מין גזלן, אַ קאַטאָרזניק, אַריינ־האַקעֶן אַ פּאָר באַנקראָטעֶן און צוריישעֶן אַ פּיפּעֶ־נאָטעֶר, וועֶל איך אויך זיין אינטערעֶסאַנט.

איך בויג מיך צו, צו מיין שכן און זאָג איהם ווער איך בין.

— אַזוי, זאָגט עֶר, איהר זעֶנט עֶם טאַקי, איהר אַליין... און זאָגט מיר, איך בעֶט אַייך, ווי נעמט עֶם אַ מעֶנש צייט און קאָפּ, זיך אויסצו־קלערעֶן מעשׂיות...

— איהר זעֶהט דאָך!

— איך וויים? האָט איהר געֶמוזט אַ גרויסעֶ ירושה קריגעֶן און איהר לעֶבט פון פּראָצעֶנט.

— חס ושלום, מיינעֶ עלטערן לעֶבעֶן, ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר...

— האָט איהר געֶמוזט אויף דעֶר לאָטעריעֶ געֶווינעֶן!

— אויך נישט...

— וואָס דעֶן?

איך האָב איהם באמת נישט געֶוואוסט וואָס צו ענטפערן...

— האָט איהר פון דעֶם פּרנסה?

איך ענטפעֶר אַנ'אמת יודישעֶ תשובה: בעֶ!

— און דאָס איז אַייעֶר גאַנצעֶ פּרנסה, גאָר אָהן אַ צושפּרונג?

— דערווייל...

— אָ וואַ! וואָס האָט איהר, איך בעֶט אַייך, דערפון?

— זעֶהר ווענינ!

— אויך טוידט?

— געֶ'הרג'עֶט...

— שלעֶכטעֶ־צייטעֶן, זיפצט מיין שכן.

אַ פּאָר מינוט איז שטיל געֶוועֶזעֶן, מיין שכן קעֶן דאָך לאַנג נישט רוהעֶן:

— זאָגט מיר, איך בעֶט אַייך, נאָך וואָס טויגעֶן די מעשׂיות?

— איך מיין נישט אַייך, חלילה, — פערבעֶסעֶרט עֶר זיך — חס

ושלום, אַ יוד דאַרף פרנסה. צאַפּט ער פון דער וואַנד; דאָס איז בײַ מיר גאָר קיין קשיא נישט... וואָס טהוט נישט אַ יוד פאַר פרנסה? אָט, האָב איך נישט געקריגען קיין געלעגענהייט, פאָהר איך מיט דער פאָסט, גאָט ווייסט אויב איך זיץ נישט אויף שעטנז. נאָר דעם עולם מיין איך, וואָס טויגען זיי די מעשיות? וואָס פאַר אַ תכלית שטעקט דערינען? וואָס שרייבט מען אין די ביכלעך?

ער וואַרט נישט אויף תשובה און ענטפערט זיך אַליין: —

— עס מוז גלאַט זיין אַזאַ מאָדע, אַ מין קרינאַלינע, אַ קשיא אויף ווייבער!

— און איהר, פרעג איך איהם, איהר האָט נאָך ק י י ן מאָל נישט געלעזען די ביכלעך?

— א י ך מעג איך דאָך זאָגען, איך האָב יאָ אַפילו אַ שטיקעל ידיעה דערפון... אָט אַזוי גרויס...

ער האָט מיר אוודאי אָבגעמאָסטען אַ שטיקעל אויפ'ן פינגער, אַ נאָגעל מיט אַ שטיקעל פלייש צו, נאָר עס איז פינסטער געוועזען.

— עס האָט אייך פאָרט אינטערעסירט?

— מ י ך? חס ושלום! אַלץ מיין ווייב! די מעשה דערפון, פערשטעהט איהר, איז אַזוי געוועזען: עס וועט זיין אַ יאָהר 5—6, טאַקי 6, אַ יאָהר נאָך דער חתונה — מיר האָבען נאָך קעסט געגעסען... האָט זיך עפּיס געמאַכט, אַז מיין אשה איז נישט געוועזען אין גאַנצען; נישט חלילה קראַנק, זי איז אַרומגעגאַנגען, נאָר אַזוי, נישט בקו הבריאה...

איינמאָל פרעג איך זי, וואָס איז איהר...

— אייגענטליך, חאַפּט ער זיך צוריק, ווייס איך נישט, נאָך וואָס איך דול אייך דעם קאָפּ מיט אַזוינע זאַכען...

— אַדרבא, זאָג איך איהם, דערציעהלט ר' קרוב...

מיין שכן לאַכט:

— מען דאַרף שטרוי אין מצרים? א י ה ר דאַרפט מיינע מעשיות, איהר קענט אייך נישט א ו י ס ק ל ע ר ע ן אַליין?

— דערציעהלט ר' קרוב, דערציעהלט...

— איהר שרייבט, אַ פּנים, פאַר יענעם ליגענד, און פאַר זיך ווילט איהר אמת?

אז מען זאָל שרײַבן אמת, פֿאַלט איהם גאָר נישט אײַן...
— נו, מאַכט ער, זאָל זײַן אַזוי...

---

— נו — דערציילט מײַן שכן — עס איז קײַן בושה נישט: אין אַ בעזונדער חדר האָבען מיר געוואוינט, אַ יונגער מאַן בין איך געוועזען, מעהר צוגעלאָזט צו אַזוינע זאַכען — פֿרעג איך זי, וואָס עס איז איהר, לאָזט זי אַרויס אַ געוויין...

איך האָב אויף איהר שטאַרק רחמנות געהאַט. אויסער דעם, וואָס זי איז, קײַן עין הרע, בײַ הונדערט און צוואַנציג יאָהר, מײַן ווײַב — איז זי נאָך — אַ י ת ו מ ה... און אין דער פֿרעמד, טאַקי עלענד!

— ווי הייסט עלענד? וואונדער איך מיך.

— מײַן מאַמע, עליה השלום, איז, פֿערשטעהט איהר, נפֿטר געוואָרען, אַ יאָהר צוויי פֿאַר מײַן חתונה, און מײַן טאַטע, עליו השלום, האָט שוין קײַן אַנדער ווײַב נישט גענומען.

מײַן מאַמע, זכותה יגן עלינו, איז געוועזען אַנ'אשה צנועה, און מײַן טאַטע האָט זי נישט געקענט פֿערגעסען... נו, א י י ן יודענע אין שטוב... דער טאַטע אַליין, עליו השלום, האָט קײַן מאָל קײַן צײַט נישט געהאַט... כמעט אַ גאַנצע וואָך אויף די דערפֿער געוועזען, ער האָט געהאַנדעלט מיט כל המינים, וואָס איהר ווילט נאָר — אייער, פּוטער, שמאַטעס, חזיר־האָר, לײַנוואַנד.

— און איהר?

איך בין געזעסען אין בהמ"ד און געלערנט... נו, אַ ווײַבעל אַליין, האָב איך גערעכענט, האָט זי מורא... ווי קומט אָבער וויינען דערצו? „ניין" — זאָגט זי — „זי נודזיעט זיך"... נודזיעט זיך? וואָס הייסט דאָס?

געזעהן האָב איך, אַז זי געהט אַרום ווי אײנער אין שלאָף. אַ מאָל רעדט מען צו איהר און זי הערט נישט, אַ מאָל פֿערטראַכט זי זיך און קוקט אויף דער וואַנד, און קוקט, און קוקט... אַ מאָל מאַכט זי מיט די ליפּען, און מע'הערט נישט איהר קול... נאָר וואָס הייסט נודזיען זיך? אַלץ ווײַבערישע זאַכען. אײַן עס לא היה די נשים... אַ יוד, אַ מאַנסביל נודזיעט זיך נישט... אַ יוד האָט גאָר קײַן צײַט נישט זיך צו נודזיען, אַ

יוד איז הונגעריג אָדער זאַט; אָדער אַנ׳עסק, אָדער אין בית המדרש, אַ ניט שלאָפט ער... האָט מען שוין גאָר צייט רויכערט מען אַ לולקע־ציבוך — אָבער נודזיען זיך?

— פערגעסט נישט, זאָג איך איהם, אַ יודענע אָהן תורה, אָהן קהל׳שע זאַכען, אָהן תרי״ג מצות...

— דאָס איז טאַקי די מעשה; איך האָב מיך טאַקי באַלד אָנגע־הויבען שטויסען, אַז נודזיען זיך איז אַ מין לעדיג־געהן, אַ מין בטלה וואָס מע׳ווערט שיעור משוגע דערביי. אונזערע רבותים האָבען שוין דאָס לאַנג געזעהן ברוח הקדש... איהר קענט די קליינע אותיות? הבטלה מביאה לידי שעמום! על פי דין טאָר קיין ווייבעל נישט געהן לעדיג, זאָג איך איהר טאַקי: טהו עפּים! זאָגט זי, זי וויל „לעזען״!

„לעזען״ איז אויך ביי מיר געוועזען אַ משונה וואָרט... געוואוסט, אפילו, האָט מען שוין, אַז ביי די, וואָס לערנען זיך שרייבען, הייסט לער־נען „לעזען״, להבדיל, ביכלעך מיט צייטונג. איך האָב אָבער נאָך דע־מאָלט נישט געוואוסט, אַז זי איז אַזאַ מלומדת... זי פלעגט מיט מיר ווע־ניגער רעדען ווי איך מיט איהר! זי איז אפילו אַ הויכע יודענע, נאָר פלעגען פלעגט זי האַלטען דעם קאָפּ אַראָב, די ליפּען פערביסען, גלייך זי קאָן קיין צוויי נישט צעהלען... זי איז בכלל געוועזען אַ שטילע... אַ שאָף! און שטענדיג איז איהר אויפ׳ן פנים געוועזען אויסגעגאָסען אַזאַ מין פער־זאָרגעניש — גלייך עס וואָלט איהר אַ שיף מיט זויער־מילך אונטערגעגאַנגען... זי וויל — זאָגט זי — לעזען. און וואָס? פוילּיש, דייטש... זאָל זיין עברי־טייטש, אַבי לעזען...

און דאָ איז אין קאָנסקיוואָלע קיין זכר פון קיין ביכעל נישט דאָ! רחמנות האָב איך אויף איהר אָבזאָגען קען איך איהר נישט... זאָג איך איהר צו, אַז ווען איך וועל זיין ביי׳ם פעטער אין לובלין, וועל איך איהר ברענגען ביכלעך...

— און דו האָסט גאָר נישט? פרעגט זי.

— איך? חס ושלום!

— וואָס דען טהוסט דו גאַנצע טעג אין בית המדרש?

— איך לערן!

— איך וויל אויך לערנען, מאַכט זי!

איך גיב איהר צו פערשטעהן, אַז גמרא איז, להבדיל, קיין

מעשה־ביכעל נישט, אז זי איז נישט פיר ווייבער, אז עס איז גאר דא א דעה אין דער גמרא, אז נקבות, טארען נישט לערנען, אז גמרא איז לשון קודש...

עס האט אבער נישט געהאלפען! מע'זאל וויסען דערפון אין קאנס־קיוואליע וואלט מען מיך פערשטיינערט, און זיי וואלטען גערעכט געווען! איך וועל אייך נישט לאנג ברייען, איך וועל אייך דערצעהלען קורץ און בקצור, זי האט אזוי לאנג מיך געבעטען, געוויינט, געחלשט; אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז זי האט געפועלט. איך פלעג מיך יעדע נאכט אנידער־זעצען און פערטייטשען איהר א בלאט גמרא...

איך האב אבער פריהער געוואוסט דעם סוף...

— און דער סוף איז געוועזען?

— פרעגט גאר נישט... איך האב איהר איבערגעזעצט א בלאט „ארבעה אבות נזיקין“... השור והבור, והמבעה, וההבער... און טאקי מיט רש"י, מיט תוספות, מיט מהרש"א... איך האב געקנאקט, און זי — איז דערביי נאכט אויף נאכט איינגעשלאפען... עס איז נישט פאר קיין יודענע!

א גליק האט מיך געטראפען, אז אין דער גרויסער זאוויערוחע, וואס עס איז אין דעם יאהר געוועזען, האט זיך א פאקענטרעגער פערבלאנדזיעט קיין קאנסקיוואליע. דאס איך איהר אהיים געברענגט א פוד, א גאנץ פוד מעשה ביכלעך... צונד וויטער איז געווארען פארקעהרט... זי האט מיר געלייענט, און — איך בין איינגעשלאפען...

און עד היום — מאכט ער — ווייס איך נישט, נאך וואס עס טויגען די מעשה־ביכלעך. פאר מאנסבילען אודאי נישט! אפשר שרייבט איהר נאר פאר ווייבער?

---

## ד.

דערווייל האט אנגעהויבען טאגען...

אין דער טונקעלער בויד האט אויפגעטויכט מיין שכנ'ס געל, לאנג און דאר פנים; א פאר אונטערגעשלאגענע, מידע, רויטע אויגען. ער האט געוואלט, א פנים, זיך נעמען צו דאוונען פון פארנט;

ער האָט געווישט די פּערטוי'טע שויב פון פּאָסטוואָגען, נאָר איך האָב איהם איבער:

— זאָגט נאָר, איך בעט אייך, ר' קרוב, האָט אויף מיר קיין פּער־איבעל נישט, היינט איז שוין אייער ווייב צופריעדען?

— ווי הייסט צופריעדען?

— זי נודזיעט זיך נישט מעהר?

— זי האָט היינט אַ „שטעל" מיט זאַלץ און מיט הערינג... איין קינד ביי דער ברוסט... צוויי — צו קעמען און צו וואַשען!... מיט גוזלעך שנייצען איז זי יוצא פאַר אַ טאָג...

ערווישט נאָך אַ מאָל די שויב, איך שטער איהם ווייטער —

— זאָגט נאָר ר' קרוב — ווי זעהט אויס אייער ווייב?

מיין שכן שטעלט זיך אויף, ווארפט אויף מיר אַ ווייטיגען בליק, בעטראַכט מיך פון קאָפּ ביז פיס און פרעגט מיך שטרענג:

— וואָס איז, איהר קענט מיין ווייב! פון וואַרשאָ, וואָס?

— חלילה, ענטפער איך איהם, איך מיין גלאַט, טאָמער בין איך אין קאָנסקיוואָליאַ, וויל איך זי דערקענען...

— איהר ווילט זי דערקענען! שמייכעלט ער בערוהיגט, מהיכי תיתי! האָט איהר אַ סימן: זי האָט אַ פּעפער אויף דער לינקער זייט נאָז!

---

# ה.

דער יוד איז אַראָב געקראָכען פון פּאָסטוואָגען, ער האָט זיך מיט מיר געזעגענט, שטעהענדיג שוין אויפ'ן שטאַפּעל, פון דער ווייטענס, און גאָר קאַלט.

ער איז מיך, אַ פּנים, חושד, אַז איך קען פאַרט זיין ווייב, און אפשר, אַז איך געהער צו זיין טרפה'נער משפחה!

איך בין געבליבען איינער אַליין, נאָר פון שלאָפען איז שוין נישט געוועזען וואָס צו רעדען. דער פרישער מאָרגען האָט מיך דורכגענומען; מיין ליטעראַרישער פּאַלטאָ איז אונטערגעשלאָגען מיט ווינד, און דער קיהלער מאָרגען גנב'ט זיך מיר אַריין אין אַלע גליעדער. איך האָב מיך צוריק פערדרוקט און אָנגעשפּאַרט אין ווינקעל. דרויסען האָט אָנגעהויבען שיינען די זון. עס קען זיין, אַז איך בין געפּאָהרען אין אַ הערליכע געגענד.

די ערשטע שטראַהלען פון דער זון, האָבען אפשר זיך הערצליך געקושט מיט שפּיצען פון בערג, מיט גרינע בוימער, און אפשר געגליטשט זיך אויף אַ שפּיגעל־בלאָהען טייך... איך האָב דאָך די העזה נישט געהאַט צו עפענען דאָס קליינע פענסטער׳ל...

אַ יודישער ליטעראַט האָט דרך ארץ פאַר קעלט; איך האָב מיך גע־נומען „אויסצוקלערען״, ווי דער יוד זאָגט, אַ מעשה. דאָך אַנדערע מחשבות האָבען מיר איבערגעשלאָגען...

צוויי פערשידענע וועלטען, אַ מאַנישע וועלט, און אַ ווייבערישע וועלט... אַ וועלט מיט „ארבעה אבות נזיקין״, און אַ וועלט מיט מעשה־ביכלעך, וואָס מען קויפט אויפ׳ן פּוד!

לעזט ע ר וועט זי אַנשלאָפען; לעזט ז י וועט ע ר אַנשלאָפען... וועניג האָבען מיר כּתות... וועניג צופאַלען מיר אויף „פראַנצויזישע נעז״, „ענגלישע שטעקען״, „דייטשע יערגעס״, ליטווישע חזירים״, „פּוילישע שנאָ־רער״, „ארץ־ישראל שלעפּער״... וועניג אַז יעדעס אַ ב ר פון אונזער גוף ליגט אין אַנ׳אַנדערע שטאָל, און האָט אַנ׳אַנדערן קלינגענדיגען בּיי־נאָמען; וועניג וואָס יעדעס אבר צופאַלט נאָך אויף פערשידענע חלקים: חסידים, מתנגדים, דייטשען... שפּאַלטען מיר זיך נאָך, אויף זכרים און נקבות... אין יעדערער איינציגער יודישער, ענגער, נאַסער, ברודיגער שטוב, מוזען אויך זיין צוויי בעזונדערע וועלטען...

לעזט ע ר — וועט זי אַנטשלאָפען, לעזט ז י — וועט ער אַנט־שלאָפען.

מע׳וואָלט געדאַרפט, טראַכט איך, על כל פנים די צוויי וועלטען צו פעראייניגען...

דאָס איז דער חוב פון יעדען יודישען שרייבער... נאָר די יודישע שרייבער האָבען צו פּיעל אייגענע חובות... מען זאָל וועניגסטענס האָבען אַ צושפּרונג צו דער פרנסה...

---

מיין קלערען איבער אַ צושפּרונג צו דער פרנסה האָט איבערגעהאַקט דער פּאָסטיליאָן מיט עטליכע שאַרפע טענער. איך בין דאָך נישט אַראָפּ־געגאַנגען פון וואָגען, עס איז מיר אַ ביסעל וואַרעמער געוואָרען, די זון האָט אָנגעהויבען צו ווייזען, אַז זי איז נישט קאַרג.

איך האָב ווייטער געקריגען אַ שכן, נאָר ביים ליכטיגען מאָרגען

האָב איך איהם גוט געזעהן און אַפילו דערקענט. עס איז געווען מיינער אַנ'אַלטער בעקאַנטער, מיר האָבען קינדוויים צוזאַמען זיך געגליטשט, אָפט געשפּילט אין בעקען־ברויט, כמעט חברים געווען... דערנאָך בין איך געגאַנגען אין ברודיגען פינסטערן חדר אַריין, און ער אינ'ם ליכטיגען פריען גימנאַזיום...

אַז א י ך האָב נישט געקענט, האָט מען מיך געשמיסען, פאַר טרעפען דעם מהרש"א'ם קשיא — געקניפּען אין בעקיל, סיי ווי סיי האָט מיר וועה געטהון; ע ר איז אַ מאָל געזעסען אין קאַרצער און אַ מאָל געקריגען פינפען... א י ך האָב מיר דען קאָפּ געבראָכען איבער קתא דמגלא, און ער — איבער גריכישע און לאַטייניש צוויין־קלאַפּעדיקע ווערטער. דאָך האָבען מיר זיך געהאַלטען צוזאַמען. מיר האָבען געלעבט בשכנות; ער פלעגט מיך בסוד לערנען לעזען, דערנאָך באָרגען ביכער, אין די שפּעטערע יאָהרען האָבען מיר ביידע איבערגעקעהרט די וועלט, ליגענדיג אויפ'ן גרינעם גראָז נעבען טייך... איך האָב געוואָלט ערפינדען אַזאַ מין פּולווער, וואָס זאָל שיסען גאָר פון ווייטענס, אויף הונדערטער מייל, למשל; ער — אַ באַלאָן, אַרויפצופליהען צו די שטערען, ביי יענע מענשען אויך עפּיס איינפיהרען אַ „פּאָריאַדאָק"! מיר האָבען געהאַט שרעקליך רחמנות אויף דער אומגליקליכער וועלט, זי איז אַריין אין אַ בלאָטע, ווי שלעפּט מען זי אַרויס! אַנ'אום־געשמירטער וואָגען, פוילע פערד, און דער בעל עגלה שלאָפט!

דערנאָך האָב א י ך חתונה געהאַט, און ע ר איז געפאָהרען אין אוניווערזיטעט אַריין. קאָרעספּאָנדירט האָבען מיר נישט. פון ווייטענס האָב איך געהערט, אַז עס האָט זיך איהם געטראָפען אַ מכשול און איז אַנשטאַט דאָקטאָר — אַפּטייקער געוואָרען, אין אַ קליין שטעדטעל ערגיץ...

אַז מיין שכן איז אַריין אין וואָגען, האָב איך שיער נישט אויסגעשריגען פאַר פרייד; עס איז מיר וואַרעם געוואָרען אונטערן האַרץ. די הענד האָבען זיך אויסגעשפּרייט, דער גאַנצער קערפּער האָט זיך צו איהם איבערגעבויגען, דאָך האָב איך מיך צוריק געהאַלטען; מיט אַלע כוחות צוריק געהאַלטען.

אַ קשיא אויף אַ מעשה, טראַכט איך, עס איז טאַקי י אַ נ ע ק פ אָ ל ניעוו ס קי, אונזער געוועזענעם סעקוועסטראַטאָר'ס זוהן; עס איז טאַקי מיין געוועזענער חבר; ער האָט טאַקי אַ מאָל געהאַט ברייטע אָרעם און האָט געוואָלט אַרומחאַפּען די גאַנצע וועלט און אויסקושען איהר יעדעס

אָבער, אויסער די מיאוסע בראָדאַוועס, וואָס מען דאַרף אָבשניידען!...
נאָר אַ קשיא אויף אַ מעשה... היינטיגע צייטען! אפשר איז ער שוין איין אַנטיסעמיט, אַ מוזיק אין דער „ראָלאַ", אפשר זענען היינט מיר יודען די בראָדאַוועס — וואָס מען דאַרף אָבשניידען פון אייראָפּאַ'ס שעהנער נאָז, ער וועט מיך נאָך אָבמעסטען מיט אַ פּאָר קאַלטע אויגען, אָדער זיך אַפילו צוקוישען מיט מיר, גאָר זאָגען, אַז איך בין נישט ווי אַלע יודען...

איך האָב אָבער אַ טעות געהאַט, פּאָלניעווסקי האָט מיך דערקענט, געפאַלען מיר איבערן האַלז, און נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט מיט איהם זיך צוצורעדען, באַלד געפרעגט, ווי מיר געפעלט דער פּאָדלע אַנטיסעמיטיזם...

---

— עס איז עפּיס — זאָגט ער, נאַטירליך אויף פּויליש — עס איז עפּיס אַ מין חאָליערע, אַ מין עפּידעמיע...

— טהייל זאָגען אַז עס איז פּאָליטיש...

— גלויב נישט, מיינט פּאָלניעווסקי, די פּאָליטיק מאַכט קיין נייעס, בעשאַפט נישט קיין פאַקטען.

זי קען נאָר אויסנוצען די וואָס עקזיסטירען; טהייל אונטערדריקען, טהייל אויפהויבען. אַ ליאַדע פונק קען זי צובלאָזען אויף אַ גיהנם פייער; נאָר קיין איינציגען פונק ערגליהען... די מענשען-נאַטור, נישט די פּאָליטיק, שפּינט די געשיכטע פעדעם, די פּאָליטיק צו-פלעכט, פערדרעהט, פערקניפּט און פערפּלאָנטערט זיי!

דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ קרענק. די פּאָליטיק שטעלט זיך ביים קראַנקען בעט ווי אַ נאַרישער שלעכטער דאָקטאָר, וואָס וויל די קרענק פערלענגערן.

די פּאָליטיק נוצט אויס דעם אַנטיסעמיטיזם; עס פליהט אַ שטיין אין דער לופט, לענקט איהם ביסמאַרק אונטער-בעלפער אין שוהל-פענסטער אַריין; אַז ניט — וואָלטען אַנדערע שויבען געפּלאַצט. עס הויבט זיך אויף אַ פּראָטעסטירענדע פויסט, רוקט מען איהר אונטער אַ יודישע דאַרע, איינגעאָרבאַטע פּלייצע — אַז נישט וואָלטען אַנדערע ביינער געקנאַקט...

אָבער דער שטײַן, די פּױסט, די שנאה, דער האַס — עקזיסטירען פאַר זיך אַלײן...

װער שטאַרבט אױף אַ פיזישען אונטערגאַנג? שװאַכע קינדער, איבער־געלעבטע אַלטע לײַט, פערקרענקטע מענשען; װער פאַלט אונטער אַ מאָראַלישע עפּידעמיע? דאָס פּעבעל־קינד, דער איבערגעלעבטער אַריסטאָקראַט און עטליכע משוגעים, װאָס שפּרינגען אַרױס און פיהרען דאָס קראַנקע רעדעל צום װילדען טאַנץ! עס האַלטען זיך נאָר געזונדטע מוחות!..

— װיפיעל געזונדטע מוחות האָבען מיר? פרעג איך.

— װיפיעל? זעהר װעניג, לײַדער! ענטפערט פּאָלניעװסקי.

מיר זענען בײדע טרױעריג שטיל געבליבען. װאָס מײַן שכן האָט געקלערט װײס איך נישט, מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַפילו די געזונדטע, אײַזערנע מוחות זענען אױך אָנגעריהרט. עס זענען פערהאַנען צװײערלײ צײַטען אין דער געשיכטע: אַ מאָל פיהרט דער בעסטער, קלוגסטער מענש די מאַסע, און — אַ מאָל שלעפּט די מאַסע די בעסטע קלוגסטע מענשען... דער מאַסע־אַנפיהרער איז אַ קאָלאָמבוס, װאָס זוכט פאַר דער מענשהײט אַ נײַ גליק, אַ נײַ אַמעריקאַ... קױם פעהלט אָבער װאַסער און ברױדט אױף דער שיף, עמפּערען זיך די שיפסקנעכט און זײ פיהרען!... דאָס ערשטע דאַרף מען עמיצען קױלען, מען דאַרף אי — פלײש עסען, אי — די רציחה שטילען...

---

— און מײַן נישט — האַקט מיר פּאָלניעװסקי איבער די טרױעריגע געדאַנקען — אַז איך מאַך מיר אַלײן קאָמפּלימענטען, אַז איך האַלט מיך אַ ל ײַ ן פאַר דעם שטאַרקען גײַסט, װאָס האַלט אױס די עפּידעמיע, פאַר אַ אײכענבױם, װאָס דער שטורם ריהרט איהם נישט פון אָרט...

— נײן, ברודער, זאָגט ע ר װײַטער — איך בין נישט פון די גבורים. איך װאָלט אפשר געװעזען מיט אַלע גלײַך, מיך װאָלט אפשר אױך דער װינד אָבגעריסען װי אַ פױל בלעטעל פון עץ־הדעת, און מיט מיר אַרום־געדרעהט אין דער לופט. א י ך װאָלט אױך געגלױבט, מיט אַלע פױלע בלעטער צוגלײַך, אַז עס איז בײַ אונז אַ באַל, אַז מיר טאַנצען מיט חשק, אַז דער װינד איז אונזער געדונגענער כלי־זמר, װאָס שפּיעלט אונז צו אױפ׳ן פײַפערל...

מיך האָט געראַטעוועט אַ צופאַל... איך האָב אַ יודיש ווייבעל דערקענט! — הער!

איך האָב מיך איבערגעבויגען צו מיין שכן; זיין פנים איז נאָך ערנסטער, נאָך פינסטערער געוואָרען, ער האָט געשטעלט די עלענבויגען אויף דער קניע און אָנגעשפאַרט דעם קאָפּ אויף די הענד...

— נאָר מיין נישט — מאַכט ער צו מיר — אַז איך האָב דערקענט אַ העלדין פון אַ ראָמאַן, אַ אייזערנעם כאַראַקטער, וואָס ברעכט צוימען און מויערן און געהט זיך שטאָלץ זיין וועג; מיין נישט אפילו אַן „אויסנאַהם", אַ געבילדעטע" מיט נייע אידעען, אָדער אַ יין „אידעאַל" בכלל... ניין איך האָב דערקענט אַ פּראָסט יודיש ווייבעל, פון די בעסערע, נאָר פון די בעסער אומגליקליכע. איך האָב זי ליעב געקריגען, איך זאָג דיר אויס דעם אמת. און, ווען איך הער אָדער איך לעז עפּיס שלעכטס אויף יודען בכלל... שווימט זי מיר אַרויס פון זכרון מיט איהרע פייכטע טרויעריגע אויגען, שטעלט זיך פאַר מיר און בעט זיך: גלויב נישט, איך בין נישט אַזוי!...

ער פערטראַכט זיך.

די געשיכטע איז גאַנץ איינפאַך, וועקט ער זיך און הויבט אָן צוריק צו דערצעהלען.

מיר האָבען איבער דער גאַנצער צייט נישט קאָרעספּאָנדירט, און דו ווייסט נישט, וואָס מיט מיר איז איבער דער גאַנצער צייט געשעהן, איך וועל דיר דערצעהלען קורץ; איך פאָהר נאָר ביז לוקאָוואַ...

— פון גימנאַזיום בין איך אַריין אין אוניווערזיטעט און שטודירט מעדיצין. איך האָב נ י ש ט געענדיגט... אַ ביסעל זענען חברים, אַ ביסעל די לעהרער און מעהר נאָך, איך אַליין שולדיג... איך האָב געמוזט אַרויסטרעטען, ווערען אַפּטעקער חתונה האָבען, נדן נעמען און פערלעגען זיך אין אַ קליין שטעדטעל אַ קראָם פון פילען מיט ריצען-עהל...

עס האָט מיך דאָך אַ גליק געטראָפען; איך האָב געקריגען אַן ערליבען שווער, וואָס האָט מיר אויסגעצעהלט דאָס געלד באַלד נאָך דער חתונה, אַ גוט און שעהן ווייב, אַ נישט קשה'דיג קליין שטעדטעל...

מיין ווייב האָט געהייסען מ אַ ר י אַ... אָט שטעהט זי מיר צינד פאַר די אויגען... זי דרעהט זיך איבער צו מיר פון שפּיגעל אונבעהאָלפען: דער גאָלדגעלאָקטער קאָפּ וויל זיך נישט אונטערגעבען איהר דעספּאָטישען קאַם. זיי, די לאָקען, צולויפען זיך לוסטיג אין אַלע זייטען... זיי

ווילען נישט ליגען צוגעדריקט אין קראנץ, וואס איז דעמאלט מאדנע געווען...

שלאנק... און א ווינע גוטע, אזוינע הארציג-לאבענדיגע הימעל-בלאהע אויגען...

די פראקסע האט אונז ווייניג געשטערט... דאס שטעדטעל איז צו ארעם געוועזען, און אנ'אפטייק אהן א דאקטאר איז וועניג וואס ווערטה. מען האט זעהר וועניג געלעזט, האבען מיר טאקי געלעבט ווי אין גן עדן... און, זומער איז עס געוועזען, שטענדיג אויף דער ווערענדע, האנד אין האנד, אויג אין אויג, ליפ אין ליפ!

און וואס האט אונז געזאלט אינטערעסירען? פרנסה איז געוועזען, געהן ערגעץ? וואו א היין? פון דער ווערענדע האבען מיר געזעהן כמעט דאס גאנצע שטעדטעל... די נידריגע, איינגעבויגענע הייזלעך, מיט די הויכע, ברייטע, שווארצע הילצערנע בוידעם, וואס האבען זיך געבויגען, ווי מיט רחמנות איבער די בייגעל- און אויבס-זיצערקעס, פון די ארעמע שטעלען פאר די הייזלעך... גלייך זיי האבען געוואלט בעשיצען די איינגע-שרומפענע, אלטע, אויסגעדארטע פנים'ער פאר דער זון...

דאס שטעדטעל איז אמאל רייך געוועזען, די בוידעם זענען פול געוועזען מיט אלערליי תבואות און פרוכטען; דער מארק — מיט פוהרען, מיט פויערן, מיט מעקלער; צווישען די ווייסע סיערמיענגעס און די גראהע חאלאטען פלעגט זיך אמאל בעוויזען א גרויסער פריץ אויך... (אזוי ווע-ניגסטענס האט מען מיר אינ'ם שטעדטעל דערצעהלט), נאר דער שאסע מיט דער באהן האבען דאס שטעדטעל ארויסגעווארפען פון דער האנדעל-וועלט, די גאס איז לער, די בוידעם פול מיט פוילע ציבעלעס און שטיקער קעז — די איינציגע ירושה, וואס עס איז געבליבען פון די גוטע צייטען...

ארעם — ווי נאר זיך צו דענקען! אויף יעדען קערצעל קארן, וואס א פויער ברענגט, ווארפען זיך 10 סוחרים, שטייגען דעם פרייז, אין מיט'ן גלייכט מען זיך אויס, מען זאגט זיך צו אבטרעט-געלד, אדער מען קויפט בשותפות — נאר אלע צעהן שארען אומזיסט אויף אלע טאשען, זיי האבען פאר'ן קערצעל תבואה נישט צו בעצאהלען, און בארגען צו די רעשט אויף פראצענט...

און 100 שנײַדער אויף איין פּאָר בײַן־קליידער, 50 שוסטער אויף אַ לאַטקעלע... איך האָב נאָך אַזאַ דלות ניִשט געזעהן...

מיִר האָבען זיך אָבגערוקט פון שטעדטישען־לעבען ווי ווײַט עס איז נאָר מעגליִך געווען; די גליקליִכע זענען עגאָאיסטען...

נאָר געגען־איבער אונז. ווי־זאַ־ווי, האָבען מיִר בעמערקט אַ יונג ווײַבעל, אַ ודאי ניִשט מעהר ווי פון אַ יאָהר 18, העכסטענס צוואַנציִג. און פון איהר האָבען מיִר בײדע ניִשט געקענט אָבבײַסען אַנ׳אויג... זי, פּראַוודע, פון אונז אויך ניִשט... עס איז געווען אַ זעלטענע ערשײַנונג... שטעלט אײַך פאָר — אַ שעהנהײַט, אַ ביִלד אין אַ ברודיִגע ראַם, ווי נאָר אַ יודיש פענסטער קען זײַן אין אַ קלײן שטעדטעל, אונטער אַ שרעקליִך, אויסגעקריִמטען דאַך... שטעל דיר פאָר, אַ פּאָר טרויעריִגע, טרוימעריִש פײַכטע אויגען אויף אַנ׳אַלבאַסטער ווײַס פּנים, און — אונטער אַ האָר־באַנד!...

גאָט! זי האָט אויף אונז אַ שרעקליִכען אײַנדרוק געמאַכט...

שטונדען־לאַנג פלעגט זי שטעהן געבויגען איבערן פענסטער, פערבראָכען די הענד, און טרויעריִג געקוקט אויף אונז, אָדער אויף די שטערען אין היִמעל, און שליִנגען די טרעהרען! מיִר האָבען געזעהן, אַז זי איז שטענדיִג אַליין, עלענד, (אײַערע מענער האָבען קײן מאָל קײן צײַט ניִשט), שטענדיִג פערטרויערט, פערבענקט. איהר אונגליִק איז איהר גע־וועזען אויסגעגאָסען אויפ׳ן בלאַסען פּנים... זי איז זיִכער געקומען ערגיִץ פון דער פרעמד; פון אַ בעסער, פרײַער הויז, זי האָט געבענקט ערגיִץ ווײַט, ווײַט אַוועק. איהר האַרץ האָט געצאַפּעלט צו אַ פרײַער לעבען. זי האָט אויך געוואָלט לעבען, ליִעבען און געליִעבט זײַן... נײן, זאָגט וואָס איהר ווילט, עס טרעפט זיך צוויִשען אײַך אָפט די עולה, איהר פערקויפט אײַערע טעכטער... אמת, מיִט דער צײַט געוועהנען זיי זיך צו, מיִט דער צײַט פערגעסען זיי... זיי זענען פרום, זיי זענען גוט, און געדולדיִג... נאָר ווער קען איבערצעהלען די ביִטערע טרעהרען, וואָס פאַלען אויף זייער פערשוואַרצט פּנים, אײדער דאָס אויג ווערט אויסגעטריִקענט? ווער קען איבערעכענען וויִפיִעל קלעם עס טהוט אין האַרץ, אײדער עס געוועהנט זיך אָבצושטאַרבען לעבענדיִגערהײַט? און פאַר וואָס קומט עס זיי, ציִ וויִרק־ליִך ווײַל זיי זענען גוט און פרום?

דו זאָלסט קענען דעם ווײַבעל׳ס מאַן; אַ געלעניִש... אײַנגעהויקערט..

צוויי מאָל געזעהן אין טאָג האָב איך איהם! אין דער פריה ארויסגעהן, ביי דער נאַכט אַהיים קומען...

אנ'עולה...

---

איהר וועט מיר אפשר מודה זיין, אַז איך האָב פּאָלניעוסקי'ן אויף דעם נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן...

מיר האָבען ביידע געשוויגען אַ ווײַלע און פּאָלניעוויסקי האָט ווייטער אָנגעהויבען צו דערצעהלען:

— איין מאָל האָט אונז דאָס ווייבעל פערפעהלט. זי איז אַ גאַנצען טאָג אין פענסטער נישט געשטאַנען.

„זי מוז קראַנק זיין", האָבען מיר געטראַכט.

פאַר נאַכט קומט אַריין דער מאַן, דאָס געלעגניש, און פרעגט אויף אַ רפואה.

— וואָס פאַר אַ רפואה?

— איך ווייס? — מאַכט ער, — אַ רפואה!

— פאַר וועמע'ס וועגען?

— דאָס דאַרפט איהר אויך צו וויסען? פאַר מיין ווייבס וועגען!

— וואָס איז איהר?

— אָסור, אויב איך ווייס. . זי זאָגט — דאָס האַרץ טהוט איהר וועה...

אַזוי ערנאָך, דערצעהלט פּאָלניעוויסקי, איז געוואָרען אונזער ערשטע בעקאַנטשאַפט. איך וועל דיר נישט לאַנג בריינגען... אַ שטיקעל דאָקטאָר בין איך דאָך — בין איך אַהין געגאַנגען...

פּאָלניעוויסקי האָט גערעדט שוין האַלבע ווערטער; ער זוכט פּאַפּי־ראָסען, דערנאָך שוועבעלעך, ענדליך האָט ער אָבגעהאַקט, געעפענט דעם סאַקוואָיאַזש, און געפּאָרעט זיך עטליכע מינוט.

איבער דער צייט האָבען מיך געקוועלט פערשידענע געדאַנקען.

איך האָב אָנגעהויבען צוריק צו קוקען אויף פּאָלניעוויסקי מיט אַנדערע אויגען; זיין ערצעהלונג האָט מיר אָנגעהויבען וועה טהון...

ווער קען אַ מענש? ווער ווייסט, וואָס אין איהם שטעקט? עס הויבט זיך מיר אָן דאַכטען, אַז איך האָב פאַר מיר אַ קריסטליכען טהויר, וואָס גנב'ט זיך אַריין אין אַ יודישע היהנער־שטייג. ער עמפּערט זיך צו פיעל

איבערן מזל פון יודישע טעכטער, צו לאַנג זוכט ער מיר שוועבעלעך; עפּיס שעמט ער זיך פאַר מיר! פאַר וואָס וויל ער ניִשט „לאַנג בריִיען"? פאַר וואָס וויל ער מיר נישט דערצעהלען אַלץ כהויה, מ.ט. אַלע פּרטים? ווער ווייסט וואָס פאַר אַ ראָליע ער האָט אין דער זאַך געשפּיעלט, ציִ נישט די אַלטע ראָליע פון שלאַנג אין גן עדן! וואָס איז, דאָס געוויסען וועט נישט לאָזען? אויך מיר אַנ'עסק! אַ יודיש ווייבעל, פאַר וואָס נישט! אַ מאָל איז אַ מצוה געוועזען אָב צו טויפען, היינט חאָטש צו עמפּערען אַ יודישע טאָכטער געגען איהר גאָט, איהרע עלטערן, איהר מאַן, און — איהר גאַנץ לעבען.

עס הייסט ליבעראַליזם, אַריינגעהן אין תפיסה, ברענגען מיט זיך אַ פרישע פאַליע לופט, אַ בונד שטראַהלען פון דער זון, אויפוועקען דעם אַרעסטאַנט, געבען איהם אַ שטיקעל לעקעך, און פערשוואונדען ווערען... נישט צו זעהן ווי דער אַרעסטאַנט קריצט מיט די ציין, ווען עס דרעהט צוריק איבער דער פערראָסטעטער שליסעל אין שלאָס; ווי פינסטער עס ווערט זיין פּנים, ווי ענג איהם ווערט די לופט, ווי ספּאַזמאַטיש ער אָטהעמט, ווי ער רייסט פון זיך האָר און פלייש, אָדער בעגיסט, אויב ער קען נאָך וויינען, מיט ביטערע טרעהרען זיין פערשימעלט, פון מייז אויסגעביסען שטיקעל קליִיען-ברויט...

אויפוועקען אַ פינסטער, פערשלאָפען, פערדריקט יודיש-ווייבעריש האַרץ, זאָל דאָרטען אויפקליִנגען אַ זיִסער ראָמאַנטישער טאָן, זאָל דאָרטען אויפפלאַמען אַ ניי, ווילד, אונבעקאַנט, אָדער לאַנג פערגעסען, געפיהל; אָבקושען זיך, און דערנאָך — אַדיע! פערהאַמערט די טהיר! זאָל איהר זויער און ביטער זיין דאָס לעבען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

מיר האָבען זיך אַזוי פול אָנגעגעסען מיט סם, מיט גאַל, מיט האַס, אַז ווען מען דערלאַנגט אונז ברויט מיט זאַלץ, זענען מיר אויך זיכער, אַז עס איז פערגיפטעט... מעג די האַנד ציטערן פאַר רחמנות, מעג אין אויג הענגען אַ מיטליידס-טרעהר, אויף די ליפּען — טרייסט...

עס איז שווער צו גלויבען! מיר זענען אויך אָנגעשטעקט, עס איז אויף אונז אויך אַנ'אונטערגאַנג!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פּאָלניעווסקי האָט דערווייל געפונען זיינע צינדהעלצער און איך האָב אונגערן גענומען אַ פּאַפּיראָס. מיר האָבען פערראויכערט, די בויד איז פול

געוואָרען מיט בלאָהע, רויכיגע רעדער. איך האָב געקוקט אויף זיי, נאָכ־געיאָגט און געטראַכט: נישט לענגער געדויערט דאָס גוטע מיט'ן שלעכ־טען צוזאַמען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

— מיר האָבען זיך דערקענט, דערצעהלט ווייטער מיין קריסטלי־כער שכן, נאָר צו ענגערע פריינדשאַפט איז נישט געקומען...

— פאַר וואָס? פרעג איך איבערראַשט.

— פון דער ווייטענס האָבען מיר זיך ווייטער אָנגעקוקט ווי די בעסטע גוטע פריינד, נאָר נישט זי האָט געקענט צו אונז, נישט מיר צו'ן איהר קומען.

— זי וואָלט מעהר ניט בעדאַרפט! עס איז אַן'אונגעהויער פרום שטעדטעל. אויסער דעם פעלדשער און אַ יונג דאַמען־שניידערל טראָגען אַלע חאַלאַטען...

אויסער דעם, וויים איך אפשר אַליין נישט, וואָס עס האָט אונז דאָך צוריק געהאַלטען... נאָר נישט אין דעם בין איך אויסען...

מיך האָט דערווייל געטראָפען דאָס גרעסטע אונגליק, וואָס אַ מענש קען טרעפען.

די אַפטעק האָט גאַנץ וועניג איינגעטראָגען און מיין ווייב האָט אָנגעהויבען קרענקען.

טאָג־טעגליך האָב איך געזעהן בחוש, אַז זי שטאַרבט מיר אָב, און עס איז נישט געוועזען מיט וואָס צו רעטען. זי האָט בעדאַרפט איטאַל־יען, און איך האָב נישט געהאַט איהר עסען צו געבען... און ביי אַנ'אָבצעהרונג, ווי דו ווייסט, איז דער קראַנקער פול מיט האָפנונג, ער גלויבט נישט אין דער קרענק!

דאָס גאַנצע וועהטאָג, דעם גאַנצען צער מוזט דו אונטערדריקען, האַלטען טיעף בעגראָבען אין האַרץ. ווען דאָס האַרץ בלוטיגט, מוזט דו שמייכלען, דיין שטערן מוז זיין גלאַט! יעדע סעקונדע שטאַרבט אין דיר יעדעס אֵבר, און דו מוזט העלפען פלענער מאַכען וואָס עס וועט זיין איבער אַ יאָהר, ווי אַזוי מען וועט פערגרעסערן דאָס הויז, קויפען אַ פיאַנע...

דאָס קול האָט זיך איהם פערענדערט —

„איך בין נישט אימשטאַנד דיר אַלס צו ערצעהלען, נאָך אַ מאָל איבערצולעבען די אַלע פינסטערע צרות... נאָה מיין אומגליק האָט מיך

צוזאַמענגעבראָכן מיט איהר אומגליק. מיר האָבען זיך אַזױ אָרנאָך נעהני-
טער דערקענט"...

פון דער װײַטענס האָט זיך געװיזען לוקאָװאַ!

— אין די אײניגע מינוטען, װאָס איך האָב נאָך צײַט, קען איך
זאָגען אַז אַזאַ אומגליקליך מענש װי דאָס װײַבעל איז געװעזען, און דערבײַ
מיט אַזױ פיעל געפיהל און רחמנות פאַר אַנדערע — האָב איך נאָך אין
מײַן לעבען ניט געזעהן... און אַלס אַזױ אײנפאַך, נאַטירליך, ניט
איבערגעטריבען...

זי האָט מאַריאַ'ס בעט ניט אָבגעטרעטען. זי האָט געפּועלט בײַם
מאַן, ער זאָל מיר געלד שאַפען אויף קלענערע פּראָצענט. זי איז אונזער
װעכטערין, אונזער װירטהין, אונזער קעכין, אונזער ערגעבענסטער פרײַנד
געװעזען!

און אַז מאַריאַ איז געשטאָרבען, איז אפשר שװערער געװעזען זי
צו טרײסטען װי מיך!

דעמאָלט האָב איך מיך איבערצײַגט, אַז די שנאה צװישען פעלקער
איז נ י ש ט נאַטירליך... ניט מעהר, עס איז שלעכט אויף דער װעלט;
הײסערע, בלוטיגערע אָדער אונגליקליכערע װילען פּראָטעסטירען, נאָר
דער פאַלשער שרײַבער. דער פּאָליטישער אַדװאָקאַט, שרײַבט זײ אַ דאַנאָס
אויף יודען...

איך האָב געזעהן בחוש, אַז יודען זענען אונז קײן שונאים ניט
אַז מיר קענען לעבען בשלום!...

לוקאָװאַ רוקט זיך אַלס נעהנטער און נעהנטער, און איך האָב אַלס
מורא פאַר'ן סוף, איך האַק איהם איבער און פרעג:

— און װאָס איז דער סוף געװעזען מיט דעם װײַבעל?

— איך װײס? איך האָב צו קבורה געבראַכט מײַן װײַב, פער-
קויפט די אַפּטעק, צװײנט זיך בײַ'ם געזעגענען מיט מײַן שכנה, און —
גאָר ניט! הײַנט װאָהן איך אין לוקאָװאַ, עס געהט מיר הײַנט אויך
ניט גוט...

— און זאָג נאָר, װי הײסט דאָס שטעדטיל, װאו דו האָסט פריהער
געװאָהנט?

— קאָנסקאָ-װאָלאַ —

— דײַן שכנה איז אַ הויכע, אַ בלאַסע?...

— יאָ!

— אַ דאַרע?

— יאָ; דו קענסט זי? פרעגט ע ר דערפרעהט.

— זי האָט אַ פּעפּער אויף דער לינקער זייט נאָז?

— וואָס פאַר אַ פּעפּער? לאַכט יאַנעק, וואָס פאַלט דיר איין.

איך קלער, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט און פרעג:

— אפשר אויף דער ר ע כ ט ע ר זייט נאָז?

— וואָס פאַר אַ פּעפּער? וואָס רעדסט דו?

— האָסט דו אפשר נישט בעמערקט... נאָר איהר מאַן איז אַ געלער?

— יאָ.

— ער הייסט חיים?

— דאַכט זיך מיר, ניין, און אפשר יאָ, ווייסט דער טייוועל...

— אָבער זי הייסט חנה!

— אַח, ווי! שרה! איך געדענק זיכער שרה... איך פלעג זי רופען סאָרוכנא... איהר נאָמען וועל איך דאָך נישט פערגעסען! דער נאַר בין א י ך געווען, א י ן יודיש ווייבעל לעבט אַזוי?

# די אַלְמָנָה.

די גראָהע ריהרעוודיקע נעפּעל קלויבען זיך צוזאַמען אויף אַ שוואַר־צען וואָלקען; עס איז דושנע, עס וועט פאַלען אַ שטאַרקער רעגען; ער שיקט זיך שוין אָנזאָגען דורך עטליכע דיקע טראָפּען... דאָס שטיבעל שטעהט אונטער'ן באַרג, דאָס שטרויענע דעכעל איז פול מיט לעכער; עס האָט נישט ווער עס צו פערריכטען.

די וואָלקען האָבען פערשטעלט די זון. די רעשט ליכט פערשטעלט דער באַרג; אין שטיבעל איז כמעט פינסטער עס איז פאַר נאַכט, באַלד וועט די נאַכט צופאַלען... אין עק, אויפ'ן קוימען, שטעהט אַ לעדיג לעמ־פּעל מיט אַנ'אָבגעבראָכען גלעזעל אָהן נאַפט... עס האָט נישט ווער צו געהן נאַפט קויפען.

אין שטיבעל איז שווילער ווי אין דרויסען...

דער קוימען איז נישט לעדיג: עטליכע ערדענע, האַלב צובראָכענע טעפּלעך, אַ ביסעל אַש... אַ שטיקעל אָבגעשליפענער ציגעל, אַייזערנע פּיסלעך, — נאָר אָהן אַ פונק פייער. פאַר דער טהיר ליגט נאָך אַ פוילע ליפּע האָלץ, עס האָט נישט ווער זי צוצוהאַקען.

דער בעל־הבית פון שטיבעל איז קראַנק געוועזען אַ גאַנץ געהענדיג יאָהר און וואָס אַ טאָג איז קלענער געוואָרען דאָס אָבגעשפּאָרטע קניפּעל...

ער האָט געזאַמעלט פון אַ קינד'ס וועגען: „צוזאַמענגעקליבען אַ רובל 100, אוועקגעגעבען אויף פּראָצענט"... האָט גאָט בעשערט אַ מיידעלע, „זאָל זיין נדן פאַר איהר!"

איז אָבער געקומען די קרענק!

פון קניפּעל האָט אַלע מאָל מעהר געפעהלט געלד און דעם קראַנ־קען — כּוחות און בלוט... עס האָבען אַרויסגעוואַנדערט די כּלים פון שטוב; די לעצטע איז אַרויסגעגאַנגען די נעה־מאַשין... מיט׳ן לעצטען דרייער פון קניפּעל איז אַרויס אויך די נשמה פון גוף...

דאָס ברודיגע שטיקל לייַנוואַנד פונ׳ם קניפּעל העַנגט צונד איבער אַ גלאָז וואַסער בּיים נשמה־ליכטעל.

בּיי דער טהיר שטעהט אַ קליין אייזערן קעסטעל... דאָס איז דער געוועזענער דיענסט׳ס. זי איז ערשט אַרויסגעגאַנגען זיך זוכען אַנ׳אָרט.

אין עדיגען שטיבעל איז כּמעט פינסטער...

אויף דער פּאָדלאָגע שימערט אַ ביסעל צוואָרפען שטרוי... אויף די פיער ווענד שטאַרען אַרויס פערשידענע נעגעל.

אויף זיי האָט געהאָנגען אַ שפּיגעלע (הייַנט דאַרף מען עס נישט... די אַלמנה וואָלט זיך פאַר איהר פּנים דערשראָקען...), אַ חנוכּה־לעמפּעל (פאַר וועמים וועגען?), עס האָבען געהאָנגען קליידער... יעדער האָט זיך פאַר זיין טוידט אָבגעהאַפּט זיינס!

אין ווינקעל שטעהט אַ וויעגעל; אין וויעגעל ליעגט אַ קינד. עס שלאָפט.

אויף דער ערד נעבען וויעגעל זיצט די פרישע אַלמנה. די דאַרע הענד געבראָכען, דער שווערער קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן וויעגעל... די אויסגעוויינטע אויגען קוקען שטאַרק אויפ׳ן סופית.

עס דאַכט זיך, זי לעבט נישט, זי פיהלט נישט, זי קלערט נישט... איהר האַרץ קלאַפּט נישט, זי האָט קיין דופק נישט...

דאָך אין מוח וואַלגערט זיך אַרום אַ מחשבה; קיין אַנדערע טרייבּט זי נישט אַרויס, ריהרט זי זיך נישט —

— „העניע, האָט ער אַ מאָל געזאָגט, דערלאַנג מיר דאָס שטע־רניל!" ער האָט עס נישט געדאַרפט, ער האָט דערבּיי עפּיס קליגעריש

געשמייכעלט... וואס האט ער געוואלט? איך זאל צוגעהן צו איהם? איך האב געשיילט קארטאפלעס... צי האב איך איהם דערלאנגט דאס שעריל? ניין; עס איז עמיץ דערוויילי אריינגעקומען... ווער?"

זי קען זיך נישט דערמאהנען און קלערט אלץ: ווער?
דאס קינד דערוויילי שלאפט און שמייכעלט אין חלום.

# חֲתוּנָה גֶעהַאט.

(ערצאהלט פון א פרוי).

איך געדענק מיך נאך פון דער צייט, ווען איך האב אין צייכען געשפיעלט און זומער-צייט אויפ'ן הויף פון לעהם חלות געבאקען; ווינטער בין איך א גאנצען טאג געזעסען אין שטוב און געוויעגט א קליין ברודער'ל, וואס איז געבוירען געווארען קראנק און האט געקרענקט ביז צום זיבענטען יאהר, ווען עס איז געשטארבען אויף אנ'אונטערגאנג. —

זומער כל זמן די זון האט געשיינט, איז דאס אומגליקליכע בעשעפעניש געזעסען אויפ'ן הויף, געווארעמט זיך אויף דער זון און געקוקט, ווי איך שפיעל אין צייכען.

ווינטער איז עס פון וויעג נישט ארויס, און איך האב איהם מעשיות דערצעהלט און ליעדלעך געזונגען. די רעשט ברידער זענען אלע אין חדר געוועזען.

די מאמע איז שטענדיג געוועזען פערנומען, אפשר 10 פרנסות האט זי געהאט, די ארעמע מאמע: א פשעקופקע געוועזען, לעקאך געבאקען, אויף ברית'ן און חתונות געגאנגען... טוקערין געוועזען, קברים-מעסטערין, זאגערין. און אזוי אנ'איינקויפערין פאר בעלי-בתישע הייזער.

דער טאטע איז פאר 3 רובל א וואך געוועזען א שרייבער ביי ר' זיינוויל טערקעלבוים אין וואלד. — און דעמאלט זענען נאך די גוטע צייטען געוועזען: די מלמדים — בעצאהלט, דירה-געלד — כמעט צו דער צייט, קיין טרוקען ברויט אין מויל אריין האט נישט געפעהלט.

טהייל מאל האט די מאמע אויף וויעטשערע א קולישע געמאכט.

דעמאלט איז שוין א גאנצער יום־טוב געווען. דאך האט עס זעלטען פאסירט.

די מאמע פלעגט מערסטען־טהייל אהיים קומען שפעט, מיער; גאנץ אפט פערוויינט און פערביטערט. זי קלאגט זיך, אז עס ווערען איהר ביי די בעלי־הבית'טעס חובות פערפאלען; אז מען הייסט איהר אויסלעגען, דערנאך — קומען מארגען און איבערמארגען... דערוויילע ווערען נייע קניות געמאכט, און צום סוף, אז עס קומט צום חשבון, געדענקט נישט די בעל־הבית'טע, צי זי האט נישט בעצאהלט פאר'ן אייערנעכטיגען האלב־קווארטירעל פוטער... מען „שטעלט עס דערוויילע אוועק", מען מוז פרעגען דעם מאן, וואס איז דערביי געווען: ער האט אנ־אייערנעם זכרון, וועט א ודאי געדענקען, ווי אזוי דער חשבון איז געווען. צומארגענס ווייזט זיך אויס, אז דער מאן איז אהיים געקומען צו שפעט פון בית־המדרש און זי האט'ן פערגעסען צו פרעגען; דעם דריטען טאג דערצעהלט זי מיט א נחת, אז זי האט געפרעגט דעם מאן, נאר ער האט זיך אויף איהר געבייזערט, וואס זי פערדרעהט איהם דעם קאפ: „ער האט מעהר נישט וואס צו טהון, נאר אויסצוהערען ווייבערשע חשבונות!" און עס בלייבט, אז זי וועט זיך אליין דערמאהנען.

דערנאך הויבט זיך איהר אן דאכטען, כמעט אויף זיכער, אז זי האט דאס האלבע־קווארטירעל פוטער פערעכענט; שפעטער וואלט זי מוירען דערויף געשטעלט. און, אז די ארעמע מאמע דערמאהנט נאך א מאל וועגען קווארטירעל פוטער, הייסט זי שוין א חצופה, מאכט זי א בלבול, וויל זי אויסנארען א האלבען גילדען... איז מען זי מתרה, אז אויב זי וועט נאך א מאל א פיפיץ טהון וועגען דער פוטער, זאל זי זיך מעהר אין די אויגען נישט ווייזען!

די מאמע, וואס איז א מאל א „גבירישע טאכטער" געווען, און וואלט, ווען נישט דער פריץ, וואס האט איהר צוגענומען דעם נדן, אליין א בעל־הבית'טע געווען, האט עס נישט געקאנט לייכט איבערטראגען; זי פלעגט טהייל מאל אהיים קומען מיט געשוואלענע אויגען, געווארפען זיך מיט א געוויין אויפ'ן בעט און אזוי אבליעגען א גרויסע ווייל און וויינען, און ביטערליך וויינען, ביז זי האט זיך אויסגעוויינט דאס ביטערע הארץ, און איז אויפגעשטאנען און אבגעקאכט אונז א ביסעל קליסקעלעך מיט באבערלעך.

טהייל מאל האט זי אויסגעלאזט דעם כעס צו אונז; אייגענטליך,

דער עיקר צו מיר: דעם קראַנקען בעריל האָט זי קיינמאָל גאָר נישט געזאָגט, די ברידער פון חדר אויך גאַנץ זעלטען — זיי פֿלעגן נעבעך אַהיים קומען אַזוי אויך מיט ברוינע־בלאָהע, אויסגעקניפּענע באַקען און אונטערגעשלאָגענע אויגען; פֿאַר דאָס האָב איך גאַנץ אָפֿט געלעזט אַנ׳אומזיסטען ריס ביי די האָר אָדער אַזוי אַ מתנת יד.

„דו ביזט נישט קראַנק געוועזען דערווייל אַנצולעגען אַ פֿייער, צושטעלען אַ טעפּעל וואַסער" — און דאָך, אַז איך האָב עס אַ מאָל געטהון, איז נאָך ערגער געוועזען: „זעה נאָר מיין בעל־הבית׳טע! גאָר נישט, אַ פֿייער לעגט זי אָן, דאָס האָלץ זאָל זיך דערווייל אומזיסט און אומנישט אויסברענען... עס אַרט זי עפּיס מיין פּראַצע? — בדלות מאַכט זי מיך!"...

טהייל מאָל האָט דער טאַטע געלעזט אונטער די אויגען; די מאַמע זעצט זיך אַנידער אויפ׳ן בעט מיט׳ן פּנים צום פֿענסטער, און, אַרויסקוקענדיג אין דער לופֿט אַריין, קרעכצען: „עס אַרט איהם עפּיס? ער זיצט זיך דאָרט אין וואַלד, ווי אַ הראַביע, שמעקט פֿרישע לופֿט, ליעגט זיך אויפ׳ן גראָז, פֿרעסט זויער־מילך, אפשר נאָך סמעטענע, איך ווייס? און דאָ דאַרען מיר די קישקעס!"...

ביי דעם אַלעם איז דעמאָלט גוט געוועזען. מען האָט קיין הונגער נישט געליטען, און נאָך אַ וואָך מיט פֿערשיעדענע קליינע צרות איז געקומען אַ פֿרעהליכער, על כל פּנים, אַ רוהיגער שבת. דער טאַטע פֿלעגט אָפֿט אַהיים קומען, און די מאַמע פֿלעגט זיך אַרומדרעהען אין אַלע ווינקעלעך און בסוד סודות שמייכלען.

אָפֿט פֿלעגט פֿרייטאָג פֿאַר נאַכט, פֿאַר ליכט בענשען, די מאַמע מיך קושען אין קאָפּ אַריין... איך האָב געוואוסט, וואָס דאָס בעטייט, וואָרען, אַז עס האָט געטראָפֿען, און דער טאַטע איז נישט אַהיים געקומען אויף שבת, בין איך אַ „מכשפה" געוועזען! האָט מיר די מאַמע מיט׳ן קעמעל האַלב האָר אויסגעריסען און דערצו נאָך עטליכע זעץ דערלאַנגט אין די פּלייצעס. איך האָב נישט געוויינט; מיין קינדיש האַרץ האָט געפֿיהלט, אַז דאָס מיינט די מאַמע נישט מיך, נאָר איהר טרויעריג מזל!

דערנאָך האָט זיך דער וואַלד אויסגעהאַקט, דער טאַטע איז אין דערהיים געבליבען און עס האָט אָנגעהויבען פֿעהלען אין מויל אַריין. געפֿעהלט, אייגענטליך, האָט נאָר דעם טאַטען, דער מאַמען און מיר; די רעשט קינדער האָבען וועניג וואָס געוואוסט דערפֿון; דאָס קראַנקע ברו-

דער'ל האט גאר ניט געדארפט, עס האט געזופט אַ מאָל אַ ביסעל גריץ, אויב מען האט איהם דערלאַנגט, און אַליץ אין איינעם געקוקט אויפ'ן בעליק... די אַנדערע, נעבּיך, „געהען אין חדר אַריין, זיי מוזען דאָך האָבּען אַ לעפעל געקעכטס"... נאָר איך בין גאַנץ אָפט הונגעריג געוועזען.

דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבּען שטענדיג דערמאַהנט די אַמאָליגע צייט מיט טרעהרען אין די אויגען; איך — פערקעהרט! איך האָב מיך אין דער שלעכטער צייט בעסער געפיהלט. זייט עס האָט געפעהלט ברויט אין שטוב, האָט מיך די מאַמע טאָפּעלט ליעב בעקומען; ביים קעמען האָט זי מיר קיין האָר ניט געריסען, אין די דאַרע ביינער אַריין ניט געבּובּעט; דער טאַטע פלעגט מיר ביים וואַרעמעם גלעטען איבּער'ן קאָפּ און פערשפּיעלען מיך, איך זאָל ניט זעהן, ווי מען פערטהיילט מיך; און איך בין נאָך ביי מיר גרויס געוועזען, אַז, ווען מען דאַרף פאַסטען, פאַסט איך גלייך מיט'ן טאַטען און מיט דער מאַמען, אַז איך בין שוין אַ גרויסע מויד!

אין דער צייט איז דאָס קראַנקע ברודער'ל געשטאָרבען.

געשעהן איז עס אַזוי: איינמאָל האָט זיך די מאַמע אויפגעחאַפּט און געזאָגט איבּער'ן בעט צום טאַטען: „ווייסט, בערלען איז אַ ודאי בעסער, ער איז אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפען, קיין איינציג מאָל ניט געוועקט".

איך האָב עס דערהערט — איך האָב שטענדיג אַ לייכטען שלאָף געהאַט — און בין מיט אַ פרייד אַראָבּגעשפּרונגען פון געלעגער אויפ'ן קאַסטען, און צוגעלאָפען זעהן מיין „איינציג ברודער'ל" (אַזוי האָב איך עס גערופען, אַזוי ליעב האָב איך עס געהאַט). איך האָב געהאַפּט צו דערזעהן אויפ'ן פאַרמעטענעם פּנים'ל אַ שמייכעל, וואָס פלעגט זיך בעווייזען אַ מאָל אין אַ יאָהר... נאָר איך האָב אַ טויט פּנים געפונען.

עס איז געוואָרען אַ שבעה...

דערנאָך איז דער טאַטע ניט געזונד געוואָרען, און דער רופא האָט אָנגעהויבּען צו געהן אין שטוב אַריין...

כל זמן עס איז געוועזען, ווי עס איז צו צאָהלען, פלעגט אַרייַנגעהן דער אַלטער רופא אַליין; דערנאָך, אַז דאָס גאַנצע בעטגעוואַנד מיט'ן הענגעלייַכטער, מיט'ן טאַטענס ספרים-שאַנק, וואָס די מאַמע האָט אַ צייט

ניִשט געלאָזט ריִהרען, זענען אַריין אין רפואות, האָט דער רופא אָנגעהויבען שיִקען דעם „יונג“.

דער יונג איז דער מאַמען שרעקליִך ניִשט געפעלען: עס שפּראָצען איהם עפּיִס שפּיִציִגע „וואָנסעלעך“, געהט אָנגעטהון ווי אַ גוי, און דערצו וואַרפט ער אַלע מאָל אַריין עטליִכע ווערטער פּויליִש.

איך האָב פאַר'ן מורא געהאַט, עד היום ווייס איך ניִשט פאַר וואָס. נאָר, ווען ער האָט געדאַרפט קומען, פלעג איִך אַרויסלויפען אויפ'ן הויף און איִבערוואַרטען ביִז ער וועט אַוועקגעהן.

איינמאָל איז אַ שכן קראַנק געוואָרען, אויך אַנ'אָרעמאַן, און אויך אַ פּנים נאָך אַלע כלים איִן שטוב, און דער יונג (עד היום ווייס איך ניִשט, ווי אַזוי ער האָט געהייסען) איז פון אונזער שטוב אַריִבערגעגאַנגען צום שכן. דורכגעהענדיג דעם הויף, האָט ער מיִך געטראָפען זיִצען אויפ'ן קלאָץ.

איִך האָב אַבגעלאָזט די אויגען. דערפיִהלענדיִג, אַז ער קומט צו מיִר נעהנטער, איז מיִר קאַלט געוואָרען איִן די קנעכעל און דאָס האַרץ האָט מיִר אָנגעהויבען שטאַרקער צו שלאָגען.

ער איז צוגעקומען, האָט מיִך אָנגענומען בייַ דער גאָמבע, אויפגעהויבען מיִר דעם קאָפּ און געזאָגט, דוקא אויף פּראָסט יודיִש:

— „אַ שענע מויד ווי דו ביִזט, דאַרף ניִשט זיין צושויבערט, דאַרף זיִך אויך פּאַר קיין בחור ניִשט שעמען!“

ער האָט מיִך אָבגעלאָזט, און איִך ביִן אַריינגעלאָפען צוריִק איִן שטוב. איִך האָב געפיִהלט, אַז דאָס גאַנצע בלוט שלאָגט מיִר אַלץ איִן איינעם אין פּנים אַריין. איִך האָב מיִך פערררוקט איִן טונקעלסטען וויִנקעל אונטערן [illegible]ען, מכלומרשט, אויסצעהלען די ברודיִגע וועש... דאָס איז געוועזען מיִטוואָך.

פרייטאָג האָב איִך דאָס ערשטע מאָל דער מאַמען אַליין דערמאַהנט, אַז מען דאַרף מיִר אויסוואַשען דעם קאָפּ, אַז איִך ביִן צושויבערט.

— אַ קלאָג איז צו מיִר! האָט די מאַמע פערבראָכען די הענד, איִך האָב זי דאָך דריי וואָכען ניִשט געקעמט!

פלוצלונג ווערט זי בעז:

— מכשפה! האָט זי אויסגעשריִגען, אַזאַ גרויסע, בעז־דערוואַקסענע מויד קאָן זיִך אַליין ניִשט צוואָגען! אַנ'אַנדערע אויף דיין אָרט וואָלט נאָך די אַנדערע קיִנדער געוואַשען!

— שרה'לע, שרײַ נישט! בעט זיך דער טאַטע; נאָר דער מאַמעס כעס ווערט שטאַרקער און שטאַרקער:

— מכשפה, הערסט! שוין זאָלסט דו דיך צוזאָגען! הערסט — די אותה רגע! הערסט!

און דאָ האָב איך מורא צוצוגעהן צום קומען, וואו דאָס הייסע וואַסער איז געשטאַנען, ווײַל, דורכגעהענדיג דורך דער מאַמען, וואָלט איך געלעזט א בוך. געראַטעוועט האָט מיך, ווי געוועהנליך, דער טאַטע.

— שרה'לע, האָט ער געקרעכצט, שרײַ נישט, מיר טהוט דער קאָפּ אזוי וועה!...

דאָס איז גענוג געווען. דער מאַמעס כעס איז ווי מיט דער האַנד אויעקגענומען געוואָרען... איך בין פרײַ דורכגעגאַנגען די שטוב און צוגעקומען צום טאָפּ וואַסער.

איך צוואָג מיך אומגעלומפּערט און זעה, ווי די מאַמע געהט צו צום טאַטען און ווײַזט אויף מיר מיט אַ שווערען זיפץ:

— רבונו של עולם, עס וואַקסט נעבּיך, ווי אויף הייוען, מאַכט זי שטיל צום טאַטען, נאָר מײַן אויער חאַפּט יעדעס וואָרט — שעהן ווי א גאָלד,.. און וואָס?

דער טאַטע האָט געענטפערט מיט נאָך אַ טיעפערן זיפץ.

דער רופא האָט נישט איינמאָל פערזיכערט, אַז דעם טאַטען איז גאָר נישט, דאָס עגמת נפש נאָר האָט זיך איהם געלעגט אויף דער לעבער, דערינבער איז זי אויפגעשוואָלען און דריקט צו דאָס האַרץ; מעהר נישט! דער עיקר זאָל ער מילך טרינקען, קײַן עגמת נפש זיך נישט צולאָזען, געהן אין גאַס אַרײַן... רעדען, שמועסען, זוכען זיך אַנ'עסק... דער טאַטע האָט אָבער געזאָגט, אַז די פיס ווילען איהם נישט טראָגען. פאַר וואָס, בין איך ערשט שפּעטער געוואָהר געוואָרען.

איינמאָל, זומער פאַר טאָג, האָט מיך אויפגעוועקט א שמועס צווישען טאַטע-מאַמע:

— כיזט דו דיך אין וואַלד, נעבּיך, אָנגעגאַנגען, — מאַכט די מאַמע.

— א שאלה דאָס איז, — ענטפערט דער טאַטע, — אין וואַלד האָט מען אויף צוואַנציג ערטער געהאַקט אויף איין מאָל. פערשטעהסט, דער וואַלד איז דעם פריץ'ס, די פויערן האָבען אָבער סערוויטוטען: זיי קומט די צווײַגען, וואָס פאַלען אַראָב און וואַלגערן זיך אין וואַלד, ווי אויך דאָס האָלץ

פון די בוימער, וואָס אַ דונער צושלאָגט... נו, אַז מען האַקט אוים דעם וואַלד, האָבען זיי דאָך היזק דעם סערוויטוט, מוזען זיי זיך קויפען האָלץ צום בויען און צום הייצען, האָבען זיי, פערשטעהט זיך, געוואָלט לעגען אַני אַרעשט, אַראָבבּרענגען דעם קאָמיסאַר; זיי האָבען זיך אָבער צו שפּעט מישב געוועזען. ר' זיינוועלע האָט נאָר דערזעהן, אַז זיי קראַצען זיך אין די קעפּ, האָט ער שוין געגעבען אַ בּעפעהל, מען זאָל אַנידערשטעלען נאָך 40 האַקער! עס איז געוואָרען אַ גיהנם, אפשר אויף 20 ערטער האָט מען געהאַקט. און זיין מוז מען אומעטום... וואָס קלערסט דו? די פּים פלעגען מיר געשוואָלען ווערען ווי די באָרקים...

— ווי אַ מענש זינדיגט! — קרעכצט די מאַמע — איך האָב געמיינט אַז דו האָסט דאָרט גאָר נישט וואָס צו טהון...

— אַוודאי! — שמייכעלט טרויעריג דער טאַטע — נאָר פון גראָהען טאָג ביז שפּעטער נאַכט אויף די פּים!

— און אַלץ פאַר דריי רובּל אַ וואָך? בּעזערט זיך די מאַמע.

— ער האָט מיר צוגעזאָגט צו דערלעגען; דערווייל, ווייסט דו דאָך איז איהם די טראַטווע אונטערגעגאַנגען... האָט ער געזאָגט, אַז ער איז בּדיל הדל געוואָרען...

— און דו גלויבּסט?

— עס קען זיין...

— שטענדיג — בּעזערט זיך די מאַמע — ווערט ער בּדיל הדל און דאָס פערמעגען וואַקסט און וואַקסט.

— אַז גאָט העלפט, — זיפצט דער טאַטע.

עס איז שטיל אַ ווײַלע.

— ווייסט נישט, וואָס מאַכט ער? — פרעגט דער טאַטע, וואָס איז שוין כמעט אַ יאָהר נישט אַרוים פון שטוב.

— וואָס זאָל ער מאַכען? ער האַנדעלט מיט פלאַקס, מיט אייער; אַ שענק האָט ער...

— און זי וואָס מאַכט?

— זי, נעבּיך, קראַנק...

— אַ שאָד, אַ גוט מענש —

— אַ בּריליאַנט! די איינציגע בּעל הבּית'טע, וואָס „מאַכט נישט איין" אַ גראָשען; זי וואָלט אפילו געצאָהלט צו דער צייט, נאָר זי האָט בּיי איהם ווייניג וואָס צו שאַפען..

— דאַכט זיך, מאַכט דער טאַטע, דאָס דריטע ווייב.
— אוודאי! בעשטעטיגט די מאַמע.
— זעהסט, שרה, מאַכט דער טאַטע, דאַכט זיך שוין — אַ יוד אַ גביר... האָט ער קיין מזל נישט צו ווייבער... יעדערער האָט זיין פּעקעל.
— און אזא יונג בלוט! האָט צוגעגעבען די מאַמע, — אין גאַנצען עטליכע און צוואַנציג יאָהר.
— נו גאָה וויים? ער איז אַוודאי אַ זיבציגער און — אייזען שטאַרק.
— און אָהן אַ ברילל!...
— און זיין גאַנג; די פּאָדלאָגע ציטערט!
— און איך, זעהסט דו, ליעג אין בעט.
עס האָט מיך דורכגענומען ביי די לעצטע ווערטער.
— גאָט וועט העלפען, טרייסט די מאַמע.
— נאָר זי, זי... קרעכצט ווייטער דער טאַטע און וואַרפט אַ בליק צו מיר אויפ׳ן קאַסטען. זי וואַקסט, קיין עין הרע, ווי אויף הייוועז... פּאָרנט... האָסט געזעהן?...
— אַ שאלה דאָס איז!
— און אַ פּנים... שיינט ווי די זון...
עס איז ווייטער שטיל געוואָרען אַ ווײַלע.
— ווייסט, שרה׳לע, מאַכט ווייטער דער טאַטע, מען איז נישט יוצא פאַר גאָט.
— מיט וואָס?
— מיט איהר! ווי אַלט ביסט דו געוועזען צו דער התונה?
— יונגער פאַר איהר!
— נו?...
— נו... וואָס?
אין דער איינגענער מינוט האָט מען צוויי קלעפּ געטהון אין לאָדען.
די מאַמע איז אַראָבגעשפּרונגען פון בעט. אין איין רגע האָט זי אָבגעריסען דאָס שטריקעל, אויף וועלכען דער לאָדען האָט זיך געהאַלטען און אויפגעפּראַלט דאָס פענסטער, וואָס האָט שוין לאַנג קיין בעשלעג נישט געהאַט.
— וואָס איז? האָט זי אַרויסגעשריגען אין גאַס אַריין.

— רבקה ווײַנווילעס איז נפטר געוואָרען.

די מאַמע איז צוריקגעשפּרונגען פון פענסטער

— ברוך דין אמת! האָט דער טאַטע אַרויסגעזאָגט... שטאַרבען איז גאָר נישט...

— ברוך דין אמת, מאַכט די מאַמע, ערשט פון איהר גערערט!

---

דעמאָלט האָב איך געהאַט אַ וואונדערליך אונרוהיגע צײַט. איך ווײס אַלײן נישט, וואָס מיט מיר איז געוועזען.

טהײל מאָל בין איך גאַנצע נעכט נישט געשלאָפען. די שלעפען האָבען מיר ווי האַמער געקלאַפּט און דאָס האַרץ האָט גענאָגט, גלײַך עס וואָלט זיך געשראָקען פאַר עפּיס, אָדער שרעקליך נאָך עפּיס געבענקט; טהײל מאָל איז מיר ווײַטער אַזוי וואַרעם און ווײך געוועזען אויפ'ן האַרץ, אַז איך האָב געוואָלט אַלץ אַרומנעמען און קושען און האַלזען.

נאָר וועמען? די ברידערלעך האָבען זיך נישט געלאָזט; דער 5 יעהריגער יוחנן האָט אויך געקאָפּעט און געשריגען, אַז ער וויל זיך נישט שפּיעלען מיט אַ מײדעל. די מאַמע, אויסער דעם, וואָס איך האָב פאַר איהר מורא געהאַט, איז שטענדיג בעז און פעריאָגט... דער טאַטע — נאָך קראַנקער.

במשך אַ קורצער צײַט איז ער אין גאַנצען גראָה געוואָרען ווי אַ טויב, דאָס פּנים איז אײַנגעשרומפּען געוואָרען ווי אַ פּאַרמעט, און די אויגען האָבען אַרויסגעקוקט אַזוי אונבעהאָלפען און מיט אַזאַ שטום געבעט, אַז עס איז גענוג געוועזען, איך זאָל עס דערזעהן און אַרויסלויפען פון שטוב מיט אַ געוויין.

דעמאָלט דערמאַהן איך מיך אָן מײַן בערילען... איהם וואָלט איך געקאָנט אַלץ דערצעהלען, קושען און האַלזען... ליעגט ער דאָרט אין דער קאַלטער ערד, און עס חאַפּט מיך אָן נאָך אַ ביטערליכערער געוויין...

די טרעהרען, אײגענטליך, פלעגען זיך מיר בעווײַזען גאַנץ אָפט אָהן אַ טעם.

טהײל מאָל קוק איך פון פענסטער אַרויס אויפ'ן הויף און זעה, ווי די לבנה שווימט און שווימט צו אַלע מאָל נעהנטער צו דעם אויסגעווײַסטען

צוים, וואָס איז געגען אונזער פענסטער, און קען דעם צוים נישט אַריבער־שווימען.

און איך בעקום פּלוצלינג רחמנות אויף דער לבנה, עס הויבט מיך אָן קלעמען בײַם האַרץ און די אויגען גיסען און גיסען...

טהײַל מאָל ווײַטער, פלעג איך אַרומגעהן מאַט. איך פלעג מיך אַזוי אַרום וואַקלען אָהן כח מיט אַ בלאַס פּנים און אונטערגעשלאָגענע אויגען; אין די אויערן רוישט, דער קאָפּ איז שווער, און עס דאַכט זיך מיר, אַז עס איז מיר אַזוי נישט גוט אויף דער וועלט, אַזוי נישט גוט, אַז עס וואָלט אַמבעסטען געוועזען צו שטאַרבען.

דעמאָלט ווײַטער האָב איך בערילען שטאַרק מקנא געוועזען... ער ליעגט זיך דאָרט אַזוי רוהיג...

גאַנץ אָפט אויך, האָט זיך מיר געחלום'ט, אַז איך שטאַרב, אַז איך ליעג אין קבר, אָדער, אַז איך פליה אַרום אין הימעל אין איין העמד מיט צולאָזטע האָר און קוק אַראָב און זעה, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך.

פונקט דעמאָלט האָב איך פערלוירען די אַלע חבר'טעס, מיט וועלכע איך האָב אַמאָל אין צײַכען געשפּיעלט, און האָב שוין קײַן אַנדערע נישט בעקומען. איינע איז שוין אַרויסגעגאַנגען שבת מיט אַנ'אַטלאַסענע יופּע און אַ קעט און אַ זײַגער! עס האָט שוין געזאָלט זײַן איהר חתונה. אַנדערע זענען „כלה מײַדלעך" געוואָרען. שדכנים און מחותנים „האַקען אָב די מוח־רען", און מען האָט זיי געקעמט, געוואַשען, געקלײַדט, בשעת ווען איך בין נאָך אַרומגעגאַנגען באָרפיס, אין אַנ'אַלטע בעזינע, קורצע ספּאָדניצע, אין איין אויסגעבלאַקעוועטען ציצינען סטאַניק, וואָס האָט אויף מיר אויפ'ן סאַמע־ראָדנע פּראָנט אין עטליכע ערטער געפּלאַצט, און איך האָב איהם צוגעלאַטעט מיט אַנ'אַנדער קאָליר ציץ... די כלה־מײַדלעך האָבען מיך געמײַדט און מיט יונגערע קינדער האָב איך מיר געשעמט צו חבר'ן; אויך האָבען מיך שוין די צײַכען נישט געוויילט. בײַ טאָג פלעג איך מיך דעריבער נישט אַרויסווײַזען אין גאַס אַרײַן. די מאַמע ווײַטער האָט מיך אין ערגיץ נישט געשיקט, און אפילו, אַז איך האָב אַמאָל געוואָלט געהן אַ גאַנג, נישט געלאָזט. פאַר דאָס פלעג איך מיך אָפט אַרויסחאַפּען פאַר נאַכט און אַרומגעהן אונטערן הויז בײַ די שפּײַכלער, אָדער זעצען זיך נישט ווײַט פון טײַך.

זומער פלעג איך אַזוי זיצען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן.

אין אָנהויב פלעגט אַמאָל די מאַמע צו מיר אַרויסגעהן; צוגעגאַנגען איז זי קיינמאָל נישט, נאָר אין טויער זיך געשטעלט, אומגעקוקט זיך און אוועקגעגאַנגען, — איך פלעג כמעט הערען ווי זי זיפצט קוקענדיג אויף מיר פון ווייטען.

מיט דער צייט האָט דאָס אויך אויפגעהערט

איך פלעג מיר אָבזיצען איינע אַליין שעה'ן-לאַנג און איינהערען זיך ווי עס רוישט דאָס קליינע טייכעל, ווי עס שפּרינגען די פרעש פון גראָז אין טייך אַריין, אָדער נאָכיאָגען ערגיץ אַ לייכטען וואָלקען אין הימעל...

איך פלעג אַ מאָל האַלב איינשלאָפען מיט אָפענע אויגען.

איינמאָל האָב איך דערהערט פון ווייטענס אַ טרויעריג ליעדעל. דאָס קול איז געוועזען יונג און פריש, און עס האָט זיך מיר מיט אַ טרויער אויסגעגאָסען אין'ם גאַנצען לייב; עס איז געוועזען אַ יודיש ליעדעל.

דאָס זינגט דער „רופא-יונג", — טראַכט איך —, אַנדערע וואָלטען זמירות, נישט קיין ליעדלעך געזונגען.

איך טראַכט אויך, אַז מען מוז אַריין אין שטוב און אַזוינע ליעדלעך נישט הערען און מיט'ן רופא-יונג זיך נישט טרעפען. נאָר אויפגעהויבען האָב איך מיך נישט; איך בין עפּיס ווי פערחלומ'ט געוועזען, מאַט, און בין געבליבען זיצען אויפ'ן אָרט, חאָטש דאָס האַרץ איז אומרוהיג געוועזען.

דאָס ליעדעל קומט צו אַלץ נעהנטער און נעהנטער, עס געהט פון יענער זייט טייך איבער דער בריק.

איך הער שוין טריט אויפ'ן זאַמד, איך וויל ווייטער אַנטלויפען, נאָר די פיס פאָלגען נישט און איך זיץ ווייטער.

ענדליך איז ער צוגעקומען צום אָרט, וואו איך בין געזעסען

— דו ביזט עס, לאה?

איך ענטפער נישט.

אין די אויערן רוישט מיר נאָך שטאַרקער, די שלעפען שלאָגען נאָך האַסטיגער און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב קיינמאָל אַזאַ גוט און זיס קול נישט געהערט.

ער מאַכט זיך וועניג דערפון, וואָס איך ענטפער איהם נישט. ער זעצט זיך נעבען מיר אויפ'ן קלאָץ און קוקט מיר גלייך אין פנים אַריין.

זיין בליק האָב איך נישט געזעהן, ווייל איך האָב די אויגען

ניִשט אויפגעהויבען, דאָך *געפיהלט* האָב איך, ווי עס האָט מיר גע־ברענט דאָס פנים.

— ביסט אַ שעהנע מויד, לאה, מאַכט ער צו מיר, אַ שאָד!

עס האָט מיך אָנגעחאַפּט אַ שרעקליך געוויין און איך בין אַנטלאָפען.

דעם צווייטען אָבענד בין איך שוין ניִשט אַרויסגעגאַנגען, דעם דריטען אויך ניִשט. נאָר דעם פיערטען, פרייטאָג צו נאַכט, איז מיר שוין אַזוי שווער געווען אויפ'ן האַרץ, אַז איך האָב *געמוסט* אַרויסגעהן; עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וועל דערשטיקט ווערען אין שטוב. ער האָט אויף מיר, אַ פנים, אונטער אַ הויז־ווינקעל, געוואַרט, ווייל, קוים האָב איך מיך געזעצט אויף מיין אָרט, איז ער מיר ווי אויסגעוואַקסען פון אונטער דער ערד.

— אַנטלויף ניִשט פאַר מיר, לאה! האָט ער זיך מיט אַ ווייך, האַרציג קול געבעטען — גלויב מיר, איך וועל דיר קיין שלעכטס ניִשט טהון.

זיין ערנסט, ווייך קול האָט מיך בערוהיגט.

ער האָט אָנגעהויבען ציהען אַ שטיל טרויעריג ליעדעל, און מיר זענען ווייטער געקומען די טרערען אין די אויגען אַריין. איך האָב מיך ניִשט געקאָנט איינהאַלטען, און האָב אָנגעהויבען שטיל צו וויינען.

— וואָס וויינסט דו לאה, האַקט ער אָב און פרעגט, אָננעמענדיג מיך ביי דער האַנד.

— דו זינגסט אַזוי טרויעריג — האָב איך איהם געענטפערט און אַרויסגעצויגען די האַנד פון זיינע.

— איך בין אַ יתום, מאַכט ער, עלענד... אין דער פרעמד.

עס האָט עמיץ זיך בעוויזען פון גאַס און מיר זענען זיך צולאָפען.

דאָס ליעדעל האָב איך מיך אויסגעלערנט און פלעג עס זינגען שטילערהייט יעדע נאַכט אויפ'ן געלעגער; דערמיט בין איך איינגעשלאָפען, דערמיט בין איך אויפגעשטאַנען. דאָך גאַנץ אָפּט האָב איך חרטה געהאַט און געוויינט, וואָס איך האָב מיך בעקאַנט מיט אַ „רופא יונג”, וואָס קליידט זיך דייטש און גאָלט זיך דאָס בערדעל. וואָלט ער זיך אַזוי געטראָגען ווי דער אַלטער רופא, וואָלט ער כאָטש אַ פרומער יוד געוועזען... איך האָב געוואוסט, אַז ווען דער טאַטע ווערט עס געוואָהר, שטאַרבט ער, חס ושלום, פאַר עגמת נפש; די מאַמע וואָלט זיך אַ מעשה געטהון! דער סוד איז מיר געלעגען ווי אַ שטיין אויפ'ן האַרץ.

איך גיי צו צום טאטענס בעט, דערלאנגען איהם עפיס, אדער די מאמע קומט אריין פון גאס, און איך דערזאהן מיך אן מיין זינד, הויבען אונטער מיר אן הענד און פיס צו ציטערן, און דאס פנים פערלירט דעם לעצטען טראפען בלוט, און דאך דאס איך איהם יעדען טאג צוגעזאגט, אז איך וועל מארגען אויך ארויסקריכען; און איך האב נישט געהאט פאר וואס פאר איהם צו אנטלויפען. ער האט מיר שוין אפילו ביי דער האנד נישט אנגענומען, מעהר נישט געזאגט, אז איך בין א שעהנע מויד. ער האט מיט מיר נאר גערעדט, געלערנט מיך ליעדעלעך... איינמאל נאר האט ער מיר א שטיקעל באקסער געבראכט.

— עס, לאה!

איך וויל נישט נעמען.

— פאר וואס? פרעגט ער טרויעריג, פאר וואס ווילסט דו ביי מיר נישט נעמען?

איך האב מיך ארויסגעכאפט, אז איך וואלט בעסער געגעסען א שטיקעל ברויט.

---

ווי לאנג אונזער זיצען צוזאמען און זינגען האט געדויערט, ווייס איך נישט. נאר איינמאל איז ער געקומען טרויעריגער ווי שטענדיג, איך האב עס באלד אין פנים דערקענט, און האב'ן געפרעגט, וואס איז איהם.

— איך מוז אוועקפאהרען.

— וואו אהין? פרעג איך אהן א קול.

— צו דער סוב-רעוויזיע.

איך האב איהם אנגעכאפט ביי דער האנד.

— צו די זעלנער ווערסט דו געהן?

— ניין, האט ער מיר געענטפערט און דריקט מיר די האנד — איך בין א שוואכער... איך לייד אויפ'ן הארץ, קיין זעלנער וועל איך נישט זיין, נאר שטעלען מוז איך מיך...

— ווערסט צוריק קומען?

— א ודאי...

מיר שווייגען א ווייל.

— עס וועט נאר דויערן, — מאכט ער, — א פאר וואכען...

איך שווייג און ער קוקט אויף מיר מיט אַ געבעט.
— ווערסט בענקען נאָך מיר?
— יאָ... האָב איך אַליין קוים געהערט מיין תשובה.
מיר שווייגען ווייטער אַ ווײַלע.
— לאָ'מיר זיך געזעגענען.
מיין האַנד איז נאָך געלעגען אין זיינע.
— פאָהר געזונד! האָב איך איהם געזאָגט מיט אַ פערציטערט קול.
ער האָט זיך איבערגעבויגען, מיר אַ קוש געטהון, און איז פער־שוואונדען געוואָרען.
איך בין לאַנג געשטאַנען ווי שכור.
— לאה! האָב איך דערהערט דער מאַמעס קול, נאָר דאָס אַלטע ווייכע, כמעט זינגענדיגע קול, נאָך פון דער צייט, ווען דער טאַטע איז געזונד געוועזען.
— לאה'שי!
אַזוי האָט מען מיך שוין לאַנג נישט גערופען. איך האָב נאָך אַ מאָל אַ ציטער געטהון און בין מיט די נאָך ברענענדיגע ליפּען אַריינגעלאָפען אין שטוב. נאָר איך האָב די שטוב נישט דערקענט. אויפ'ן טיש זענען גע־שטאַנען צוויי פרעמדע לייכטער מיט ברענענדיגע ליכט, עס איז געשטאַנען בראָנפען מיט לעקאַך — דער טאַטע איז געזעסען אויף אַ שטוהל, אָנגע־לעהנט אויף אַ קישען, אויפ'ן פּנים האָט עפּיס ווי געשמייכעלט פון יעדען רונצעל אַרוים. — עס זענען געשטאַנען נאָך בענקלעך ביים טיש, אויך פרעמדע... עס זענען דאָ פרעמדע מענשען געוועזען — נאָר די מאַמע חאַפּט מיך אַרום און קושט, און האַלזט מיך:
— מזל טוב, טאָכטער, טאָכטערשי, לאה'שי, מזל טוב!
איך פערשטעהע נישט, וואָס מען מיינט, נאָר דאָס האַרץ שרעקט זיך און קלאַפּט, און קלאַפּט אַזוי מורא'דיג! אַז די מאַמע האָט מיך אַרויס־געלאָזט פון די אָרעם, האָט מיך דער טאַטע צוגערופען. איך האָב קיין כח נישט געהאַט צו שטעהן און האָב מיך אַראָבגעלאָזט פאַר איהם אויף די קניען און אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זיין שוים. ער גלעט מיר דעם קאָפּ, קרייזעלט מיר די האָר:
— ווערסט שוין, קינד מיינס, נישט ליידען קיין הונגער. קיין נויט; ווערסט שוין, קינד מיינס, נישט אַרומגעהן נאַקעט און באָר־פיס... ווערסט זיין אַ נגידה... דו ווערסט זיין רייך... דו ווערסט פאַר

דײַנע ברידערלעך מלמד־געלד צאָהלען... מען וועט זיי שוין פון די חדרים נישט אַרויסוואַרפען... דו וועסט אונז אויך העלפען... איך וועל געזונד ווערען...

— און ווייסט, ווער דער חתן איז? פרעגט די מאַמע, מיט אַ פרייד — טאַקי ר' זײַנוויל! טאַקי ר' זײַנוויל. ער האָט אַליין אַ שדכן געשיקט...

---

איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר איז געשעהן, נאָר אויפגעהאַפּט האָב איך מיך אויפ'ן געלעגער אין מיט'ן טאָג.

— געלויבט איז גאָט! האָט די מאַמע אויסגעשריגען.

— געלויבט איז זײַן ליעבער נאָמען! האָט דער טאַטע געזאָגט.

און מען האָט מיך ווייטער געהאַלזט און געקושט. נאָך מעהר — מען האָט מיר איינגעמאַכטס דערלאַנגט!... אפשר וויל איך וואַסער מיט זאַפט? אפשר אַ ביסעל ווײַן?

איך האָב צוריק די אויגען פערמאַכט און געקײַכט מיט אַ שטיקענדיג געוויין.

— וואהל, וואהל — פרעהט זיך די מאַמע — זאָל זי זיך אָבוויינען, מײַן אָרעם קינד! מיר זענען זיך אַליין שולדיג, אויף אַ מאָל אַזאַ נחת דער־צעהלט! אַזוי פּלוצלינג! עס קען אַנ'אַנדער פּלאַצען, חס ושלום! נאָר צינד געלויבט איז גאָט! ווײַן דיר אָב דאָס האַרץ, זאָלען אַלע צרות אָוועקשווימען מיט די טרערען און אַ נײַ לעבען זאָל זיך אָנהויבען, אַ נײַ לעבען...

דער מענש האָט צוויי מלאכים — אַ גוטען און אַ שלעכטען מלאך, און איך בין זיכער געוועזען, אַז דער גוטער מלאך הייסט מיך אינ'ם רופא־יונג פערגעסען, עסען ר' זײַנווילעס איינגעמאַכטס, טרינקען זײַן זאַפט מיט וואַסער און קליידען זיך אויף זײַן חשבון, בשעת ווען דער שלעכטער מלאך האָט מיר איינגערעדט, איך זאָל איינמאָל פאַר אַלע מאָל זאָגען דעם טאַטען און דער מאַמען. אַז איך וויל נישט, באין אופן נישט.

ר' זײַנווילען האָב איך נאָך נישט געקענט, איך האָב'ן אפשר אַ מאָל געזעהן, נאָר — אָדער פערגעסען, אָדער באַלד נישט געוואוסט, וועמען איך זעה... נאָר אונטער די אויגען האָב איך איהם פײַנד געהאַט.

באַלד די צווייטע נאַכט האָט זיך מיר געחלומ'ט אַז איך שטעה אונטער דער חופּה.

דער חתן איז ר' זײַנוווילע און מען פיהרט מיך 7 מאָל אַרום איהם, נאָר די פיס זענען מיר פערשטאַרט און די אונטערפיהרערקעס טראָגען מיך אין דער הויך —

דערנאָך האָט מען מיך אַ היים געפיהרט.

די מאַמע האָט אַקעגען געטאַנצט מיט אַ קוילעטש, און עס געהט שוין די גאָלדענע יויך.

איך האָב מורא די אויגען אויפצוהויבען. איך בין זיכער, אַז איך וועל דערזעהן אַ בלינדען, אָהן אַנ'אויג, און אַ לאַנגע, אַ שרעקליך לאַנגע נאָז... עס קומט מיר אַ קאַלטער שווייס אויפ'ן לײַב — נאָר פּלוצלונג רוימט ער מיר אײַן אין אויער:

— לאה'שי, אַ שעהנע מויד ביזט דו!

און דאָס קול איז גאָר נישט פון קיין אַלטען מאַן — עס איז יענעמס קול... איך עפען אַ ביסעל די אויגען — עס איז יענעמס פּנים...

— טס! רוימט ער מיר אײַן, זאָג נישט אויס. איך האָב ר' זײַנווילען פערנאַרט אין וואַלד אַרײַן, אַרײַנגעלעגט אין אַ זאַק, צוגעבונדען אַ שטיין און אַרײַנגעוואָרפען אין טײַך (אַזאַ מעשה האָט מיר אַ מאָל די מאַמע דערצעהלט) און בין איך דאָ אויף זײַן אָרט!

איך האָב מיך אויפגעחאַפּט פערציטערט.

דורך אַ שפּאַרע פון לאָדען, האָט אַרײַנגעשלאָגען אַ בלאַסער שײַן פון דער לבנה, און האָט באַלײַכט די גאַנצע שטוב. איך באַמערק ערשט, אַז אין מיט'ן באַלקען הענגט צוריק דער הענגעללײַכטער. טאַטע־מאַמע שלאָפען אויף בעטגעוואַנד, — דער טאַטע שמייכעלט פון שלאָף, די מאַמע אָטהעמט רוהיג... און דער גוטער מלאך זאָגט מיר: אַז דו וועסט זײַן גוט און פרום, וועט דער טאַטע געזונד ווערען, די מאַמע וועט אויף דער עלטער נישט אַרבייטען אַזוי שווער און ביטער, און פון דײַנע ברידערלעך, וועלען אַרויסקומען לומדים, רבנים, גאונים; גרויסע, גרויסע יורען, מען וועט פאַר זיי צאָהלען מלמד־געלד.

— נאָר קושען — זאָגט דער שלעכטער מלאך — וועט דיך ר' זײַנווילע... ער וועט זיך צו דיר צוריהרען מיט די פײַכטע וואָנסען... ער וועט דיך אַרומנעמען מיט די ביינערדיגע הענד... אויך וועט ער דיך פּײַניגען ווי יענע ווײַבער, און וועט דיך יונגערהייד יאָגען אין קבר אַרײַן;

און ער וועט קומען צו פאָהרען און וועט עגמת נפש האָבען, דיך קיין ליעדלעך שוין נישט לערנען, וועסט שוין מיט איהם אָבענד אויף אָבענד נישט זיצען... דו וועסט זיצען מיט ר' זיינוויילען...

— ניין! הימעל און ערד זאָל צוזאַמען קומען! צערייסען די תנאים.

איך בין שוין נישט געשלאָפען ביז אין דער פריה...

די ערשטע האָט זיך אויפגעכאַפּט די מאַמע; איך וויל מיט איהר רעדען, נאָר איך בין געוואָהנט אין אַלע געפאַהרען זיך ווענדען צום טאַטענס הילף.

אָט, וועקט זיך שוין דער טאַטע.

— ווייסט, שרה'לע — זענען זיינע ערשטע ווערטער — איך פיהל מיך גאָר, גאָר גוט; וועסט זעהן, איך וועל היינט נאָך געהן אין גאַס אַריין.

— געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען; אַלץ אין אונזער טאָכטערס מזל, אַלץ אונזער טאָכטערס, דער צדקה'ס זכות.

— און דער רופא איז טאַקי גערעכט, די מילך שמעקט מיר זעהר וואהל...

זיי שווייגען און דער גוטער מלאך זאָגט מיר נאָך אַ מאָל:

— אַז דו וועסט גוט און פרום זיין, וועט דער טאַטע ווערען געזונד; וועט אָבער פון דיינע ליפּען אַרויס אַ זינדיג וואָרט — פאַלט ער אוועק און שטאַרבט.

— הערסט דו, שרה'לע — מאַכט ווייטער דער טאַטע — הער שוין אויף צו זיין אַ פּשעקופּקע...

— וואָס רעדסט דו?

— וואָס דו הערסט! — איך וויל היינט נאָך זיין ביי ר' זיינווילען...

ער וועט מיך צונעמען צו אַ געשעפט, אָדער באָרגען עטליכע רובל, ווע־לען מיר זיך מאַכען אַ געוועלבעל, איך וועל שטעהן אַ ביסעל, דו אַ ביסעל

— דערנאָך וועל איך אָנהויבען האַנדלען מיט תבואה...

— הלואי זאָל גאָט געבען!

— אַ ודאי וועט גאָט געבען! אַז דו וועסט היינט נעמען אויף התונה קליידער, זאָלסט דו דיר אויך נעמען... חאָטש אויף צוויי קליידער, און פאַר וואָס נישט? ער האָט געהייסען נעמען וואָס מען דאַרף; דו וועסט דאָך נישט זיין אויפ'ן אויפרופען אין דיינע בגדים.

— געה שוין געה! ענטפערט די מאַמע — דער עיקר מוז מען די קינדער עפּיס מאַכען — ראובן געהט באַרפיס, ער האַט זיך יענע וואָך אַ האַלץ אַריינגענומען, לאַמט ער נאָך... אויך געהט צו ווינטער, מען דאַרף לייבלעך און העמדלעך, וואַטאַווע קאַפּאָטקעלעך.

— נעם, נעם...

— הערסט, מאַכט דער גוטער מלאך, אַז דו וועסט רעדען אַ שלעכט וואָרט, וועט די מאַמע דיינע קיין קלייד נישט האַבען, און דו ווייסט אַז דאָס אַלטע פאַלט איהר אַראָב פון לייב; דיינע ברידערלעך וועלען ווינטער צייט אין די גרעסטע פרעסט לויפען אין חדר אַריין באַר־פיס, און זומער וועלען זיי זיך אַריינגעמען העלצער אין די פיס...

— איך זאָג דיר דעם אמת — מאַכט די מאַמע, מען וואָלט געדאַרפט אַליין אויסרעדען „ברחל בתך הקטנה”, וואָרען זעהר אַ גוטער מענש איז ער נישט... מען דאַרף אָברעדען, וויפיעל ער וועט איהר פערשרייבען — וואָרען יורשים וועט זיין ווי האַלץ... ווען אפילו נישט קיין אקט — זאָל ער חאָטש געבען אַ חרם־קוויטעל, וואָרען טאַקי, ווי לאַנג קען אַזוינער לעבען? נאָך אַ יאָהר, נאָך אַ יאָהר...

— ביי וואהלטאָג — זיפצט דער טאַטע — לעבט מען לאַנג.

— לאַנג! פערגעס נישט — 70 יאָהר... טהייל מאָל ווערט איהם עפּיס ווי טויט אונטער די אויערן...

און דער שלעכטער מלאך זאָגט: אַז דו וועסט שווייגען, וועסט דו געהן אונטער דער חופּה מיט אַ טויטען, מיט אַ מת וועסט דו לעבען... מען וועט דיך לעגען־פיהרען מיט אַ בר־מנן...

די מאַמע זיפצט.

—אַלץ איז ביי גאָט אין די הענד — מאַכט דער טאַטע.

די מאַמע זיפצט ווייטער און דער טאַטע זאָגט:

— און וואָס קען מען טהון... מען האָט געקאָנט בעסער מאַכען? אַוודאי, ווען איך בין געזונד, ווען איך פערדינען, ווען עס איז חאָטש דאָ טרוקען ברויט אין שטוב...

ער האָט אָבגעהאַקט; מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עפּיס וויינט דעם טאַטען אין האַרץ.

— וואָלט זי חאָטש יונגער געוועזען מיט אַ פּאָר יאָהר, וואָלט איך

דאָס לעצטע געטהון . . . ווײס איך ? אפשר אויף דער לאָטעריע גע־שטעלט . . .

און איך האָב געשוויגען.

---

מײן 70 יעהריגער חתן האָט געגעבען אויף חתונה־קלײדער, עטליכע הונדערט גילדען דעם טאַטען און מיר אַ תּוספת־כּתובּה אויף 150 גילדען...

מענשען האָבען געזאָגט: אַ וואוילער שידוך!

איך האָב חבר'טעס בעקומען; די מיט דער סאַמעטענע יופּע און גאָל־דענעם קײט־און־זײגער, פלעגט בײ מיר זײן צוויי דרײ מאָל אין טאָג, זי איז געוועזען גליקליך ווי די וועלט, וואָס איך האָב זי דעריאָגט, וואָס מיר האָבען חתונה אין איין חודש! איך האָב געהאַט נאָך חבר'טעס. נאָר זי האָט זיך צוגעקלעבט צו מיר. „יענע זענען דאָך „סמאַרקאַטע מײדלעך"; ווער ווײסט, ווי לאַנג עס וועט נאָך בײ זײ דויערן!"

רבקה האָט חתונה פון דער פרעמד נאָר עסען קעסט וועט זי פרי־הער אין דער הײם 2 צי 3 יאָהר. איבער דער גאַנצער צײט וועלען מיר זיך האַלטען צוזאַמען; זי וועט אַרײנלויפען צו מ י ר אויף צי־קאָריע, איך צו א י ה ר אויף ציקאָריע, אָדער שבת נאָכ'ן שלאָף אויף בײלעק־יויך.

— און אַז איך וועל ווערען אַ קינפּעטאָרען — מאַכט אײנמאָל רבקה און דאָס פּנים שטראַהלט איהר — וועסט דו זיצען בײ מיר — יאָ?

איך שווײג.

— וואַי! — מאַכט רבקה — וואָס טרויערסט דו אַזוי? עס טרעפט זיך צו 70 יאָהר אויך...

— גענוג שוין, גענוג! — טרײסט זי מיך ווײטער — אַז גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם! און ווען נישט — ווי לאַנג, מײנסט דו, וועט עס דויערן? אַ מענש לעבט דאָך נישט אײביג! אַזאַ יאָהר אויף מיר, וואָס פאַר אַ יונגע אַלמנה דו וועסט זײן! די פינגער צו לעקען!

רבקה'ן ווינשט ר' זײנוויל'ען נישט קײן שלעכטס:

— ער איז אפילו אַ כּלב שבּכּלבים! יענס ווײב האָט ער געפּײניגט... נאָר יענס ווײב איז אַ קראַנקע געוועזען, און „דו ביסט געזונד ווי אַ נוס... דיך וועט ער גוט בעהאַנדלען, נאָך ווי הײסט גוט!"

---

ע ר איז צוריק געקומען!

דעם טאַטען איז טאַקי בעסער, נאָר עס האָט זיך איהם פערגלוסט אַ ביסעל טרוקענע באַנקעס — אַזוי האָט ער מורא געהאַט אַרויסצו־געהן. ער פיהלט, אַז פון ליגען, און דערנאָך זיצען אַלץ אין איינעם, האָט זיך איהם דאָס בלוט פערזאַמעלט אויף איין אָרט, מען דאַרף עס צו־שלאָגען! — אַ ביסעל אויך ברעכען איהם די פלייצעס און אויף דעם איז טרו־קענע באַנקעס אַ רפואה בדוקה.

איך האָב אָנגעהויבען ציטערן ווי אין אַ פיעבער: מיט טרוקענע באַנקעס קומט דער „יונג“, ניט דער רופא אַליין.

— ווערסט אַריינרופען דעם רופא? פרעגט מיך דער טאַטע.

— וואָס רעדסט דו? פאַלט איהם די מאַמע אין די רעד, אַ כלה־מיידעל...

זי איז אַליין געגאַנגען.

— וואָס ביזט דו אַזוי בלאַס געוואָרען? פרעגט מיך דער טאַטע דערשראָקען.

— גאָר ניט

— שוין עטליכע טעג... פאַרשט דער טאַטע.

— עס דאַכט זיך דיר, טאַטע.

— די מאַמע זאָגט אויך...

— עה!

— הײַנט — וויל מיך דער טאַטע דערפרעהען — וועט מען דיר שוין מעסטען די חתונה־קליידער.

איך שווייג.

— דו פרעהסט זיך גאָר ניט? פרעגט דער טאַטע.

— פאַר וואָס זאָל איך מיך ניט פרעהען?

— דו ווייסט דאָך אפילו גאָר ניט, וואָס מען מאַכט דיר.

— מען האָט דאָך מיר אַ מאָס גענומען!

דערווייל איז אָנגעקומען די מאַמע מיט'ן רופא אַליין

עס איז מיר גרינגער געוואָרען אויפ'ן האַרץ; נאָר אין איין וועגס האָט אין מיר עפּיס געקלאָגט: דו וועסט איהם אפשר שוין מעהר ניט זעהן...

— אוי אַ וועלט, קומט אַריין דער רופא, סאַפּענדיג און קרעכצענ־

דיג, — ר' זײַנוויִלע האָט חתונה מיִט אַ יונגע מויד, און לײַזער'ל דעם גבאי'ס ווערט אַ פּרוש — אַנטלאָפען פון ווײַב!

— לײַזער'ל? שרײַט אויס די מאַמע פערוואונדערט.

— ווי איהר הערט! הײַנט געה איך אַרום צו 60 יאָהר פון אין דער פריה ביז נאַכט אויף די פיס, און מײַן יונג לעגט זיך אין בעט אַרײַן...

איך הויב אָן ווײַטער צו ציטערן.

— האַלט נישט אַזאַ גוי! בעמערקט די מאַמע.

— אַ גוי? מאַכט דער רופא, ווי הײַסט אַ גוי?

— וואָס טויג מיר די מעשיות, האַקט איבער אומגעדולדיג דער טאַטע, טהוט בעסער אײַערס.

מײַן טאַטע איז בטבע געווען אַ גוטער; עס האָט זיך מיר שטענדיג געדאַכט, אַז ער קען קײַן פליעג אויף דער וואַנד נישט ריהרען, און דאָך האָט אין זײַנע רעד געשטעקט אַזוי פיעל בזיון פאַר'ן רופא.

אַלס קראַנקער אין בעט פלעגט ער גליקליך זײַן, אַז עמיץ איז אַרײַנגעגאַנגען און באַלאַקעט מיט איהם; נאָר מיט'ן רופא האָט ער קײנמאָל נישט געקענט רעדען אַ וואָרט. ער האָט איהם שטענדיג איבערגעהאַקט אין מיטען און געהײסען, ער זאָל זײַנס טהון, נאָר צונד האָב איך עס דאָס ערשטע מאָל אַזוי שטאַרק דערפיהלט; עס האָט מיר אָנגעהויבען דאָס האַרץ וועה צו טהון... וואָרעם, ווי אַזוי וואָלט ער נאָך יענעם בעלײדיגט, יענעם, וואָס ליעגט נעבּיך קראַנק!...

פאַר וואָס איז ער קראַנק?

געזאָגט האָט ער, אַז ער האָט אַ האַרץ-פעהלער.

וואָס דאָס איז, האָב איך ריכטיג נישט געוואוסט; מן הסתם איז עס אַזוינס, וואָס לעגט אַ מאָל אין בעט אַרײַן, און דאָך — האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, — אַז איך מוז אויך האָבען אַ שטיקעל שולד דערבײַ.

בײַ נאַכט האָב איך אין שלאָף געווײנט; די מאַמע האָט מיך אויפגעוועקט, און געזעצט זיך בײַ מיר אויפ'ן בעט.

— שאַ, קינד מײַנס! האָט זי מיר געזאָגט, לאָ'מיר דעם טאַטען נישט וועקען; און אונזער שמועס איז געווען פון מויל אויף אויער.

די מאַמע, האָב איך בעמערקט, איז שטאַרק צורודערט: זי קוקט אויף מיר פאַרשענדיג, זי וויל עפּיס בײַ מיר דערגעהן, און איך האָב

זיך בעשלאָסען איהר גאָר נישט צו זאָגען, על כל פנים נישט ווען דער טאַטע שלאָפט.

— קינד מיינס, וואָס האָסט דו געוויינט?

— איך ווייס נישט, מאַמע.

— פיהלסט דיך געזונד?

— יאָ, מאַמעשי! נאָר טהייל מאָל טהוט מיר דער קאָפּ וועה.

זי איז געזעסען האלב אָנגעשפּאַרט אויפ'ן בעט און איך האָב צוגערוקט דעם קאָפּ און אָנגעלעהגט אויף איהר האַרץ.

— מאַמע — פרעג איך — וואָס קלאַפּט ביי דיר דאָס האַרץ.

— פאַר מורא, טאָכטערשי.

— דו האָסט אויך מורא ביי נאַכט?

— ביי נאַכט און ביי טאָג, איך האָב שטענדיג מורא

— וואָס האָסט דו מורא...

— איך האָב מורא פאַר דיר..

— פאַר מיר?

די מאַמע ענטפערט נישט, נאָר איך פיהל, אז עס פאַלט מיר איהרס אַ טרעהר אויפ'ן פנים, אַ וואַרעמער טרעהר

— דו וויינסט, מאַמעשי?

די טרעהרען פאַלען אָפטער און אָפטער.

„איך וועל נישט זאָגען", בעפעסטיג איך מיך אין דער דעה.

אין אַ ווײַלע אַרום פרעגט מיך פלוצלינג די מאַמע:

— צי האָט דיר נישט רבקה עפּיס אָנדערצעהלט?

— וועגען וואָס, מאַמע?

— וועגען דיין חתן?

— פון וואַנען קען זי מיין חתן?...

— זי זאָל איהם קענען, וואָלט זי נישט גערעדט; נאָר אַזוי, ווי אין שטאָדט... ווייסט נישט, פאַר קנאה... אַ יוד אַ גביר, האָט כח צו נעמען אויף דער עלטער אַ בתולה, רעדט מען אוודאי... ווייס איך? צי האָט מען דיר נישט געזאָגט, אז דאָס לעצטע ווייב זיינס איז געשטאָרבען, ווייל ער האָט זי געפּייניגט?

איך זאָג איהר גאַנץ קאַלט-בלוטיג, אז איך האָב עפּיס געהערט דערפון, נאָר פון וועמען, ווייס איך נישט.

— אוודאי פון רבקה'ן — דאָס מויל זאָל איהר הינטען שטעהן — בעזוערט זיך די מאַמע.

— פון וואָס דען — פרעג איך — איז זי אַזוי פלוצלינג געשטאָרבען?

— פון וואָס? אַ האַרץ־פעהלער האָט זי געהאַט...

— נו וואָס? אַז מען האָט אַ האַרץ־פעהלער שטאַרבט מען?

— אוודאי...

מיר האָט עפּיס ווי געקנאַקט אין מוח...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איך בין געוואָרען אַ „זיידען קינד" — מען האָט מיך אין אַלע הייזער געליבט; די טאַטע־מאַמע האָבען עס גאָר נישט געקענט פערשטעהן; דער שניידער אוודאי נישט. איך האָב מיר גאָר נישט אויסגעבאָטען: וואָס די מאַמע האָט געוואָלט, האָט זי געמאַכט, וואָס פאַר אַ מאַטעריע, וואָס פאַר אַ שניט, וואָס פאַר אַ קליידער... אַלץ וואָס זי האָט נאָר אַליין געוואָלט.

רבקה פלעגט אַריינקומען און קנייפּען זיך אין די באַקען: „ווער פערלאָזט זיך אין מאָדע זאַכען אויף אַ מאַטען — אַ יודענע פון דער אַלטער וועלט?! וועסט שבת נישט קענען זיך ווייזען, נישט אין שוהל, נישט אין גאַס, אין ערגיץ נישט"!

— דו קוילעסט זיך! האָט זי געענדיגט

מיר איז איינגעפאַלען, אַז איך בין שוין לאַנג געקוילעט. און איך האָב רוהיג געוואַרט אויף שבת נחמו, ווען מען האָט געזאָלט פערבעטען דעם חתן אויף קדוש...

דערנאָך וועט זיין אַנ'אויפרופען, דערנאָך אַ חתונה.

דעם טאַטען איז ווירקליך בעסער. ער געהט טהייל מאָל אַרוים אין גאַס אַריין, ער הויבט אָן געוואָהר צו ווערען וועגען תבואה. רעדען, ווי ער האָט געקלערט, דעם חתן וועגען אַ הלואה, האַלט ער נאָך פאַר צו פריה. ער רעכענט שבת־נחמו צו פערבעטען איהם נאָך אויף שלש סעודות און נאָכ'ן שלש סעודות, אַריינצוואַרפען עטליכע ווערטער.

אַז עס איז שוין אַזוי גוט, איז צייט אָבצושיקען דעם רופא; מען האָט אַפילו היינט קרעדיט, ער מאָהנט נישט, שיקט שוין נישט דעם יונג, קומט אַליין. נאָר עס איז צייט, זאָל זיין אַנ'עק. וויפיעל מען האָט אָבגעשיקט, ווייס איך נישט, נאָר דער שליח איז געוועזען אברהמ'ל,

וואָס האָט געזאָלט דורכגעהענדיק אין חדר אַריין, דערלאַנגען די שטליכע גילדען.

שפּעטער דאָך איז פּלוצלינג אַריינגעקומען דער י ו נ ג...

— וואָס? ווענינ געשיקט? בעגעגענט איהם דער טאַטע.

— ניין, ר׳ יהודה — איך בין געקומען זיך געזעגענען.

— מיט מיר? פרעגט דער טאַטע פערוואונדערט.

אַזוי ווי ער איז אַריינגעקומען, בין איך אַנידער געפאַלען אויפ׳ן ער־שטען בענקעל, וואָס איז געשטאַנען נעבען מיר; נאָר ביי די ווערטער האָב איך מיך פּלוצלינג אויפגעשטעלט און אין קאָפּ האָט אויפגעבליצט אַ גע־דאַנק, אַז איך דאַרף איהם שיטצען, נישט לאָזען בעליידיגען, עס איז דאָך נישט געקומען דערצו.

— איך פּלעג דאָ אַריינקומען — האָט ער געמאַכט מיט זיין ווייך, זיס און טרויעריג קול, וואָס האָט זיך געגאָסען אין האַרץ אַריין ווי אַ בוימעל — צונד פאָהר איך אַוועק. אויף שטענדיג... האָב איך געמיינט —

— נו, נו, אדרבה — מאַכט שוין געלאַסענער דער טאַטע — זעץ דיך, יונגער מאַן, עס איז אפילו שעהן פון דיין זייט, אַז דו געדענקסט אַ בעל־בית... אדרבא...

— טאַכטערשי, מאַכט ער צו מיר, מען דאַרף איהם עפּיס געבען!

ער האָט זיך אויפגעשטעלט בלאַס, מיט ציטריגע ליפּען און פייער־דיגע אויגען, נאָר אין דער רגע האָט זיך איהם דאָס פּנים צוריק מרה־שחורה׳דיג געענדערט.

— ניין, ר׳ יהודה, איך דאַרף נישט, איך דאַנק אייך — זייט געזונד!

ער האָט די הענד נישט אויסגעצויגען צו קיינעם, און אויף מיר קוים אַ בליק געוואָרפען.

אין דעם בליק האָט דאָך געשטעקט אַ פאָרוואורף, עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער בעשולדיגט מיך, אַז ער וועט מיר נישט מוחל זיין, — ו ו אָ ס, האָב איך רעכט אַליין נישט געוואוסט.

און איך בין ווייטער אין חלשות געבליבען.

— שוין דאָס דריטע מאָל. — הער איך — זאָגט די מאַמע צום טאַטען...

עס מאַכט נישט אויס, אין די יאָהרען טרעפט זיך עס... נאָר חס

ושלום ווערט ר' זײַנוויִלע געוואָהר, שיִקט ער אָב די תנאים...! ער האָט שוין געגוג געהאַט יענע חולנית..."

קײַן חולנית בין איך דאָך ניִשט געווען.

אין חלשות בין איך אין גאַנצען נאָך איין־איינציג מאָל געפאַלען: בײַ דער גאָלדענער יויך, אַז איך האָב „ר' זײַנוויִלען" דאָס ערשטע מאָל רעכט דערזען...

ניִשט מעהר.

אפילו נעכטען, ווען דער רופא, וואָס שנײַדט מײַן „ר' זײַנוויִלען" אוים אַלע חודש די נעגעל, וואָס וואַקסען איהם אין די פיִנגער אַרײַן, האָט מיִך, אַרויסגעהענדיג געפרעגט, צי איך געדענק זײַן יונג, און דער־צעהלט, אַז ער איז געשטאָרבען אין וואַרשאָווער שפיטאָל — בין איך ניִשט געפאַלען חלשות, איך האָב קוים אַ טרער געלאָזט. איך האָב אַלײַן ניִשט געוואוסט פון איהר, נאָר דעם רופא איז זי, די טרער, געפעלען.

— איהר זײַט אַ גוטע — האָט ער געזאָגט, און דעמאָלט האָב איך זי ערשט דערפיִהלט אויף דער באַק.

מעהר ניִשט.

איך בין אַ געזונדטע; איך לעב שוין 5 יאָהר מיִט ר' זײַנוויִלען... ווי אַזוי, וועל איך אָפּשר אַנ'אַנדערסמאָל דערצעהלען.

# קלאָץ געשיכטען.

## 1.

### דער קלאָץ אַליין.

אין מיטען מאַרק ליגט אַנ'אַלטער, פוילער קלאָץ...

דאַכט זיך, טויט ווי אַלע טויטע — און דאָך, אין אַ שטילער זומער-נאַכט, ווען אַלץ אַרום איז פערזונקען אין טיעפען שלאָף, ווען לבנה און שטערען דרימלען אונטער אַ לייַכטען זילבער-נעפּעל, וועקט זיך אין מיר אויף דער אַלטער כשוף-מאַכער... „האָקוס-פּאָקוס!" — דער קלאָץ לעבט!

ערגיץ אין מצרים ליגט אַ פערכשוף'טער אַלטער קלאָץ, וואָס וועקט זיך יעדען פריה-מאָרגען (ווען די פרישע, רייַנע זון שטעהט אויף) און יעדען אָבענד (ווען זי געהט אונטער פערשעמט און פערבלוטיגט) און גיבט פון זיך אַרויס אַ וואונדערליכען קלאַנג; — מייַן קלאָץ דערצעהלט גאַנצע געשיכטען.

אַלץ, וואָס איך שרייַב פון'ם שטעדטעל, האָב איך איהם צו פערדאַנקען, דאָס אַלץ זענען „קלאָץ-געשיכטען"... דאָס אַלץ דערצעהלט ער מיר.

נאָר אָנהויבען הויבט ער אָן פון זיך. רעכט האָט ער! יעדערער איז בייַ זיך דער הייליגער מיטעלפּונקט, אַרום וועלכען ער שטעלט זיך אוים די רעשט וועלט.

עס געהט כסדר: איך, און דערנאָך ערשט אַלץ, וואָס מייַן איז: מייַן משפחה, מייַנע חברים, מייַנע גוטע פריינד, מייַנע בע-

קאַנטשע, מײַן שטאָדט, מײַן געגענד, מײַן לאַנד... אַלץ וואָס מײַן איז!

שפּעטער נעמען מיר שוין שותּפים צו: אונזער ערד, אונזער וועלט.

פאַר דעם קומען מיר צוריק צו: מײַן גאָט! נאָר דאָס זאָל זײַן אַ סגולה צו פּרנסה...

---

טהײַל מײַנען אפילו, אַז זײ זענען, נישט נאָר דער מיטעל-פּונקט, נאָר זאָגאָר דער ברען-פּונקט פון דער וועלט. דאָס גאַנצע ליכט לויפט זיך דאָ צוזאַמען אַרויסצושטראַהלען ערשט פון זײ אויף דער רעשט וועלט... אָהן אַ חלב׳ען ליכטעל אפילו אין האַנד, לויפען די באַרמהערציגע לײַט אַרום אין די גאַסען און שרײַען: ליכט! ליכט! ווי אַ מאָל דער כּביכול און דערנאָך, להבדיל, געטהע פאַר׳ן טויט...

אַנדערע קלערען גאָר: צי איז אויסער זײ נאָך עפּיס פערהאַנען!...

„איך בין איך״ — על כּן — בין איך דאָ! נאָר די רעשט וועלט צי איז זי נישט מײַנס אַ חלום פון אַ זומער צי אַ ווינטער נאַכט, ווי עס מאַכט זיך?

און באמת, וועער נויטהיגט מיך צו גלויבען, אַז אויסער מיך עקזיסטירט נאָך עפּיס? פיהלען פיהל איך נאָר מײַן הונגער, מײַן דורשט, מײַן עגמת־נפש... איי וואָס — מען זאָגט?

דאָס איז ווייניג!

מען פלעגט אַ מאָל זאָגען, אַז עס איז פאַרהאַן: עהרליכקײַט, רחמנות, יושר, אמת וכדומה, און עס האָט זיך אויסגעוויזען — אַ חלום, אַ וויסטער חלום...

און — אַ והא ראיה! אַז איך, איך נאָר, נעם אַ קאָפּ בראָנפען, טאַנצט די גאַנצע וועל׳ט אַרום ווי שכּור!

לאָ׳מיר בעסער צוריקגעהן צום קלאָץ, צו זײַן אויטאָביאָגראַפיע!

---

געווען איז ער אַ מאָל אַ בוים.

אַ פרישער גרינער בוים אין וואַלד!

געוואָרצעלט האָט ער אין דער ערד, געצווײגען זיך אין הימעל אַרײַן...

אַנ׳אָדלער, נאַטירליך, פליהט העכער: זיינס האָט ער דאָך געטהון בשלמות; ער האָט זיך געהויבען און געהויבען, איבער זיינס גלייכען געוואַקסען! ער האָט שוין אפילו אַ גרויס שטיק הימעל געזעהן!

טהייל מאָל האָט זיך איהם געדאַכט, אַז, אָט אָט, פאַלט אַראָב דאָס טעלער׳ל פון הימעל ־ן לעגט זיך איהם — אַ קרוין אויפ׳ן קאָפּ! און ער איז ווערטה די קרוין, ער ציהט זיך אַלץ־אין־איינעם אַרויף!...

געלעבט האָט זיך נישט שלעכט!

טויזענד בלעטער צום עטמען, אַריינצוציהען גרינצייג... אַ פּאָר שאָק וואָרצלען אונטער דער ערד, צו ציהען היונה — זאַפט און זאַלץ! דאָס איז פאַר׳ן גוף; די נשמה האָט: פויגעל־קאָנצערט און וואָלקען־מאַסקאַראַדע!

צווישען די צווייגען זשומט, ברומט, טרילערט און קלינגט... אויפ׳ן הימעל פליהט און ציהט, און יאָגט זיך. פון אַ זייט שווימט אַ סטאַדע וואָליגע שעפּעלעך; אָט טרייבט זיי אַ קעגען אַ גראָמאַדע צויטיגע, שוואַרצע וועלף... אַלע פערשווינדען, און איבער דער ברייט פון הימעל ציהט זיך אויס אַ לאַנגער דייטש מיט גרויסע שטיוועל, מיט אַ מעשענע פּיקעל־הויב אויפ׳ן קאָפּ... ער ווערט אויך צורונען, שאַ! דער הימעל הענגט אַרויס וועש צו טריקענען... דאָס „גרעט״ שאָקעלט זיך, הוידעט און וואַרפט זיך, גלייך עס וויל אַראָבפאַלען און אַ האַלבע וועלט „מלביש־ערומים״ זיין...

---

ז דאָס אַלץ איז זומער.

ווינטערצייט הילט זיך איין דער בוים אין ווייסען מאַנטעל און דרי־מעלט. ער שלאָפט איין, און חלום׳ט־איבער אַ וועלט!

אין אַזאַ שלאָף הערט ער איינמאָל: טראַך! טראַך!

אַ האַק, צי אַ דונער! ער צי אַנ׳אַנדערער?

איידער ער קומט צו זיך — באַץ! ער ליגט שוין אויסגעצויגען אויפ׳ן שניי...

און ער שלאָפט ווייטער איין... און ער חלום׳ט ווייטער:

— פערפאַלען! עס וועט זיך אָנהויבען אַ ניי לעבען, גאָר אַנ׳אַנדער לעבען! נישט אין היימישען וואַלד, נישט צווישען זיינס־גלייכען — בוימער, נאָר אין דער איביגער פרעמד!

ניִשט „היִמעל און ערד" וועט עס הייסען, נאָר „היִמעל און וואַסער" בעסער געזאָגט: היִמעל און היִמעל, אַנ'אמת'ר פון אויבען, אַנ'אָפּ-געשפּיִגעלטער פון אונטען...

אַ מאַשט וועט ער זײַן, אויף דער גרעסטער שיִף שווימען; אויף דער גרעסטער שיִף, אויפ'ן גרעסטען ים! און אַ וועלט וועט ער זעהן!

דעם וואַלד וועט ער דאָך ניִשט פערגעסען!

וועט ער נעהנטער קומען צו אַ שטיִק ערד, וועט ער זיִך שאָקלען און גריִסען דעם וואַלד... פון צײַט צו צײַט וועט איִהם דער וויִנד צו-טראָגען אַ ביִסעל ריח פון נאָדלען און בלעטער... אויף דער שיִף וועט געוויִס זײַן אַ שטײַגעל... דריִנען אַ קלײַן זיִס פויגעלע...

ער חלומ'ט און פיִהלט, ווי די האַק שפּאַרט איִהם איִן די זײַטען, שײַלט און רײַסט... שאַדט ניִט!

-טערפּי קאַזאַק, אַטאַמאַנאָם בודיעש!"

אַנדערע האָט מען אויף פּיִצפּיִצלעך צוהאַקט, אויף אַש פערברענט, אויף אַלע וועלט-עקען פערשפּרײַט דאָס אַש און צווײַעט, און ער וועט זײַן אַ מאַשט!

---

אויפגעחאַפּט האָט ער זיִך ניִשט אַלס מאַשט... מען האָט פון איִהם קוים אַ באַלקען געמאַכט, איִן אַ הויז אײַנגעמויערט.

ענג, דושנע, פיִנסטער — עס דריִקט פון אַלע זײַטען...

ער פאַלט אַוועק איִן אַ נײַעם שלאָף, איִן אַ וויִסטען שלאָף; אָהן חלומות, אָהן האָפנונג. אָהן טרײַסט...

און אַזוי איִז ער פופציִג און אפשר הונדערט יאָהר געשלאָפען...

און עס וועקט איִהם ווײַטער: טראַך! טראַך!

ער חאַפּט זיִך שוין אויף באמת איִן אַ ים. איִן אַ רויטען, פײַערדיִגען ים... פאַליעס פײַער שלאָגען...

דאָס איִז מײַן עק! — טראַכט ער — איִן גיהנם ביִן איִך! מײַנט ער.

נאָר אַ קלאָץ דענקט און די פּאָזשאַרנא קאָמאַנדאַ לענקט און טהוט איִהרס... צונד ליִגט ער איִן מיִטען גאַס...

---

ער ליִגט און פוילט און ניִצט נאָך דער קלײַנער וועלט...

האַלץ־וועָרם ציִהען פון איהם די גאַנצע פּרנסה... אַ צושויבערטע דיענסטמויד לויפט צו און רייסט אוים אַ קיהנדעל... דער שרייבער פון מאַגיסטראַט נעמט זיך יעדען טאָג נאָכ׳ן מיטאָג אַ צאָהן־שטעכער... פרייטאָג רייסט פון איהם ווער אין גאָט גלויבט עדות צום נעגעל־פער־ברענען...

קומט אין מיטען דער נאַכט אין שטעדטעל אַ קליין סוחר׳ל, אַ נשרף׳ל, ציט אַזוי אַ בעטלער, נעכטיגט ער איבער אויפ׳ן קלאָץ...

טהייל מאָל ציהט זיך אויף איהם אוים דער נאַכט־וועכטער און שנאָרכט...

---

## 2.

## ביי טאָג.

אַ זומער־מאָרגען...

מיט געשריי און געוויין, געלעכטער און געזאַנג רייסט זיך דאָס יונגוואַרג אַרוים פון די קליינע הייזלעך... נאַקעט, האַלב־נאַקעט, מיט און אָהן שטיקלעך ברויט אין די הענד — לויפט עס צום קלאָץ.

מען שפּיעלט זיך...

און שפּיעלען זיך הייסט קאָפּירען די עלטערע וועלט.

אַלס חתן־כּלה פאָהרט מען אויף שטעקען שפּאַצירען, קושט מען זיך אין די ווינקעלעך, שענקט מען זיך מתנות.

איז ווענינ, דערלעגט מען נאָך אַ שערבעלע, נאָך אַ שטיקעל גלאָז פון אַ גרין אָדער אַ בלאָה־געוואָזענער פלאַש, נאָך אַ שטיקעל לעדער... אַ־ניט געהט דער שדוך אָב, האָט מען אַ דין־תּורה, צאָהלט מען קנס...

אַלס מאַן און ווייב, קריגט מען זיך, שעלט מען זיך און מען שרייט... ווערט מען מיעד, לאָזט מען דעם רעשט גרימצאָרן אוים צו די קינדער, צו די אָרעמע קינדער פון האָלץ און שמאַטעס...

זיי זענען „ממזרים"... ווילען נישט לערנען, נישט פרום זיין, נישט טהון די הענד אין קאַלטען וואַסער אַריין... נאָר פרעסען וויל עס און זויפען, און עס האָט אַ קישקע אָהן אַ דנאָ!

פאַר גרוים צרות מאַכט מען זיך „שטעלען"; פערשעלט מען די קינ׳ם ביינער. צו דער סחורה — ווי אַ גאָט אין הימעל — לעגט מען צו.

און צאָהלען מוז מען פּאַטענט, שטעל־געלד, מלמד געלד דירה געלד, היינט קינדער חתונה מאַכען... און זיי דינגען זיך נאָך, די נשמה ציהען זיי אַרויס!

דערנאָך געהט אַ לויה... אַ קאַץ איז גע'פּגר'ט, צי מען האָט אַ טויט מייזעל געפונען...

אין מיט'ן קומט דער בעלפער...

---

אין מיטען טאָג פערנעמען דעם קלאָץ עטליכע ווייבלעך, קעסט־קינדער... ביים שעהנעם וועטער זעצען זיי זיך אויס אין די ווייסע יאַקעלעך, קאָלירטע טיכלעך און, פאַר בושה, מיט אַ האַנד־אַרבייט אויף דער שויס. און מען פערברענגט אַ גוטע שעה...

פריהער געהט עס צו שטיל.

איינע רויטעלט זיך און דערצעהלט, ווי גוט זי ווערט בעהאַנדעלט. די צווייטע „האָט נאָך זייט זי לעבט אַזאַ מאַן נישט געזעהן!", די דריטע שווייגט און פלאַמט; די מוז זיין די גליקליכסטע... טהייל מאָל שלינגט דאָך איינע אַראָב אַ טרער נאָך אַ טרער — מען האָט איהר געוויס אַן אַלטען מלמד געגעבען...

דערנאָך ווערד רעדאַגירט די שטאָדט־צייטונג, די מויל־אַרבייט, וואָס צופליהט זיך פייל פון בויגען אין אַלע שטובען, אין אַלע הייזער אַריין, און קומט דערנאָך צוריק צום קלאָץ פערגרעסערט און פערשעהנערט, ביז צום דערקענען...

עלטערע מענשען זאָגען, אַז פון קלאָץ וועט קיין גוטס ניט אַרויס...

---

פאַר־נאַכט געהען שוין די יונגע ווייבלעך, אויסגעפוצט אין די נאָך פרישע חתונה קליידער אונטער דער שטאָדט, אויפ'ן שאָסעע, ביי'ם ראַנד פון קליינעם וועלד'ל, פון וועלכען אונזער קלאָץ קומט אַרויס. אין וועלד'ל זיך „אַריינלאָזען", איז קיין שטייגער נישט; עס וואָלט שוין צופיעל „דייטשע־ריש" אָדער „פריציש" געוועזען... די „שעהנע ברייגדיל" פלעגט שפּאַצירען אין וואַלד, האָט זי זיך אַמאָל אויסשפּאַצירט, אויף אַלע שונאים געזאָגט: — „אַ רחמנות אויפ'ן אַלטען פאָטער, אויפ'ן געוועזענעם לאַנד־שדכן, ער שעהמט זיך פאַר די ליכטיגער שיין!"

דעם קלאַץ פערנעמען דערווייל עטליכע אלטע ווייבער, וואָס חאַפּען זיך אַרוים אויף אַ רגע. אַ ביסעל לופט צו שעפּען, אַ ביסעל נחת צו האָבען און אָבצורעדען זיך פון האַרץ...

און, אַז מען האָט שוין איבערגעשיט דאָס גאַנצע שטעדטעל, רעדט מען פון „וואָס אַ מאָל איז געווען און היינט איז ניט דאָ"...

אַ מאָל זענען געווען געטרייע מענער און היינט — פאַר די הינד אַרויסצוואַרפען, איינם ביי איינם טרפה ווי חזיר; עס געהט זיי קיין וואָהר וואָרט אַרוים פון מויל... נאָך דער חתונה איז „קעטשעלע־מעטשעלע", ביי איין טיש עסט מען, פון איין שיסעל; — וואָס עלטער, ווערד מען קעלטער, און — גאָר ניט!

פערצייטענס פלעגט אַ יודענע האַלטען אַנ'אור־איניקעל ביי'ם פאַרטוך און איהר אייגענס ביי דער ברוסט; היינט נאָכ'ן דריטען, העכ־סטענס נאָכ'ן פיערטען מאָל — קראַנק, דאַרף מען שוין דאָקטוירים און... דאָ רוימט מען זיך איין עטליכע סודות און מען שפּייט אויף אַלע זייטען...

דעריבער שטראָפט טאַקי דער בורא־עולם... ער וועט זיין גוטס נישט וואַרפען אין דער בלאָטע אַריין. פרנסה נישט דאָ, קליינע קינדער געהען אוים ווי די ליכט. פאַר זעלנער נעמט מען... און קהל, און רב שווייגען! — —

אפילו די זון איז שוין אויך נישט דאָס, וואָס אַ מאָל! פאַרצייטען פלעגט מען פון פּסח ביז סכות געהן אין איין העמד... עס רעדט זיך נאָר אַזוי, בעשפּינט און בענייט איז מען געווען, און די ספּאָדניצעס מיט די זילבערנע און גאָלדענע פליטען זענען אַ סך שענער געווען, ווי די היינטיגע מאָדעס... נאָר וואַרעם איז געווען, אַ מחיה! ווער האָט געוואוסט פון הוסטען, פון שווערען אָטהעם, פון אַ ציטערניש אין די ביינער?

---

די זון געהט אונטער; די ווייבער צולויפען זיך; מען דאַרף וויעטשערע קאָכען. פאַר די „געטרייע" מענער, דאָס פּנים פערפלאַמען...

עס פלאַמט אויף איין פענסטער נאָכ'ן צווייטען, אַ שויבען־טהיר נאָך אַ שויבען־טהיר. מיט רויטע אויגען קוקען די היזלעך אין גאַס אַריין, און ביים קלאַץ זיצען שוין מענער נאָך מנחה־ומעריב.

מען רעדט פון פּאָליטיק, פון פרנסה, פון יודישען מזל...

איינער ציהט זיך אויס אויף דער ווארעמער ערד, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויף'ן וויַיכען, פּוילען האַלץ און קוקט אין הימעל אַריַין מיט צער, מיט נחת, מיט געבעט — ווי אַ איינער, ווי אַ מאָל — און דרימעלט אַזוי איין.

פּלוצלינג ווערט אַ געשריַיעריַי פון טהיר און פענסטער. וואַכט זיך קולות רופען: חיים, יוסל, ראובן.

אַנדערע, מיט אַ צולאָג — אַ קללה: דיַין נאָמען זאָל אַהיים קומען די קאַרטאָפּעל ווערען קאַליע!

---

און ערשט גאָר שפּעט, אַז דאָס שטעדטעל שלאָפט איין, רוקט זיך אַרויס פון נידריגסטען היַיזעל ר' שמעריל, דער געוועזענער לאַנד שדכן...

פערציג יאָהר איז ער אַרומגעלאָפען זוכען חתנים און כלות, ביז ער האָט די פיס פערלוירען; קוים ער שלעפּט זיי נאָך ...

אַ האַלבען געגענד האָט ער חתונה געמאַכט, נאָר זיַין איינענער טאָכטער פערגעסען... אין גרויען צאָפּ אַריַין פערגעסען..., ניַינצעהן יאָהר דערלעבט!

ער זעצט זיך און בעהאַלט דעם אַלטען גרויען קאָפּ אין די ציטערדיגע הענד... נדן האָט ער איהר געקליבען; נישט געגעסען נישט געטרונקען, צו פוס מיַילען גאַנצע געגאַנגען... אַלץ געקליבען און געקליבען!

אַזאַ חרפּה, אַזאַ שאַנד!

ער הויבט די אויגען אויף צום הימעל.

חאָטש גוט, וואָס זיַין רחל האָט עס נישט דערלעבט!

— גאָט! ווייַנט אין איהם דאָס האַרץ — זאָל זי נאָך תשובה טהון...

אַ וועק וועל איך מיט איהר... איך וועל איהר אַ ניַיען נדן צוזאַמען מאַכען... מיט די קראַנקע פיס וועל איך פון טהיר צו טהיר אויף הכנסת־כלה געהן... חתונה מאַכען, ליַיטיש חתונה מאַכען!

— גאָט, שיק אַ שטראַהל פון דיַין ליכט אין איהר האַרץ אַריַין! אַ האַרץ האָט זי דאָך אַ גוטס געהאַט, אַ גוט האַרץ... אַ שטילע איז זי, אַ גוטע געוועזען... אַ האַרציגע!...

— מעשה־שטן, מעשה־שטן! — קלאָגט דער אַלטער אין דער שטילער נאַכט אַריַין...

---

— און — אַז ער געהט אויך אַוועק, דאַמאָלס דערצעהלט מיר דער קלאָץ זיינע מעשה'ליך.

---

3.

## נאָך האלבער נאַכט.

דאָפּעלט דיק ווערד דער קלאָץ; ער גיסט זיך מיט זיין איינזע־נעם שאָטען צוזאַמען. אַ גרויסע, טיפע שטילקייט וויעגט זיך איבער'ן טוידטען מארק.

דאָס שטעדטעל שלאָפט; טהיר און טהויער געשלאָסען.

זעלטען רוישט דורך דער לופט אַ פלעדערמויז; אַנ'אונגליקליכע פלעדערמויז אין אַ שטעדטעל, וואו די ווייבער האָבען קיין האָר ניט! פון ערגיץ אַנ'אונטערגאַס בלעקט פון צייט צו צייט אַ קע, בעל, גלייך עס וואָלט זיך געקלאָגט אויפ'ן לעבען, וואָס עס איז צו קורץ און ווערט נאָך פאַר דער צייט איבערגעריסען מיט געוואַלט. פון צייט צו צייט לאָזט זיך הערען אַ הונד פון דער קריסטליכער פאָרשטאָדט, וואָס קאָן די לבנה נישט ליידען; וואָס ריהרט זי זיך אין דער שטילער נאַכט? — — —

ווייטער איז שטיל, די אָרעמע קליינע וועלט האָט קוים איינגעוויעגט איהרע קליינע — ווען אויך גענוג טיפע — שמערצען, האָפנונגען און פערלאַנגונגען, ווי אויך איהר קליינעם יצר־הרע...

---

שטיל און טרויעריג ליעגט דער קלאָץ אין מיטען מאַרק; שטיל און טרויעריג שווימט איבער איהם אין הימעל אַ פוילע געלע לבנה.

וואָס ביסט דו לבנה אַזוי געל? וואָס איז אַזוי קרענקליך דיין פנים? פון דיר שנייידט מען דאָך קיין צאָהן שטעכער, קיין עדות צו נעגעל, קיין קיהנדלעך? צי האָסט דו מיטלייד מיט'ן יודישען־קעלבעל פון אונטערגאַס? צי שרעקט דיך דער הונד פון דער קריסטליכער פאָרשטאָדט?

און פילייכט ביזט דו גאָר אונז אָרעמע מענשען מקנא, ווייל, ווי עס איז, האָבען מיר אַ נאַכט צום שלאָפען?

קראַנקע לבנה! — ניט אַלע שלאָפען.

---

דאָ און דאָרט שפּאַרט זיך אַרויס אַ ביסעל ליכט דורך אַ שפּאַרע פון אַ לאָדען; אַרום מאַנכע ציטערן דין־שטראַהליגע, רויטלעך־בלויע מגן־דוד'ס...

דאָ איז זיך אַ שניידער, צי אַ שוסטער, און אפשר אַ טליתים־וועבער, ביי דער אַרבייט פערזעסען. אַנ'אָרעמע נעהטאָרין פינטעלט מיט די רויטע אויגען און נעהט, און שטעפּט...

דאָרט שטעהט אויף אַ דערשראָקענע מוטער צום קראַנקען קינד...

ערגיץ אַנדערש אין אווינקעלע, ביי אַ גראָשענדיג חלב'ן ליכטעל, ציילט אוים אַ בעטלער זיין צוזאַמענגעמאַכט פערמעגען.

אינ'ם גרויסען, ווייסען הויז ליעגט אַ קראַנקע; זרח שענקער'ס ווייב. געה בערעכען אַ וועלט: אַ יונג ווייבעל, אַנ'אַלטער מאַן; געהט ער אַרום אַ געזונדטער און זי ליעגט איבער אַ נאַנד! שטאַרבט זי אַוועק, עס ברענט אַ קאַנאַניק, עס זיצט אַ חברה־מאַן... זרח געהט אַ הין און צוריק פער־טראַכט און רייסט זיך איינציגע האָר פון דער ווייסער באָרד:

„ער האָט זי באַלד ניט געוואָלט! וואָס האָט איהם געטויגט אַזאַ בלאַסע, אַזאַ ווייסע... מען האָט זי איהם איינגערעדט; איינגערעדט האָט מען זי איהם... ער האָט יענע געוואָלט און יענער להכעים האָט ער מיט דער חתונה געהאַט...

עס לייכט זיך אויך ביים דיין אין פענסטער. ער זיצט נאָך און לערנט, און אפשר קלערט ער שוין וועגען אַ הספד; זרח איז אַ גביר און אַ יוד אַ למדן: אשת חבר כחבר...

---

וואו עס איז פינסטער שלאָפען אויך ניט אַלע...

נעגענאיבער דעם גרויסען ווייסען הויז שטעהט איין איינגעפאַלענע, פערפינסטערטע שטוב, מיט אויסגעביסענע ווענד. די לאָדען הענגען קרום אַראָב און פערמאַכען שוין לאַנג ניט די פענסטער. אין שטוב, ביי דער בלאַסער שיין פון דער לבנה ציטערן ווי בלוטיגע פלעקען די קישען אָהן ציכלעך אויף צוויי שטענדיג זיפצענדיגע בעטען...

אַנ'אַלטער איינגעשרומפּענער ווייבער־קאָפּ מיט אויסגעלאָשענע אויגען הויבט זיך אויף און רופט צום צווייטען בעט:

— טויבע, הערסט?

עס קומט פון צווייטען בעט קיין ענטפער, עס הערט זיך פון

דאָרט קיין אָטהעם ניט. די אַלטע לאָזט זיך ניט נאַרען, זי ווייס, אַז טויבע שלאָפט ניט, אַז זי קען ניט שלאָפען... עס לאָזט זי ניט שלאָ-פען...

— טויבע! רופט די אַלטע האַרטער.

— וואָס ווילסט דו, מאַמע? — הערט זיך פון צווייטען בעט אַנ'-אָבגעריסען קול, אָנגעזאָפּט מיט טרערען, — וועסט מיר די קינדער וועקען!

די אַלטע שווייגט אַ רגע. אין דער שטילקייט הערט זי, ווי טויבע דרעהט זיך איבער אין בעט און פערגראָבט דאָס פּנים אין קישען.

— הערסט, טויבע! — מאַכט די אַלטע נאָך אַ ווייַלע — דיין מאַנ'דעל וועט הייַנט מאָרגען אַוועק... ער האָט שוין דעם טלית-זאַק פערפּאַקט... אַנ'ענגונה וויל ער דיך לאָזען, אַנ'ענגונה! ער האָט דען יהדות? ער האָט דען אַ יודיש האַרץ?... ער וועט דיר קיין גט ניט לאָזען!

פון צווייטען בעט הערט זיך אַ פערשטיקט געוויין

די אַלטע מרוטשעט פאַר זיך:

— טאַטע־מאַמע ניט געפאָלגט... געפּוצטע שטיוועלעך געוואָלט... זרח — אַ שמאַלץ-גרוב — נישט! געפּוצטע שטיוועלעך! דעם טאַטען אין קבר אַריין געפיהרט... גאָט שווייגט ניט, גאָט צאָהלט... רבונו-של-עולם...

טויבע שפּרינגט אַרויס, ווי אַנ'אונטערגעשאָסענער פויגעל, פון בעט, חאַפּט אויף זיך אַ קלייד מיט אַ שאַל און לויפט אַרויס פון שטוב.

— און יענע שטאַרבט — מרוטשעט ווייטער די אַלטע און לעגט דעם ציטערדיגען קאָפּ צוריק אויפ'ן רויטליך-שוואַרצען קישען — וואָלט ער איהר אַ גט געלאָזט, וואָלט אפשר נאָך צוריק זווג געווען...

---

טויבע זעצט זיך אויף'ן קלאָץ, די באָרפיסע פיס צופליסען זיך אין זאַמד, די גרויסע שאַל מיט'ן גרויען קלייד אין דער גרויער לבנה נאַכט... עס זעהט זיך נאָר איהר בלאַסער פּנים מיט די ברענענדיגע אויגען, וואָס קענען זיך ניט אָבריַיסען פון גרויסען, ווייסען הויז, פון ציטערדיגען ליכט, וואָס רייַסט זיך אַרויס דורך דער שפּאַרע פון די גרינע לאָדען...

— שטאַרבען — טראַכט טויבע — איז נאָך גאָר ניט!

נאָר זי דערשרעקט זיך פאַר איהרע אייגענע ווערטער; זי זאָל עס נאָר ניט האָבען אַרויסגעזאָגט אין אַ בעזער שעה!

— לעב, לעב מירעלע: ליספעלט זי מיט ציטעריגע ליפען. זאל דיר גאט דיין לעבען בעניייען... הונדערט און צוואנציג יאהר זאלסט דו לעבען...

דאס געבעט רייסט זיך אב פון זיך אליין. טרויעריג־פינסטערע געדאנקען בעהערשען זי. נאך ביי טאג האט זי געהערט, אז דער דאקטאר האט אבגעטרעטען פון מירעל'ס בעט, אז אלע מבינים האבען אוועקגעמאכט מיט דער האנד...

„איין גאט קען העלפען" האט מען געזאגט, און טויבעס הארץ ציטערט, צי וויל ניט גאט אויספיהרען זיינס... צי איז זי מיט זרח'ן קיין זווג ניט געווען...

ער (איהר מאן) מוז אוועק, עס איז שוין ניט דא פון וואנען צו לעבען... אמעריקא ציהט איהם... און יענע — יענע שטארבט...

זי בלייבט און זרח בלייבט...

— „נאר ניט קיין גט, נאר ניט קיין גט! צאפעלט אין איהר דאס הארץ —

דאס אלץ האט מיר דער קלאץ דערצעהלט.

# נָאךְ קְבוּרָה.

**פערזאָנען: די אַלמנה.**
**צוויי מוהמעס.**

---

די סצענע: רעכטס און לינקס – טהירען. אין הינטער-גרונד – צוויי פענסטער אונטער פאָרהאַנגען. אויף דער וואַנד איין איבערגעקעהרטער שפּיגעל. אויף אַ פענסטער-ליַיסט – אַ נשמה-לעמ-פעל; דעריבער אַ שטיקל ליַינוואַנד. אין מיט שטוב – אַ הענגלייַכ-טער מיט אַריַינגעשטעקטע קאָליערטע ליכט. צווישען די פענסטער – אַ קיך-בענקעל, דערויף: אַ שטיקעל בייגעל, אייער-שאָלען, אַ בישט-דערעסען איי; רעשטליך פון אַ סעודת הבראה. געבעט מעבעל אין אונאָרדנונג.

פאַר-נאַכט. שפּעטער בעוויַיזט זיך די לבנה אין פענסטער.

---

**די אַלמנה**, זיצט אויפ'ן בענקעלע פערשטיינערט און פערגעסען.
**די מוהמעס**, בייַם טיש קוקען אויף איהר מיט מיטלייַדיגער שרעק.

**ערשטע מוהמע:** האָט נאָךְ קייַן טרער נישט געלאָזט...
**צווייטע מוהמע:** זי קוקט — וואָס זעהט זי?
(פּויזע).
**ערשטע מוהמע:** (עטוואָס האָפנונג) ס'פּנים, דאַכט זיךְ געהט איהר אָב...

די אַלמנה: (ליעבליך) מוהמע וואָס האָסטו געטהון אויפ'ן בית-עלמין?...

ערשטע מוהמע: גאָר-נישט...

די אַלמנה: (מיט אַ פערגליווערטען שמייכעל) בליהמעלעך געריסען?

ערשטע מוהמע (צו דער צווייטער): דאָס האָט זי געטהון... אין מיטען קריעה-שניידען אראָבגעבויגען זיך...

די אַלמנה (צו דער צווייטער): און דו, מוהמע? (פערגעסט זיך).

(פויזע).

ערשטע מוהמע: צוריק פערשטיינערט.

(פויזע).

צווייטע מוהמע: וואָלט זי אַ טאַטען געהאַט...

ערשטע מוהמע: אַ מאַמען!... אַ מאַמע ווייסט שטענדיג, וואָס צו טהון...

צווייטע מוהמע: אָדער אַ קינד.

ערשטע מוהמע: ס'וואָלט געוויינט...

צווייטע מוהמע: אַ קליינס. וואָלט עס געצופּט ביי דער ברוסט...

(פויזע).

ערשטע מוהמע: אַרויסגעהענדיג פון טויער, האָט זי געפרעגט: „וואו איז מיין מאַן?"...

צווייטע מוהמע: דאָס זעלבע אַריינקומענדיג אין שטוב... „נאָך נישטאָ?"

(פויזע).

ערשטע מוהמע: כ'מוז געהן אַהיים! די קינדער וועלען קומען פון חדר... האָטש אַביסעל קאַרטאָפעל...

צווייטע מוהמע: מיינער איז ערשט געקומען פון וועג. ר'וועט שילטען.

ערשטע מוהמע: מען דאַרף זי לעגען שלאָפען...

(ווילען צוגעהן).

די אַלמנה: מיידעלווייז האָב איך געקאָנט טאַנצען...

די מוהמעס: (שפּרינגען אָפּ פאַר שרעק).

די אַלמנה: (מעהר צו זיך) און פייפען אויך... (צו די מוהמעס מיט אַ שעלמישען שמייכעל) קיינער נישט געוואוסט... ער — אויך נישט...

די מוהמעם (נעהנטער קומענדיג): גאָט איז מיט דיר!
די אַלמנה: גאָט? — מיט מיר?
(די מוהמעם שטעלען זיך אָפּ דערשראָקען)
ערשטע מוהמע: מען דאַרף זי לעגען שלאָפען...
צווייטע מוהמע: (צוגעהענדיג) קום, קום שלאָפען...
ערשטע מוהמע: קום כ'וועל מיט דיר לייענען קריאת־שמע...
צווייטע מוהמע: (לייענט איהר) „המפיל" — (די אלמנה זאָגט נישט נאָך).
ערשטע [illegible]והמע: כ'וועל דיך אויסטהון...
צווייטע [illegible]ע: (וויל עס טהון)
די אַלמנה: (שפרינגט אָף) גיי... גיין... כ'מוז ביי איהם זיין... כ'מוז ביי איהם זיצען (אָבגעז[illegible] רעכטס) כ'וועל קיין פרעמדען נישט צולאָזען... איך אַליין... איך אַליין... (אויף דער שוועל שוין בערוהמעריש) ביי מיר נעמט ער אַלץ... איך שלעפ'ם איין... כ'זינג איהם ליעדעלעך (אָב).
די מוהמעם: (געהען נאָך; קומען צוריק נאָך אַ ווײַלע, שטעלען זיך אויף דער שוועל, איינע געגען דער אַנדערער).
ערשטע מוהמע: ווי געשווינד זי איז איינגעשלאָפען...
צווייטע מוהמע: מיט אָפענע אויגען!
ערשטע מוהמע: שנאַרכט!
צווייטע מוהמע: עפּיס צו געשווינד... זי נאַרט! —
ערשטע מוהמע: נאָך וואָס?
צווייטע מוהמע: כ'ווייס? (פויזע) און אפשר האָט זי פערגעסען... (זיפצט אָב) קום!
די מוהמעם געהען און שטעלען זיך אָב אין מיטען שטוב.
ערשטע מוהמע: זי קאָן זיך אויפכאַפען, אַרייַנקומען אַהער און פּלוצלינג דערזעהן — (קוקענדיג אויפ'ן קאַנאַניקעל) אויסלעשען?
צווייטע מוהמע: מען טאָר נישט... פערשטעלען! (רוקט עס אָב צום פענסטער־ווינקעל, אונטער דעם פאָרהאַנג, עס שימערט קוים).
ערשטע מוהמע: ס'שטיקעל לייַנוואַנד? (רוקט עס אויך איבער).
צווייטע מוהמע: דער שפיעגעל?
ערשטע מוהמע: ס'איז פינסטער, זי וועט אפשר נישט זעהן...

אומדרעהען טאָר מען נישט... קום... אָט, נאָך ס׳בענקעל... (רוקט עס צו אַ פענסטער צו, פערלעגט מיט אַנ׳ עק פאָרהאַנג).

צווייטע מוהמע: און דאָס פוסען=בענקעל (רוקט עס צום צווייטען פענסטער צו, פערשטעלט עס מיט׳ן צווייטען עק פאָרהאַנג. פויזע) אַז זי האָט קיינעם נישט אין שטוב...

ערשטע מוהמע: צוויי איינזאַמע מענשען געווען...

צווייטע מוהמע: מיר וועלען דאָך באַלד צוריקקומען...

(זיי געהען צו דער טהיר לינקס).

די אלמנה: (בעוויזט זיך אויף דער שוועל, וועהט די מוהמעס פון הינטען, שמייכעלט שעלמיש, ציהט זיך ראַש צוריק).

ערשטע מוהמע: וועלען מיר פערשליסען פון דער צווייטער זייט...

צווייטע מוהמע: פון דער צווייטע זייט...

די מוהמעס: (אָב; די טהיר ווערט פון דער צווייטער זייט פערשלאָסען).

די אַלמנה: (בעוויזט זיך מיט׳ן פריהערדיגען שמייכעל אויף דער שוועל. קוקט זיך אום): אָבגענאַרט! — (געהט איבער דער שטוב, טרעט אויף אַנ׳אייער=שאַל, עס קנאַקט. זי דערשרעקט זיך, בלייבט שטעהן, קוקט זיך אונרוהיג אום – דער בליק פערהאַלט זיך ביי דער לבנה אין פענסטער) די לבנה שיינט!... (קוקט אַרויס).

די גאַס שלאָפט (דרעהט זיך איבער צו דער שטוב זעהר ליעבליך). קום, חתן מיינער, שפּאַציערען... (גלייך זי נעמט עמיצען אונטערן אָרעם. שפּאַציערט) נאָר זאָלסט מיך נישט קושען... הערסט, האָסט צייט!... (בויגט צו דעם קאָפּ) די האָר מעגסט דו... זיי שמעקען? — איך שמיר זיי מיט גאָר נישט... דאָס שמעקט מיין נשמה... אַזוי זאָגסטו? יאָ? — וואָס רעדסטו היינט אַזוי ווייניג? דיינע ליפען ריהרען זיך, און איך הער קיין קלאַנג... (שטעלט זיך אָב) וואָס קוקסט דו עפּים אַוועק אָן אַ זייט?... (פויזע, אונרוהיג) עפּים פיהל איך נישט דיין האַנד... דיך אויך נישט... (דערשראָקען) וואו ביזט דו? — אַה! (שמייכעלט) ערב שבת! געגאַנגען דאַווענען... (בעטראַכט זיך) און איך בין נאָך נישט אָנגעטהון! (וויל צו=געהן צו דער באַנק, בלייבט אַ ווייַלע שטעהן, שמייכעלט) ער וועט באַלד קומען און זאָגען (מאַכט נאָך) „גוט שבת”... אַזוי האַלב זינגענדיג: „גוט שבת”... און (שטעלט אויס דאָס מויל צום קושען) דערנאָך אויף און אָב: „שלום עליכם”

(זינגט מיט אַ מענער־שטים, האַקט אָב אין דער מיט) ווי... נאָך נישט קיין ליכט געבענשט... (נעמט פון שאַנק אַרויס ליכט און לייכטער – בענשט זעהר לאַנגזאַם ליכט, צולאַכט זיך אין מיטען) ד'זעה דיך! ד'זעה דיך דורך די פינגער (ענדיגט ראַש) — שוין צוריק געקומען... געה נישט צו, געה נישט... „שלום עליכם" זינג, ד'וועל מיך איבערטהון... לכבוד שבת... קוק נישט... נאַשער, קוק נישט... זינג! (זינגט „שלום עליכם", געהט צו צו דער שאַנק, עפענט די שאַנק־טהיר צום צושוויער, בלייבט פערשטעלט בײַ דער שאַנק, זאָגט אָהן ווערטער, און אָפט איבערגעהאַקט) פאַר וואָס זינגסט דו נישט? הערסט נישט, ווי איך זינג? (בעווייזט זיך איבערגעטהון אין ווייסען) פאַר וואָס זינגסט דו נישט? — ביזט ברוגז? פאַר וואָס? (ווייל זיך דערמאַהנען. הויבט העכער די ברעמען, בעמערקט דעם הענג־לייכטער; גלייך זי האָט פלוצלונג פערשטאַנען) אַה! יום־טוב און נישט אָנגעצונדען דעם הענג־לייכטער! ווילסט מעהר ליכט!

כ'קען דיך, ווילסט דיך באָדען אין ליכט — יום־טוב... גוט גוט... אַ מערכה — יום־טוב, נישט שבת... וואַרט, כ'וועל אָנצינדען... און מיט אַ מאָל מיט צוויי ליכט (נעמט זיי פון טיש) רוק מיר אונטער אַ שטוהל! ווילסט נישט? — פאַר וואָס? ביזט נאָך בעז? שלעכטער! (מיט טרעהרען) שלעכטער... נאַר ס'שאַדט נישט! ד'קאָן אַליין (צורוקענדיג זיך אַ שטוהל מיט די פים, אַרויפשפרינגענדיג און אָנצינדענדיג) וואַרט, וואַרט — שפעטער... נאָכ'ן עסען... וועל איך ברוגז ווערען... איך (געהט אַראָב) ניין, ניין?... ד'שפּאַס נאַר... ביזט, נעביך, אַ שוואַכער... (שטעלט צוריק די ליכט) נו קום עסען... זעץ דיך... אַזוי... איך קום באַלד מיט'ן עסען (געהט אָב רעכטס, ברענגט אַריין געשיר, שטעלט צום טיש, זעצט זיך גלייך עמיץ זיצט איהר געגענאיבער) עס, לעבען מײַנס, עם געזונדטערהייד... פיש מיט ראָזינקעס, ווי דו האָסט ליעב... עסט נישט? די אויגען פאַלען דיר צו?... אי... מיר פערשטעהען זיך דערויף! וואַרט, ד'וועל דיך שוין וועקען (געהט ראַש אָב רעכטס. קומט צוריק באָרוועס, איינגעהילט אין אַ ווײַס לײַלעך, איבער־שרעקענדיג) בו — בו! — וואו ביזט דו? האָסט זיך בעהאַלטען? וואָס איהם ליעגט אין זינען! ד'וועל דיך געפינען, ד'וועל דיך געפינען (זוכט איהם אַרום, אונטער שטוהלען, אונטערן טיש, אין שאַנק, בלײַבט שוין מיעד) גענוג שוין... כ'בין מיעד... אַזוי פיעל נעכט נישט געשלאָפען! קום שוין... קום שוין... נאַ! (שטעלט אויס די ליפען צום קושען) נאַ (דערלאַנגט אין דער לופט אַריין די צעע) כ'וועל דיך אַרומוויקלען... נו שוין...

אַה! פון אונטער'ן אויוועז אַהער געקומען... חאַ-חאַ-חאַ! (שטעקט אין מיטען לאַכען) וואו געהסט דו? וואו געהסט דו? עפּיס ווערסט דו מיר אַלץ דינער און דינער (נאָכגעהענדיג) צום פענסטער?... צום פענסטער? ווילסט אַרויס פון פענסטער? (צולויפענדיג) ד'וויל נישט! ד'האָב מורא! (שטרעקט אויס די האַנד, ווי צום אָנחאַפּען ביי אַ פּאָלע, שטרויכעלט איבער'ן קיך-בענקעל, בעטאַפּט עס, רוקט אָב דערפון דעם פאָרהאַנג, דערזעהט די רעשטלעך פון סעודת-הבראה, אויסגעשריי) אָה! (שפּרינגט אָב ביז צו דער טהיר לינקס, פאַלט, פערגעסט זיך. שפּאַרט זיך אָן אָן בענקעל; אונטער די קוליסען שטילע ציטער).

ס'גערטעל שלאָפט איין... שלאָפט איין, טס... טס... (אונטער די קוליסען: פויגעל-צווישטשער, וואָס ווערט אַלע מאָל שטילער און זעלטענער).

די פויגעלעך, שטיל זינגענדיג, שלאָפען איין, שלאָפען איין... טס, טס! (נאָך שטילערע מוזיק).

ס'קליינע וואַסער, צווישען די בוימעלעך, שלאָפט איין, שלאָפט איין...

און עס גלאַנצט, און עס ציטערט אַזוי שטיל, אַזוי שטיל...

אַ, דער וואַסער שוואַן שווימט איבערן גלאַנץ, איבער'ן וואַסער שפּיגעל, שווימט אַזוי שטיל...

(עס פלאַצט אַ סטרונע, פאָרהאַנג).

# צוזאַמען.

(פאָלקסטימליך).

מיט יוסל מלמד איז שלעכט...

ער אַליין האַלט עס אפילו נישט פאַר שלעכט. וואָרום וואָס? קיין האָניג פון לעבען האָט ער קיינמאָל נישט געלעקט... קיין יונגער־מאַן איז ער נישט, קיין מיתה חטופה וואָלט עס נישט געווען; ליגט שוין, לא עליכם, אַ שענע פּאָר וואָכען! און דערצו איז פּונקט חודש ניסן, וואָלט ער האָטש פּטור געוואָרען פון חבוט הקבר. לאָזט זי אָבער נישט, יענטיל די רבי'צין; מאַכט זי קולות. זי און די קינדער... גוס'ט ער און גוס'ט, שוין עטליכע מאָל ודוי געזאָגט. אויסגעצויגען זיך, איבערגעדרעהט צו דער וואַנד, און זי לאָזט נישט קומען צו יציאת נשמה; זי און די קינדער. ער פינטעלט מיט די אויגען בעט זיך ביי איהר רחמים, — דאָס קול האָט ער שוין לאַנג אָנגעוואָרען, — און זי מיט די קינדער טרעטען נישט אָב פון בעט און מאַכען יללות...

קריגט מען דאָרט אויבען אויף איהם רחמנות.

מאַכט זיך, איינמאָל ביי־נאַכט, שוין אפילו נאָך חצות, הויבט עפּיס אָן צו רוישען אונטער'ן פענסטער'ל, און פּאַמעליך געהט איבער דאָס רוישען אין אַ מין נגינה — עפּיס נישט געזונגען נישט געשפּיעלט אויף אַ כלי, און פאָרט נגינה, און אַזוי מחיה'דיג שטיל און זיס, אַז עס צוגעהט אין אַלע אֵברים.

ווערען יוסל'ס ווייב מיט די קינדער מיט אַ מאָל שטיל, הערען זיך איין צו דער נגינה. באַלד דערפיהלען זיי עפּיס אַ זיסע מידקייט אין גאַנצען גוף, לאָזען זיך אַראָב אויף דער ערד אַרום בעט, שפּאַרען אָן די קעפּ

אן די לייסטען, די ברעמען פאלען צו, די אויגען שליסען זיך, און זיי דרעמלען איין.

האט זיך די נשמה דערמיט בענוצט און ארויסגעחאפט זיך פון גוף.

מילא, גלייך ארויף קאן דאך די נשמה נישט; נישט אזוי לייכט זיך אבצושאקלען פון שטויב פון דער ערד און אויסגלייכען די פליגעלעך. און אנב כוז זי דאך, על פי דין, בלייבען ביים גוף, כל זמן ער קומט נישט צו קבר ישראל: מוז נאכגעהן דער מטה, זעהן די קבורה, אויסהערען קדיש.

פליהט זי, די נשמה ארויס דורך די נאזלעכער פון גוף, חאפט זיך ארויס דורך דעם אפענעם לופטשיק'ל פון שטוב, שטעלט זיך א ווײַלע און ווארפט פון יענער זייט ארײַן א רחמנות־בליק צו'ם בעט, צו'ם אויסגעצויגענעם גוף, וואס האט שוין אפילו נישט געצאפעלט, דרעהט זיך אוים, און הויבט אן זיך ארומצודרעהען ארום הויז...

איז אבער יוסל מלמד בטבע א פערטראכטער געווען, א פער'חוש'טע נשמה געהאט פערגעסט זי זיך, די נשמה, לאזט זיך אין מארק ארײַן, דערנאך פון מארק און פון שטעדטעל ארויס; מיידט אויס די לעצטע הײַזלעך. די באד און געהט אזוי אלץ ווײַטער און ווײַטער...

איין בורא עולם ווייסט, ווי לאנג עס האט געדויערט און וויפיעל זי איז אבגעגאנגען. פליהען האט זי כמעט נאך נישט געקאנט, געהט זי און געהט און קומט צו צו א בערג'ל. דערהערט זי פלוצלינג פון דער הויך א געוויש, א געווייש אזוי ווי פון פליגעל דערמאהנט זי זיך, די נשמה, אן דעם טויט, מיינט זי, אז ס'איז שוין נאך קבורה, אז זי געהט עס ארויף, וואו מען דארף. און אז דאס רוישען, די פליגעל פון די מלאכים, וואס מען האט איהר געשיקט אנטקעגען... צושמייכעלט זי זיך, די נשמה, עס קומט איהר: פאר דער תורה הקדושה אוועקגעלעגט דאס געזונד מיט'ן לעבען... ווערט זי דערפרעהט: איילט זיך צו, סאפעט און געהט בארג אויף, אלץ פערחושט, אין מיטען הויבט זי אבער די אויגען אויף, דערזעהט זי — א ווינד־מיהל! און די ווינד־מיהל דרעהט זיך, א ווינדטעל געווען, און די פליגעל רוישען אין דער לופטען. מילא דערמאהנט זי זיך, אז עס איז נאך פאר קבורה און קוקט אזוי ווײַטער: ביי דער ווינד־מיהל, דערזעהט זי, שטעהט א הײַזעל, מיט עטליכע פענסטערלעך, און צוויי פון די פענסטערלעך זענען זעהר ליכטיג. וואונדערט זי זיך, וואס

עֶם לײַכט זיך נאָך עֶרגיץ אַזוי שפּעט. קוקט זי זיך אוּם, דערקענט זי
די מיהל; ערשט פאַר אַ יאָהרען האָט זי דאָ ווײַץ געכּשר׳ט, משגיח גע־
וועֶן בּײַם מאָהלען מצה־שמורה־מעֶהל, ס׳איז פרײַדעֶל דער אַלמנה׳ס מיהל...
פלעגט בּײַ איהר מאָלצײַטען עסען, די בּנים פערהערען — גרויסע עם
הארצים געוועֶן! — און זי פלעגט איהם מכבּד זײַן מיט גריוועֶן און קלאָגען
זיך פאַר איהם, בּאשר בּכן, דער מאַן האָט זי פערלאָזט בּחצי ימיו,
איבּערגעלאָזט איינעֶ אַלײן מיט קינדער אין אַ דאָרף, מיט אַ גרויסער
ווינד־מיהל, וואָס וואַקסט איהר איבּער׳ן קאָפּ... וכדומה... און אויפ׳ן שבן
פלעגט זי זיך קלאָגען, אויפ׳ן יוד פון צווײַטען דאָרף, פון דער צווײַטער
ווינד־מיהל, וואָס רעדט איהר אָב די קונים, — און אַצינד אַזוינע יום־טוב׳־
דיגעֶ ליכטיגע שויבּען! איז איהר אַ גרויס חדוש, דער נשמה, געהט זי
נעהנטער צו, קוקט אַרײַן, און ווערט נאָך מעהר נתפּעל ניִשט חודש,
ניִשט שבּת און קײַן יום־טוב אַוודאי ניִשט. און דער טיש איז ווײַס גע־
דעקט, און אויפ׳ן טיש שטעהט אַ שאַבּאַשניק, אָנגעצונדען אַלע זיבּען
ליכט. אויפ׳ן ווײַסען טישטוך — כּבוד. די בּנים זענען ניִשט אין שטוב
אַוודאי אין דער צווײַטער מיט די פינסטערע פענסטערלעך, שלאָפען שוין
אַוודאי... און בּײַם טיש זיצט פרײַדיל, ניִשט פערמעהליגט, אַ שבּת־יום־
טוב׳דיג מלבּוש, מיט אַ ווײַס זײַדען טיכעל איבּער׳ן קאָפּ — פון איין זײַט,
און עפּיס אַ יוד, אין אַ נײַעם קאַשקעט און אַ טוכענער קאַפּאָטע — אין
דער צווײַטער זײַט טיש. פאַלט איהר אײַן: דער יוד פון צווײַטען דאָרף,
פון דער צווײַטער מיהל! און ער איז אויך גאָר ניִשט פערמעהליגט, און
דער יוד, זעהט מען בּחוש, שרכ׳נט זיך צו איהר... מען נעמט אַ
קאַפּ, מען טרינקט לחיים... און זי בּעט זיך נאָר: שטיל! די קינדער
זאָלען אין דער צווײַטער שטוב ניִשט הערען... און מען הויבּט ווײַטער
אויף די גלעזלעך!

אין מיטען ווערט די יודענע טרויעריג און פרעגט: און די קינדער?
קינדער אין שטוב, זאָגט דער יוד, האָט ער פײַנט... כ׳זאָל וועלען קינדער,
זאָגט דער יוד, וואָלט ער אַ בּתולה גענומען און אייגענע געהאַט... וויל זי זיך
פון איהם אָבּרוקען... חאַפּט ער זי אָן בּײַ דער האַנד און קוקט איהר אין די אויגען
אַרײַן... די מײדלעך, זאָגט ער, מעגען זיך שטעלען אין שטעדטעל אויף אַנ׳
אָרט, ער וועט זײַ אָבּפיהרען. דאָס יונגעל, — ער האָט אַ קרוב אַ דרדקי־מלמד,
וועט ער איהם אָבּגעבען פאַר אַ בּעהעלפער... און — ווי זי וויל! זי — אַ
יודענע! הליפעט און טרינקט ווײַטער: לחיים! און דערווײַל קרעהט דער האָהן.

דער יוד חאַפּט זיך אויף, ער מוז פאָהרען אין שטעדטעל אַריין נאָך אַ חופּה און אַ מנין... זי בעגלייט איהם ביז צו דער טהיר, ער פערשווינדט אין דער נאַכט אַריין, און זי וואַקעלט זיך צוריק, קומט צו צו דער טהיר פון דער שטוב, וואו די קינדער שלאָפען, פאַלט צו מיט'ן פנים צו דער מזוזה, און צעוויינט זיך אויף אַ קול: הלואי וואָלט זי דער מאַן געוועזען מיט זיך מיטגענומען, נישט איבערגעלאָזט איינע אַליין. וואָלטען די קינדער יתומים אָהן טאַטע־מאַמע געוועזען, קיין שטיף־טאַטען נישט בעקומען, וואָלט וועער אויף זיי רחמנות געהאַט...

חאַפּט זיך ערשט די נשמה, וואָס מיט איהר איז געשעהן, און דרעהט זיך אויס, און לאָזט זיך צוריק אַהיים... בלאָנדזשעט אַ ביסעל און קומט דאָך צום שטעדטעל צו. מען קלאַפּט אין שוהל אַריין: דריי מאָל! אַ שטיין איז איהר אַראָב פון האַרץ; אַ פּנים, מען ווייסט נאָך נישט... קומט צו צו דער שטוב, דער לופטשיק — אָפען דער עולם אַרום בעט שלאָפט, די נאָז־לעבער פון גוף — נאָך נישט פערקיהלט, האַפּט זי זיך צוריק אין גוף אַריין, און גאָר נישט!

אין דער־פריה, דאָס גערודער אין מאַרק וועקט זיך, פויערים מיט פוהרען קומען אָן; קלייטען עפענען זיך, די איינגעשלאָפענע בני בית חאַפּען זיך אויף: אַ נס! יוסל מלמד שוויצט. איבער נאַכט אַ קריזיס געוועזען. מענשען געהען דאַוונען און טרעטען אָב: ששון ושמחה, נאָר רעדען רעדט ער נישט, אָבגעשוואַכט, געהט מען דאַוונען. יוסל, זאָגט מען, איז אונזער... טרייבט דאָס ווייב די מיידלעך אַרויס צו דער שטעל, די יונגלעך אין חדר אַריין, און וויל אויך אַרויסגעהן און אַריינרופען אַ שכנה אויף איהר אָרט, נאָר אַזוי, ווי זיי בלייבען אַליין, זעצט זיך יוסל אויף און זאָגט איהר: זיי וויסען, זאָגט ער איהר, אַז דו וועסט היינט מאָרגען אַוועקגעהן פון דער וועלט, דעריבער זאָג איך דיר אָן, זאָלסט קומען אַהין מיט אַ ריינעם חשבון... געה, על כן, אין מאַרק אַריין, זעה איינצומאָהנען דיינע חובות און בעצאָהל וועמען דו ביזט שולדיג... דאָס זאָלסטו טהון איבער'ן טאָג און פאַר־נאַכט זאָלסטו אַהיים קומען, מיטברענגען זאָלסטו אַ מנין מענשען, און וועסט דיך לעגען אין בעט און ודוי זאָגען, און די רעשט געהער צו זיין ליעבען נאָמען... וואָרום איך וויל נישט, מיינע קינדער זאָלען בעקומען אַ שטיף־טאַטען. האָב איך מיר עס אויסגעבעטען, זיי זאָלען בעסער בלייבען יתומים אָהן טאַטע־מאַמע, וועט קהל אויף זיי רחמנות האָבען און השגחה געבען...

מײנט זי: ער רעדט פֿון װעג, נאָך ניִשט בײַ די קלאָרע געדאַנקען, װײַל זי איהם אָבער ניִשט דערצערנען, שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ, און געהט אַרוים...

פֿאַר נאַכט, מנחה צײַט, קומט זי צוריק, פֿרעגט ער זי צי זי האָט אַלץ געטהון, װי ער האָט געהײסען. װײַל זי איהם װײַטער ניִשט דערצערנען, שאָקעלט זי װײַטער מיט'ן קאָפּ אויף יאָ. פֿרעגט ער װעגען מנין, נאָר אײדער זי ענטפֿערט, קומען טאַקי אַרײַן מענשען, געקומען זענען זײ מבקר חולה זײַן, מײנט ער, אַז זי האָט זײ בעשטעלט, זאָגט ער איהר: געה אין בעט אַרײַן... הויבט זי זיך אָן צו שרעקען, פֿינטעלט צו די מענשען מיט די אויגען: װאָס װיל ער פֿון איהר. זאָגט מען איהר, אַז אַ מאַן, בפֿרט אַ שכיב מרע, מוז מען פֿאָלגען, און ער זאָגט, אַז ער איז אויף איהר גוזר לעגט זי זיך אויפ'ן בעט.. הײסט ער, עס זאָל עמיץ מיט איהר זאָגען ודוי, „מיט מיר אויך", זאָגט ער... זעהען די יודען, אַז זײַן פּנים ענדערט זיך, נעהמט אײנער אַ מעבר יבק און זאָגט פֿאַר, הײסט ער, זי זאָל דוקא מיטזאָגען, ראָטען די יודען, זי זאָל פֿאָלגען. מן הסתם װײסט ער, װאָס ער װיל. זאָגט זי נאָך, און קלאַפּט זיך אין האַרץ... און זאָגענדיג װערט איהר קול װאָס אַ מאָל שװאַכער און שװאַכער, און דאָס פּנים אַלץ געלער און שװאַרצער... און די עדה יודען קוקט און עס שטאַרט זײ דער אָטעם פֿאַר שרעק, נאָר דער זאָגער קוקט דורך בריִלען אין מעבר יבק אַרײַן און זעהט ניִשט, װאָס אַרום טהוט זיך און הערט ניִשט אויף צו זאָגען... און יוסל זאָגט און שמײכעלט, און די יודענע נעביך קאָן שוין קוים מאַכען מיט די ליפּען, און זי ציהט זיך איין, װי אַ קנויל, און גיט זיך מיט אַ מאָל אַ ציה אויס איבער'ן בעט, יוסל אין זײַן בעט אויך, און מיט אײן מאָל, זעהען די יודען, װי פֿון בײדע נאָזלעכער, אַזוי בײַ איהם, אַזוי בײַ איהר, בעװײַזען זיך פֿלעמלעך און די פֿלעמלעך פֿליהען צו צום לופֿטשיק, און גיסען זיך צוזאַמען אין אײן פֿלעמעל און דאָס פֿלעמעל פֿליהט אַרוים... שרײַען די יודען אוים: ברוך דין אמת, פֿאַלט דער מעבר יבק פֿון זאָגערס האַנד אַרוים...

און די קינדער זענען טאַקי געבליבען אָהן טאַטע-מאַמע... און װעלען קײן שטיף-טאַטען ניִשט האָבען.

# אָהן מַזָל.

... איהר ווילט אַלץ פערזאָרגען; דאָס לעבען שטרעקט איהר פאַר קינדער.

און איך זאָג אייך: יעדעס קינד ווערט געבוירען מיט זיין מזל, — אָדער עס העלפט ניט, אָדער מען דאַרף ניט.

פאַר וואָס בין איך אַזוי עלענד, אַזוי נע ונד, און האָב ניט דעם קאָפּ וואו אַניִדערצולעגען, און ווי קום איך אַהער?

ניט געהאַט מיין הייזעל אין זאַוויחאָסט? ניט געהאַט אַ קראָם מיט סחורה? — און דערצו בין איך דאָך אַ שיפער 1) געווען פון נאָך פסח אָן — צווישען וואַסער און הימעל אויף סכות קומט מען אַ היים מיט מתנות פון קעניגסבערג! אַ לעבען געווען!

האָב איך אָבער געוואָלט פערזאָרגען...

אַ בת יחידה, איין אויג אין קאָפּ, אַנ' אָבן טוב — אַ קינד...

---

אַז די מוטער, עליה־השלום איז געגאַנגען פון דער וועלט, האָב איך נאָך קיין גרויע האָר אין דער באָרד ניט געהאַט, און מען האָט מיר גערעדט שדוכים, האָט מען מיך געשטאָכען מיט מעסער... איך וועל מיין רחל־לאה קיין שטיפמאַמען ניט געבען!

עס קומט נאָך פּסח, האָלץ־סוחרים קומען אָנצופאָהרען, מען רייסט זיך איבער מיר, מען בעט מיר ממון קורח. מען קען מיך פאַר'ן עהרליכען מאַן און פאַר'ן גוטען בעל־הבית אויף דער טראַטווע, און אַז איך

1) אַזויגער, וואָס פיהרט אַריבער די טראַטוועס איבער'ן וואַסער.

קויף איין באַל — נו, וועל איך מיך אָוועקלאָזען אויפ'ן וואַסער און איבע־
לאָזען מיין איינאיינציג קינד אויף פרעמדע הענד?

---

בלייב איך אין דער היים און זעץ מיך אין געוועלבעל אַריין.

קיין שפע איז, מן־השמים, נ י ש ט געוועןְ. א שיפער איז קיין סוחר
נישט. מען רייסט מיר די קונים פון קרעמעל אַרויס, און איך בלייב שטעהן
מיט אַנ' אָפען מויל... מוז איך אָבשפּאָרען א שטוב פון דער דירה
און פערדינגען, אבי מען לעבט.

נאָר קיין חרטה, חס־ושלום, האָב איך נישט; פאַר הונגער חס־
ושלום, שטאַרבט מען נישט. פאַר דאָס פערשפּאַר איך צעהן מאָל אין
טאָג דאָס קרעמעל און לויף אַהיים זעהן, ווי רחל־לאה וואַקסט... און
זי וואַקסט קיין עין־הרע, ווי אויף הייוון — די מוטער אויס'ן אויג: חן־
גריבלעך און אַזוינע שטילע, גוטע אויגעלעך — האַלב לאַכענדיגע, האַלב
וויינענדיגע, און אין גאַנצען אַזוי פערחלומט...

איך וויל דאָך זי אין געוועלב אַריין נישט לאָזען! אימשטיינס גע־
זאָגט סחורה: שמירעכץ צו שטיוועל און שמירעכץ צו רעדער, און
אייל און א ביסעל נאַפט, און די קונים: בעלי־עגלות מיט פויערן. איך וויל
גאָר נישט, זי זאָל זייערע לשונות הערען...

און נאָך מנחה־ומעריב! מעג זיין אויסטערליש נייעס פון פּאָליטיק,
מעג זאָגען, להבדיל, דער גרעסטער מגיד, — איך לויף אַהיים צו מיין
נחת, צו מיין טרייסט...

---

און איך ווייס, אַז זי איז שוין, ברוך־השם, איבער זעכצעהן, נאָר
איך מאַך מיך נישט וויסענדיג... איך פערגעס מיך און האַלט זי אויף
דער שויס... און גאָט דאַנק איך, וואָס מען דערמאַהנט מיך נישט... א
שטיל נפש, געהט נישט פון שטוב אַרויס, האָבען לייט אָן איהר פערגע־
סען... רעדט מען איהר קיין שדוכים נישט...

„הלואי וויטער" טראַכט איך; עס ווילט זיך נישט בלייבען אַליין
מאַכט זיך אָבער א מעשה.

דערצעהלט מען מיר, אַז דער יונגער ברענהאָלץ, דעם פּאָדריאַד־

טשיקס זוהן, דרעהט זיך, ווען איך בין ביי מנחה ומעריב אין בית־המדש, פאַר מיינע פענסטער... ער שפּאַציערט דער בחור...

און אַ בחור, צונד וויל איך שוין מיין מויל צו קיין בעזען נישט ברענגען, נאָר — אַ מאכל, זאָג איך אייך...

קלער איך מיר: איך וועל מיט איר רעדען, וואָרענען. וואָרום מיט איהם רעדען, איז — אַרביס אָן דער וואַנד — מען שמועסט אַ פּרי! קאָן מען אָבער מיט איהר נישט רעדען...

— רחל־לאה, — הויב איך אָן. עפּענט זי אויף מיר אַ פּאָר רייגע, אַזיונגע צנועה׳דיגע קינדער־אויגען, און אַזוינע קלאָרע, און פרעגט:

— וואָס, טאַטע! מוז איך זי פּעררעדען מיט עפּיס אַנדערש. געה וואַרף אַ שטיק בלאָזע אין אַ קלאָר וואסער אַריין.

נאָר שלאָפען טאָר מען נישט; אַ טאַטע טאָר נישט שלאָפען...

שיקט מיר, דאַכט זיך, גאָט די רפואה:

עס איז ירייד ביי אונז, פאַלט אַריין מיינס אַנ׳ אַלטן ידיד, צוואָמען פון איין סדור אלף־בית געלערנט, אויך נישט פאַר אייך געדאַכט אַנ׳ אַלמן געוואָרען, נאָר אַ מענש מיט פלייצעס, אַ גבור, שטעלט אָב פון הינטען אַ וואָגען מיט אַ פּאָר פערד. „וואָס טהוסטו דאָ, אברהם משה?” ער איז געקומען אַ כלה אָנקוקען, אַ קאַץ אין זאַק קויפט ער נישט. „נו?” —„איז פּונקט די סחורה אַוועקגעפּאָהרען אויף אַ חתונה”. „אַנ׳ עלטערע יודענע?” פרעג איך; איך ווייס, ער האָט קינדער. צולאַכט ער זיך, אַז עס הילכט: „וואָס איז? אַ בתולה, האָב איך קיין צייהן נישט?... נאָר אַז זי איז אַוועקגעפּאָהרען, חאַפּט זי רער רוח”. אַזאַ לשון האָט ער שוין געהאַט.

זאָג איך איהם: איך האָב אויך אַ בתולה.

„נו, זאָגט ער, וועלען מיר זעהן”...

---

וואָס דאַרף מען בעסער?...

עס איז אַפילו צו נאָהנט... אין גאַנצען אַ מייל אַנדערהאַלבען... אַזאַ בחור, ווי ברענהאָלץ קאָן זיך אַ מאָל אַראָבחאַפּען... נאָר — זאָל ער פרובען שפּאַציערען אונטער אברהם משה׳ס פענסטער, אברהם משה וועט חאַפּען אַ „קלאָניצע”... ער האָט דעמאָלט נאָך פערד גע־האַלטען...

דאַנק איך און לויב זײַן ליעבען נאָמען: אַנ׳ אָנגעזאַפּטער יוד, אין גאַנצען דרײַ שטיקלעך קינדער; און אַ הויז, און אַ מחיה אין הויז — אַנ׳ אַכסניא, און אַ הויז מיט כל טוב — טאַקי שמאַלץ און האָניג... און הונדערטער בײַ לײַטען... שרײַבט מען תנאים; אַ אַלמן מאַכט קײַן שהיות נישט — איז מגביל זמן החתונה אויף נישט ווײַט... מײַן רחל-לאה. ווי עס פּאַסט פאַר אַ יודישע טאָכטער, שווײַגט... אין די אויגען אַביסעל טרויער, אַ ביסעל פּחד — ווי דער שטײַגער איז פון אַ כשר׳ער נשמה. ערשט צו׳ם חופּה טאָג, בײַ׳ם אֵל מלא רחמים, האָט זי זיך, נעביך, צעווײַנט... אָבער צעווײַנט! מילא — אַ חופּה, אַ גילדערנע יויך — אַ מצוה-טענצעל און צומאָרגענס פאָהר איך אַהײַם גאָר מיט אַ גרינג האַרץ. עס בענקט זיך שוין אפילו צו דער טאָכטער, נאָר ווי ווײַט איז?

און עס איז אַ שליט-וועג — מען גליטשט זיך אַזוי שטיל איבער׳ן שנײַ — פערמאַך איך די אויגען; דרימעל איך, דאַכט זיך, אײַן און שטעלט זיך מיר דער טײַך פאַר די אויגען...

טראַכט איך: סוף ווינטער... נאָך אַ פּאָר וואָכען וועט דער שנײַ זיך צולאָזען, דאָס אײַז — פּלאַצען און אָבשווימען... עס וועט זיך עפענען אַ וואַסעריגע וועלט... עס וועלען אָנקומען סוחרים פון געהילץ... איך וועל צוריק שיפען, צוריק צווישען וואַסער און הימעל... אויס בלאָטיג שטעדטעל, אויס פינסטער געוועלבעל — עס וועט זײַן אַ לעבען...

---

און וואָס פאַר אַ מתנות איך וועל ברענגען פאַר רחל-לאה׳ן פון קעניגסבערג...

האָט אָבער מײַן קינד קײַן מזל נישט געהאַט...

---

צוגאַנגען איז דער שנײַ, אָבגעגאַנגען איז דאָס אײַז, אָבער פאַר די געהילץ סוחרים איז געקומען מײַן אײדעמ׳ס עלטערער בן—16 יאָהר און אַ יונג ווי אַ בוים, און אַ מגושם מיט אַ גראָב קול, און נישט קײַן גרויסער חכם...

ער קומט אַרײַן אָהן שלום. אָהן גוט מאָרגען, און גיט אַ קלאַפּ מיט דער בײַטש אָן פּאָדלאָגע.

— וואָס האָט איהר עס אָבגענאַרט דעם טאַטען, וואָס?

— מיט וואָס — פרעג איך — האָב איך איהם אָבגענאַרט? איך ווייס איך האָב איהר אַוועקגעגעבען דער מוטערס צירונג, געגעבען נדן מעהר, ווי איך און מײַן שטיינער האָט געמעגט, און אַ האַלב געוועלבעל אויסגעלעדיגט אויף מלבושים —

— איהר האָט איהם — זאָגט ער מיט'ן גראָבען קול — אַ חולנית פאַר אַ ווײַב געגעבען... הויט און ביין — זאָגט ער — אַז מען ריהרט זי אָן, קנאַקט זי...

ווערט מיר, מן הסתם, אַ לאָך אין האַרץ. לאָז איך אַלץ איבער אויף גאָטס געבאָט, און חאַפּ מיך אַריבער צו'ם איידעם.

איך קום אַרײַן: מײַן אַברהם משה זיצט אין די שעלקעס בײַ'ם אויוועןן און וואַרעמט זיך, מיט די הענד הינטער זיך... ער הויבט זיך אפילו נישט אויף, מיט די אויגען שטעכט ער מיך — און זי — אַ האַלבע רחל־לאה... זי דערזעהט מיך און פאַלט מיר איבער'ן האַלז מיט אַזאַ געוויין, מיט אַזאַ געוויין — — — און פלוצלונג דערפיהל איך, ווי עס פאַלט איהר דאָס קעפּעל בײַ מיר איבער'ן אַקסעל, — זי חלש'ט...

איך טראָג זי אין דער צווייטער שטוב אַרײַן, — איך פיהל גאָר נישט, וואָס איך טראָג — איך לעג זי אויפ'ן בעט, שפּריץ וואַסער — קוים זי קומט צו זיך.

— טאָכטער — בויג איך מיך צו איהר צו — ער בעהאַנדעלט דיך שלעכט?

— ניין — קוים וואָס זי רעדט — פריהער, אַז איך בין געזונד געווען, אַ ודאי נישט...

— מען גיט דיר נישט צו עסען?

אויך נישט, זי איז די גאַנצע בעל הבית'טע. און אַז איך קוק מיך אום זעה איך אַנ' אָפענע שאַנק: אַ סלאָי מאַרינירטע הערינג, — אַ געראָיכערטער לעקער — טעפּ מיט שמאַלץ, אויף אַלע יודישע קינדער געזאָגט...

— וואָס דען, טאָכטער?

— איך בענק...

— וואָס בענקסט דו?...

— אַהיים, זאָגט זי, אַהיים...

— וואָס הייסט אַהיים? וואו אַ מאַן איז, דאָרט איז די היים...

פערגראָבט זי דאָס פּנים אין קישען און וויינט, און וויינט אַזוי שטיל, אַזוי האַרציג... און בעט זיך איך זאָל זי נישט איבערלאָזען אַליין...

און זי הויבט אויף דעם קאָפּ — אַ קאָפּ פון אַ פויגעלע — און בעט זיך:

— בלייב דו האָטש ביי מיר, טאַטע!

און וואָס מיינט איהר, איך האָב לאַנג איבערגעטראַכט? חס ושלום! וואָבען לאַנג האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך שווים מיט טראַטוועס אויף דער ווייכסעל. מיט אַ מאָל — אַרויסגעריסען פון האַרץ! איך כאַפּ אַ פוה־רעל, לויף אַהיים — פערקויף בחצי חנם דאָס געוועלבעל מיט דער נחלה און קום צוריק, און ציה מיך אַריין צום איידעם. ער קרימט זיך אַפילו, נאָר ווער הערט'ן...

און מיינט איהר עס האָט געהאָלפען?

אָבגעזאָגט זיך פון לעבען פאַר זיך... פון אַ קדיש זיך אָבגע־זאָגט... אוים שיפער — אוים הויז, אוים געוועלבעל! — אַלץ אָבי דאָס שטיקעל קינד צו פערזאָרגען, צו ראַטעווען... און זי? געהט נעביך אוים. ווי אַ ליכט...

מיר אויף דער האַנד, האָט זי די אויגען פערשלאָסען — —

אַז אָהן מזל...

---

עיקר שכחתי...

מיינט איהר אפשר, איך האָב נישט געפונען ביי איהר אונטער'ן קישען בריעף פון ברענהאָלצען?...

זי האָט זיי אַפילו נישט געעפענט, —

# פון װעג אַראָב.

אין דער שטילער אויסגעשטראַהלטער הויף, צװישען איין שורה און דער צװײטער, הערט זיך פון צװישען די זילבער- און גאָלד-שטראַהלענ-דיגע שטערענדלעך אַ זיפץ.

„װער זיפצט דאָרט, קינדער?" פרעגט מיט אַ רחמנות-קול די שװי-מענדע לבנה, און פערהאַלט זיך נישט, און קוקט זיך נישט אום צו זעהן, פון װאַנען דער קרעכץ איז געקומען.

„איך!" ענטפערט אונטער איהר אַ שטערענדעל און צופלאַקערט זיך רויט.

„װאָס פעהלט דיר, קינד?"

„מאַמע, איך קאָן נישט מעהר, איך האַלט עס שוין לענגער נישט אוים!"

„איביג, איביג — קלאָגט זיך דאָס שטערענדעל — איביג דער זעלבער װעג, די זעלבע ליניע!"

„די גראַדע", טרײסט די לבנה.

„צװישען װעלכע פונקטען?

„פון װאַנענט און װאו אַהין?

„װאו איז דער אָנהויב, װאו איז דער סוף פון איביגען געהן? אפשר געהען מיר פון נישט צו נישט, פון שלעכטס צו שלעכטס? װאו אַהין פיהרט אונזער װעג? דו װײסט עס, מאַמע?"

„ער װײסט"...

„און פאַר װאָס ענטפלעקט ער אונז זײנע סודות נישט? פאַר װאָס זאָגט ער נישט, װאָס ער װיל פון אונז? װאָס מיר טהוען?"

— מיר לײַכטען!

„דאָס אַלטע ליעד, מיר לײַכטען פאַר די וואָס זענען אונטען און טרײסטען זיך מיט אונזער ליכט... מיר זענען וועג־װײַזער פאַר די, וואָס בלאָנדזיען אין סטעפּען אָדער פערטרויען זיך דעם ים... אָבער מיר פאַר זיך אַלײן? מיר לײַכטען, און אונזערע אײגענע נשמות זענען פערשלײערט, אײנגעהילט אין שאָטען... אַנדערע זעהען בײַ אונזער ליכט, און מיר אַלײן ווערען ווי בלינדע שאָף געטריבען! און מען טאָר זיך נישט אָבשטעלען, נישט פערהאַלטען זיך אַ ווײַלע און אַ קלעהר טהון: צו וואָס? און נישט לאַנגזאַמער געהן, און נישט געשווינדער.. א י י ן אײנמאָל־פאַר־אַלע־מאָל אָבגעשטעלטער וועג, א י י ן אײנמאָל־פאַר־אַלע־מאָל אויסגעמאָסטענע צײַט! טאָרסט קײנעם נישט אָבוואַרטען, קײנעם נישט דעריאָגען! צו קײנעם זיך נישט ווענדען אויף דײַן וועג!

„און שטענדיג, שטענדיג אַלײן — יעדעס האָט זיך ז ײַ ן וועג, און יעדעס איז עלענד פאַר זיך אויף זײַן אײגענעם וועג”...

„טויזענדע אונגליקליכע שוועסטער קרײצען דורך דײַן ליניע — קײן אײנציגע קומט צו דיר נישט צו, קײנעם קאָנסט דו נישט בעגריסען — קײן אײנציגע פרעגען: ווי געהט עס דיר, שוועסטער? קײנע שמײכעלט דיר נישט צו, און דו שמײכעלסט צו קײנער נישט! מיר זענען אַזוי נאָהנט און אַזוי פרעמד; און די הערצער קלעמען אַזוי פאַר בענגשאַפט! און מען פיהלט זיך אַזוי דערנידערט!”

„מיר זענען דאָך הויך! טרײסט די לבנה — די אונטען זענען א ו נ ז מקנא”...

„די נאַרען! זײ, וואָס טרעפען זיך און האַלזען, און קושען זיך און טרײסטען זיך, און לעבען נאָר אַזוי קורץ — זײ זענען אונז מקנא! אונז, עלענדע, פער'יתום'טע, וואָס לעבען א י י ב י ג, אָדער כ מ ע ט אײביג!”

„זעה” — טײַט מען דאָרט אַרויף מיט די פינגער — „אַ שטערענדעל האָט זיך אין גאָלד צופלאָסען”... זײ ווײסען נישט, אַז דאָס גיסט זיך פאַר בענגשאַפט די נשמה אויס...

„שירה זאָגען זײ, די שטערען, די גליקליכע שטערען”, און עס פאַלט זײ גאָר נישט אײן, אַז צווישען אײן „הללויה” און דעם צווײטען, ווײנט מען דאָ, פערגעהט מען פון בענגשאַפט”...

„שווײַג, קינד, מען הערט — — געה דײַן גראַדען וועג...”

„איך קאָן נישט מעהר!”

„קינד! זײַן װילן מוז געשעהן! אַ שטערנדל װאָס ריהרט זיך פֿון אָרט, װערט אַראָבגעשלײַדערט"...

„װאו אַהין, מאַמע? צו יענע דאָרט אונטן אַראָב?"

„נײן, קינד, טיפֿער!... און דאָרט װערט מען געשטראָפֿט... אײביג געשטראָפֿט... װער עס האָט װעלטן אויסגעטראַכט, דער האָט אויך אויסגעטראַכט די שטראָף! שרעקליך מוז זי זײַן; שװער איז זײַן האַנד! טויזנדער, טויזנדער קינדער פֿערליר איך אַזױ, און קײן אײנ־ציגעס איז נישט צוריקגעקומען, עס זאָל חאָטש דערצעהלען, װאָס עס טהוט זיך דאָרט... װאָס פֿאַר אַ יסורים מען לײַדט; און גרויס מוזען זײ דאָך זײַן די יסורים; שװער איז זײַן האַנד... און קײַן זיפֿץ פֿון דאָרט אַרויף קומט נישט; אין דער פֿינסטערניש װערט אַלץ פֿערשטיקט! און קײַן שטראַהל פֿון די זינדיגע געשטראָפֿטע קומט נישט אַרויף, — אַראָבגע־שלײַדערט, װערען זײ, פֿאַלענדיג, שוין אין דער לופֿט פֿערלאָשען! היט דיך! טהו תשובה אויף דײַנע רעד!"

„נײן, מאַמע! אַראָב װיל איך! לײַדען װיל איך! אײביג לײַדען, נאָר װיסען, אַז דאָס זענען די יסורים װאָס איך אַלײן האָב אויף מיר גענומען! מײַנע יסורים, מײַן װילען איז געשעהן"...

אין גאַלד צופֿלאַקערט זיך דאָס שטערנדל, און רוקט זיך אָב, און בליץ־שנעל װערט עס אַראָבגעשלײַדערט און פֿאַלענדיג, װערט עס אויסגעלאָשען אין דער לופֿט, און די לבנה זיפֿצט און שװײַגט װײַטער; זי טאָר זיך אַפֿילו נישט אומקוקען...

# אין קעלער-שטוב.

(א ב י ל ד).

א גרויסע קעלער-שטוב, פול מיט בעטען!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

פרײַדה די האלאדריגיבע שלאפט שוין לאנג אויף איהר קאסטען, אין איהר ווינקעלע צווישען אויווען און וואנד. זי האט זיך היינט פריה געלעגט, ווייל עס איז מארגען יריד אין א נאהנט שטעדטעל, דארף מען אויפשטעהן פריה און ארויספאהרען מיט דער מאוש. זי שלאפט דאך אונרוהיג — זי ווערט האבען צרות מיט'ן געלעגענהייט: זי האט בעדונגען דעם בעל-עגלה, ער זאל זי אויפנעמען מיט א קליין פעסעל, און נאך פאר'ן איינשלאפען האט זי א ישוב געהאט, אז עס איז גלייכער מיטצונעמען דאס גרויסע פאס. זי האט זיך לאנג אונרוהיג געווארפען אויפ'ן געלעגער: „א בעז מויל א יודענע האט — האט זי אויף זיך אליין זיך געבעזערט — ארויסגעחאפט זיך: „ס'קליינע פעסעל"! נאך וואס? נאך ווען? דעם בעל-עגלה'ס דאגה? ער ווערט דארפען מפיים זיין די פערד מיט נאך א ביסעל האבער?" אזוי ווארטשענדיג אויף דער מיאוסער צונג, וואס אנ' אשה האט, איז זי קוים איינגעשלאפען. פון אונטערן איבערבעט שטארט ארויס א רויט קאפענטיכעל, וואס פאלט איהר אראפ ארום פנים. ווי א רעמ'ל ארום דער שפיציגער, בלאהליכער נאז. זי אטעמט שווער. זי מוז האלטען די ביינינגע הענד אויפ'ן אלטען הארץ; גאט ווייסט, וואס עס חלומט איהר! אפשר ווארפט זי דער בעל-עגלה אוועק, און זי בלייבט א האלב יאהר אהן פרנסה!

דער ווינקעל געגענאיבער געהער צו יוסל וואסער-טרעגער. דאס ווייב מיט צוויי קינדער שלאפען אין איין בעט און ער מיט'ן אלטערן

חדר־יונגעל — אין צווייטען. פון די בעטען רייסט זיך אויך אלע מאל ארויס א זיפץ, דא איז מען אויך איינגעשלאפען מיט עגמת־נפש. דאס חדר יונגעל האט געוויינט „רבי געלד"! און די נאך אלטערע טאכטער איז געבליבען אהן אנ' ארט. זי האט געהאט א וואהלע שטעל, ביי'ן א פאר פאלק אהן קינדער דארף פלוצלונג די בעל־הבית'טע שטארבען! זי איז א היים געקומען; זי וועט דאך נישט בלייבען אליין מיט'ן אלמן! עס קומט איהר א פאר רובל שכירות; מען וואלט געקאנט דערפון חאטש, רבי־געלד בעצאהלען; טענה'ט אבער דער אלמן „לא פקדני" — דאס ווייב האט איהם נישט אנגעזאגט און ער אליין ווייסט נישט; ער האט זיך קיינמאל נישט געמישט אין ווייבערישע זאכען. איידער מען איז איינגעשלאפען האט מען זיך אפילו א ביסעל געקריגט: די מוטער האט געראטהען, מען זאל דעם אלמן רופען צו א דין־תורה; די טאכטער וויל בעסער שרייבען א פראשעניע אדער צום „מיראוואי", אדער צום „נאטשעלניק", יונה ווילביידע עצות נישט הערען: דער אלמן וועט זיך נוקם זיין און אפרעדען איהם אלע בעלי־בתים. „ער דארף נאר — זאגט יונה — געבען א פיפיץ, בין איך אוים קאפעלוש־מאכער... עס האט דען א שיעור וויפיל וואסער־טרעגער עס געהען היינט ארום שלינג־און־שלאנג, זייט מען האט די וואסער־לייטונג געמאכט?"

ארויף צו־ציהער שנארכט בעריל טרעגער איינער אליין ווי א „חראביע" אין בעט. ביידע קינדער שלאפען אין צווייטען; דאס ווייב איז א קעכין און האט היינט א חתונה. דאך — שלאפט מען אויך נישט רוהיג. בערלען בלאנדזיעט ארום שוין א צייט עפיס א וועהטאג צווישען די ביינער. אויך דער עלטערער זוהן זיפצט אלע מאל פון שלאף; ער ארבייט ביי קאלך־לעשען און האט זיך א פיסעל אפגעבריהט

נאך וויטער שלאפט ווי א „חראבינע", איינע אליין אין א בעט, צירל די זיצערין; אין צווייטען שלאפען אלע דריי קינדער. איהר מאן איז א נאכט־וועכטער. בעלות, אז ער וועט קומען וועט זי ארויסגעהן מיט ברויט און פרישע בייגעל.

מיר האלטען שוין ביים דריטען ווינקעל, עס שטעהט נאך א בעט — א שמאל אייזערן בעטעל. איין אונגעזונד־געריטעלטער פרויען־קאפ שלאגט זיך אפ פון א קנויל־אלטווארג, וואס דיענט איהם אלס קישען. די יונג־פערברענטע ליפען עפענען זיך אפט, ארויסצולאזען א שווערען זיפץ, „א שווערע פרנסה" האט איהר מאן, „ער האט קיין מזל נישט".

מיט חירוף־נפש האָט ער יענע וואָך אַרויסגעשלעפּט אַ קופּערנעם קעסעל
און בעגראָבען אין זאַמד אונטער דער שטאָדט — האָט מען איהם
געפונען! ווער ווייסט מיט וואָס ער וועט היינט אַהיים קומען? אפשר זיצט
ער שוין גאָר... און דאָ האָט מען דריי וואָכען קיין טעפּעל וואַרעם וואַ־
סער נישט צוגעשטעלט... פון דער דירה טרייבט מען...

„אַ שווערע פרנסה... אָהן מזל!" זיפצען די פערברענטע ליפּען.
און מען מוז זיך נאָך פאַר שכנים היטען. מען פרעגט אַלץ: וואָס טהוט
דיין מאַן? וואָס קומט ער אַזוי שפּעט אַ היים?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איבער אַלע בעטען ציטערט אַ טונקעלע שיין פון מיט שטוב; פון
איבער הישפּאַנישע ווענדטלעך, וואָס זעגען די גרענעצען פון אַ יונג פּאָר־
פאָלקס ממשלה. טרייגע „ד' אמות" די יונגע בעל־הבית'טע שלאָפט נאָך
נישט; ערשט צוויי חדשים נאָך דער חתונה — וואַרט זי אויפ'ן מאַן, וואָס
דאַרף קומען פון בית־המדרש. ביי איהר ברענט זיך עס דער קאַגאַניעץ,
וואָס וואַרפט העל־ווייסע פלעקען, אויפ'ן שוואַרצען סופיט, און שיקט אַרויס,
דורך די לעכער פון הישפּאַנישען ווענדטעל, די עטליכע אָרעמע שטראַה־
לען, וואָס טאַנצען איבער די אָרעמע בעטען מיט די אָבגעאַרבייטע, מידע
פנימער.

אין טרייגעס ממשלה איז ליכטיגער און ריינער. — צווישען ביידע
בעטען אויף אַ ווייס טישעל ליגט אַ קרבן־מנחה סדור צווישען צוויי קליינע
מעשענע לייכטערלעך — איהר דרשה געשאַנק! אויף דער וואַנד העגנען
חתונה־מלבושים, אַ טלית־זאַק מיט אַנ' אויסגענעהטען מגן־דוד. פאַר דאָס איז
קיין בענקלעך אין דער ממשלה נישט דאָ. זי זיצט אויף אַ בעט, פערריכט
אַ נעץ פאַר די ציבעלעס, וואָס ליגען נעבען איהר צו־וואָרפען אויפ'ן ליי־
לעך. דאָס גאַנצע בעטגעוואַנד ליגט אויפ'ן צווייטען בעט — אונטערן בעט־
געוואַנד איז בעהאַלטען דאָס יויכעל אויף וויעטשערע.

עס עפענט זיך שטיל די טהיר. טרייגע ווערט רויטליכער, זי פער־
ליערט די נעץ פון דער האַנד און שפּרינגט אויף פון בעט. זי בלייבט
דאָך שטעהן, — עס פּאַסט נישט פאַר שכנים; טאָמער האַפּט זיך וועלכער
אויף, וועט מען חוכא־טלולא פון איהר מאַכען! צרות האָט זי פון די שכנים!
פון פריידעלען, דער עיקר... זי קאָן נישט פערשטעהן, ווי אַזוי מען
שילט נישט אַ מאַן באַלד צומאָרגען'ס נאָך דער חופּה! „וואַרט — זאָגט זי,

די „אַלטע מכשפה!”, — דו ווֶעסט שוין זעהן! וואָס פאַר אַ מזל דו ווֶעסט בײַ איהם האָבען... ווײַז איהם נאָר אַ פינגער”!

פרײַדעל לאָזט איהר קיין פרײַע מינוט. אַ מאַן — זאָגט זי — אַז מען פיהרט איהם נישט אַרום בײַ דער נאָז, איז ער ערגער ווי אַ וואָלף; ציהט ער די קלע פון די בײנער אַרויס, דאָס בלוט זויגט ער אויס פון די אָדערן! שוין 10 יאָהר — זאָגט פרײַדעל — זיצט זי אָהן אַ מאַן, און קאָן נאָך אַלץ צו די כחות נישט קומען! און פרײַדעל איז אַ קלוגע יודענע, אַ מלומדת! „וואָס עס קומט איהם — זאָגט זי — על פי דין, וואַרף איהם ווי אַ הונד אַ ביין, און ווײַטער — ווּאַראַ! נאָר פון דער ווײַטענס און — נאָר געפלויבט!

טרײַנע האָט צײַט דאָס אַלעס זיך צו דערמאַהנען, ווײַל עס דויערט, איידער יוסעל'ע גנב'ט זיך דורך אויף די נעגעל צווישען די שכנים; יעדער טריט זײַנער שלאָגט איהר אָב אין האַרץ, נאָר אַנגעגען-געהן — פאַר קיין שום געלד. אָט פאַלט ער שיער! אָט איז ער שוין בײַ די ווענדטלעך. — זי אָטהעמט אָב

— גוט-נ-אָבענד! מאַכט ער שטיל מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען.

— גוט יאָהר! ענטפערט זי נאָך שטילער

— ווילסט עסען? פרעגט זי.

— און דו?

— מאַ...

ער איז אַרויס אונטער די ווענדטלעך און איז צוריקגעקומען מיט אָבגעוואָסענע הענד; זי דערלאַנגט איהם אַ האַנדטוך. אויפ'ן עק פון טישעל שטעהט שוין גרייט אַ „מוציא” מיט זאַלץ און דאָס אַפּערגענומענע יויכעל.

ער זיצט אויף זײַן בעט, אויפ'ן גאַנצען בעט-געוואַנד; זי אויף איהר'ן מיט די ציבעלעס. זיי עסען גאַנץ לאַנגזאַם און רעדען דערבײַ מיט די אויגען — ווי ערשט נאָך אַ חתונה, און מיט די מײַלער — פון פרנסה.

— נו, ווי האלסט דו?

— אָט, זיפצט ער אָב, דרײַ תלמידים האָב איך שוין!

— בלײַבט טאַקי מלמדות? פרעגט זי טרויעריג.

— מאַ! ענטפערט ער.

— געלויבט איז גאָט דערפאַר, טרייסט זי זיך און איהם צוזאַמען.

— געלויבט איז גאָט — זאָגט ער איהר נאָך — נאָר דאָס איז ערשט 120 רובל!

ער זיפצט.

— נו, וואָס זיפצסט דו?

— רעכען: — ענטפערט ער, — אַ רובל אַ וואָך דירה־געלד, איז 26 רובל אַ זמן; שולדיג בין איך נאָך... התונה הוצאות...

— ווי הייסט? פרעגט זי פערוואונדערט.

ער שמייכעלט:

— דו מיינסט מאַקי, נאַרעלע, אַז דער טאַטע האָט געקאָנט מעהר ווי צוזאָגען?

— נו, הכלל? האַקט זי איהם איבער.

— דאָס הייסט — פיהרט ער ווייטער דעם חשבון — אַ רובל 12, איז שוין 38, וואָס בלייבט אויף עסען?

זי רעכענט:

— 82, דאַכט זיך?

— אויף 26 וואָכען!

— נו וואָס איז — מאַכט זי — איבער 3 רובעל אַ וואָך!

— און וואו איז, — פרעגט ער טרויעריג, — האָלץ... ליכט... שבת ויום טוב?

— עט, גאָט פערלאָסט נישט — טרייסט זי — איך קען אויך עפּיס טהון: אָט, האָב איך איינגעקויפט ציבעלעס! אייער זענען וואָלוועל, וועל איך אויך איינקויפען, במשך אַ פּאָר וואָכען וועט עפּיס האָפען אויפ׳ן שאָק!

— און רעכען נאָר איבער — פיהרט זי ווייטער — וואָס קאָסט האָלץ און ליכט? אַ גאָר נישט! אפשר אַ רובל אַ וואָך... בלייבט אַלץ...

— און שבת! און יום־טוב? וואָס רעדסט דו, קינד?

און דאָס וואָרט „קינד" איז אַרויס אַזוי וויך, אַזוי גוט־האַרציג, אַז זי צושמייכעלט זיך.

נו, בענש נאָר בענש — מאַכט זי — לעג אָב די חשבונות אויף מאָרגען... שוין צייט צו שלאָפען.

זי פערשעמט זיך דאָך, לאָזט אַראָב די ברעמען און גלייך זי פּער־ענטפערט זיך:

— דו קומסט אַזוי שפּעט..., זאָגט זי מיט אַ האַלב געמאַכטען גענעץ.

ער בויגט זיך צו איהר צו איבער'ן טישעל:

— נאַריש קינד — פליסטערן זיינע ליפּען — איך קום דאָך אַמישנע שפּעט, מיר זאָלען קענען צוזאַמען עסען... פערשטעהסט! אַזוי פּאַסט דאָך נישט... ווייסט דאָך, אַ מלמד!

— נו, בענש נאָר, בענש! ראָט זי דאָס איהריגע מיט פעסטער געשלאָסענע אויגען

ער מאַכט די זייניגע אויך צו. ער וויל ערנסט בענשען די אויגען רייסען זיך איהם דאָך אַלע ווייַלע אויף... ער דריקט פעסטער אַראָב די ברעמען, עס בלייבט דאָך אַ שפּאַלט, דורך וועלכען ער זעהט זי, עפּיס וואונדער־פּאַרביג בעלייכט אַז ער קען פון איהר דעם בליק נישט אָבּרייסען.

זי איז מיעד — קריגט ער רחמנות.

ער זעהט ווי זי רוקט זיך העכער אַרויף אויפ'ן בעט, שפּאַרט זיך דעם קאָפּ אָן דער וואַנד. זי וועט אַזוי אײנשלאָפען" קלערט ער.

— פאַר וואָס נעמט זי נישט קיין קישען? ערנערט איהם. אויסרעדען קאָן ער נישט, מאַכט ער: מ... מ...!

זי הערט דאָך נישט, ער יאָגט צו דאָס בענשען, ענדיגט, שטעלט זיך אויף, און בלייבט שטעהן, נישט וויסענדיג וואָס צו טהון.

ער רופט: טרײַנע! נאָר אַ ז ו י שטיל, אַז עס קען זי נישט וועקען. ער רוקט זיך צו צו איהר בעט און בויגט זיך איבער איהר. איהר פּנים שמייכעלט אַזוי זיס. · עס מוז זיך איהר עפּיס גוטס חלומ'ען... און ווי שעהן זי שמייכעלט... אַנ' עברה זי וועקען! דאָך וועט איהר דאָס קעפּעל וועה טהון... אײַ, האָט זי האָר געהאַט — ער האָט זיי אויף די תנאים געזעהן — שוואַרצע לאַנגע... הײַנט גאָל... דער ציפּיק איז אַ געשטיקטער, אַ דינער מיט לעכלעך... אַפילו אַ חנו'דיגער... ער שמייכעלט אויך מיט!

מען מוז זי דאָך וועקען! ער בויגט זיך צו נאָך נעהנטער, דערפיהלט איהר אָטהעם, ציהט איהם גיעריג אין זיך אַרײַן... זי ציהט איהם צו ווי אַ מאַגנעט... און, נישט ווילענדיג ריהרט ער אָן איהרע ליפּען מיט די זייניגע.

— איך שלאָף גאָר נישט, מאַכט זי ראַפּטום אין עפּענט אַ פּאָר שעלמיש־לאַכענדיגע אויגען. זי וואַרפט איהם איהרע הענד אַרום אַקסעל און ציהט איהם צו צו זיך.

— נישט קשה — רוימט זי איהם אין אויער אַריין, אַזוי זיס, אַזוי גוט — נישט קשה... גאָט, דער גוטער, וועט העלפען... דאָס האָט ער דאָך אונז צוזאַמען געבּרענגט... ער וועט נישט פערלאָזען! עס וועט זיין — אי האַלץ... אי ליכט... עס וועט זיין פּרנסה... עס וועט גוט זיין... גאָר גוט זיין... ס'וואָהר, יוסעלע? ס'וואָהר!

ער ענטפערט נישט, ער ציטערט אין גאַנצען.
זי שטופּט איהם אַ ביסעל אָב פון זיך.
— קוק אויף מיר, יוסל — פאַלט, איהר איין צו פערלאַנגען.
יוסל וויל פאָלגען, און קען נישט.
— בּטלן, מאַכט זי צו איהם ווייך, נאָך נישט צו־געוואָהנט, האַ?
ער וויל בעהאַלטען זיין קאָפּ אויף איהר ברוסט, זי לאָזט נישט.
— וואָס שעמסט דו דיך, בּטלן! קושען מעגסט דו, און קוקען נישט?

ער וויל בעסער קושען; זי לאָזט נישט.
— קוק אויף מיר, איך בעט דיך!
יוסל עפענט די אויגען מיט כּח; זיי פאַלען דאָך באַלד צוריק צו.
— איך בעט דיך, מאַכט זי נאָך ווייכער, נאָך זיידענער.
ער קוקט. צונד לאָזט זי אַראָב די ברעמען.
— זאָג נאָר — מאַכט זי — זאָג מיר דעם אמת, איך בעט דיך... איך בין עפּיס אַ שעהן ווייבעל?
— יאָ! רוימט ער איהר איין, און זי דערפיהלט נאָך הייסער זיין אָטהעם.
— ווער האָט דיר געזאָגט?!
— איך זעה דאָך! אַ מלכּה ביסט דו, אַ מלכּה!
— און זאָג נאָר, יוסל — פרעגט זי ווייטער, — דו וועסט שוין שטענדיג אַזוי... שטענדיג אַזוי זיין?
— ווי אַזוי מיינסט דו, טרייַנע?
— איך מיין — ציטערט איהר שטימע — קענען מיר אַזוי גוט...
— ווי דען?

— אַזוי האַרציג?
— ווי דען?
— שטענדיג?
— שטענדיג! איז ער מבטיח.
— וועסט מיט מיר עסען שטענדיג צוזאַמען?
— זיכער... בלי נדר, ענטפערט ער!
— און... וועסט אויף מיר קיין מאָל נישט שרייען?...
— ק י י נ מ אָ ל... בלי מסקנא!
— קיינמאָל נישט אָנטהון קיין צרות?...
— צרות? איך? דיר?... ווי הייסט? פאַר וואָס?
— איך וויים? פרייִדה זאָגט —
— וואָ — די מכשפה!
ער רוקט זיך ווייטער צו. זי שטויסט איהם אָב צוריק.

— יוסעלע?
— וואָס?
— זאָג — ווי הייס איך?
— טרײַנע!
— פע — פערציהט זי די קליינע ליפּעלעך —
— טרײַניִשי — פערבעסערט זיך יוסל.
עס געפעלט איהר אַלץ נישט.
— טרייִנינױ...
— ניין!
— נו — טרײַנע־לעבען, טרײַנע־קרוין, טרײַנע־האַרץ... שוין גוט אַזוי?
— יאָ! ענטפערט זי גליקליך, נאָר...
— וואָס נאָר, לעבען מיינס, נחת מיינס?
— נאָר, הער יוסל... און... שטאַמעלט זי.
— און וואָס?
— און אַז עס וועט, חס ושלום פעהלען אַמאָל פּרנסה... אַז איך וועל ווענינ פערדינען... וועסט דו אפשר... אפשר שרייען...
טרעהרען קומען איהר אין די אויגען אַרײַן.
— חס ושלום! חס ושלום!

ער רייסט אוים דעם קאָפּ פון איהרע הענד, און פאַלט צו צו די נאָך אָפּענע ליפּען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— אַ רעכטע שעהנע, רײנע כפרה, צו זײער קאָפּ, צו זײערע הענד און פּיס — הערט זיך אַ קול פון אונטער די װענדטלעך — קוש־װאָך גאָר בײ זײ! קײן אויג לאָזט מען נישט צומאַכען...

דאָס איז פרײדעלס הײזעריג־שפּיציג־גיפטיג קול.

# מוּסָר.

עֶס גֶעהֶען צוויי ווייבּער אונטער דער שטאָדט. אֵיינֶע אַ הויכֶע, שוואַרצֶע יודענֶע, מִיט בּעזֶע אויגֶען, שווערֶע, הִילכֶעדִיגֶע טרִיט; דִי צווייטֶע אַ דאַרֶע, בּלאַסֶע, קליינִינֶע יודענֶע מִיט אֵיין אַראָפּגעלאָסטען קאָפּ.

— וואו פִּיהרסט דו מִיךְ, חנה? פרעגט דִי צווייטֶע.

— וואַרט, נאָךְ אַ פּאָר טרִיט. זעהסט, דאָרט צום בּערג'ל.

— נאָךְ וואָס? פרעגט נאָךְ אַ מאָל דִי צווייטֶע מִיט אַ בּאַנג אָפּגעריסען קול, גלייךְ זִי וואָלט זִיךְ עפּיס גֶעשראָקען.

— וועסט הערען, קום...

זיי זענען צוגעקומען צום בּערג'ל.

— זעץ דִיךְ, מאַכט חנה. דִי צווייטֶע פאָלגט, זעצט זִיךְ אויפ'ן בּערג'ל, חנה זעצט זִיךְ נֶעבּען אִיהר. — אִין דער שטִילקייט פון וואַרעמען זומער־טאָג, ווייט פון שטעדטישען גערודער, מאַכט זִיךְ אַ גֶעשפּרעךְ:

— גרונע, ווייסט ווער דיין מאַן, עליו השלום, אִיז גֶעוועזען?

אויף גרונעס בּלאַס פּנים לעגט זִיךְ אַ שאָטען.

— אִיךְ ווייס, ענטפערט זִי מִיט פערבּיסענע לִיפּען.

— אַ סופר אִיז ער גֶעוועזען, גרונע! אַ כּשר'ער סופר..

— אִיךְ ווייס! מאַכט גרונע אונגעדולדִיג...

— פאַר יעדען אות פלעגט ער זִיךְ טובל'ען אִין מקוה...

— אַ גראָבּער לִיגען... אַז ער פלעגט גֶעהן אַ פּאָר מאָל אִין דער וואָךְ, אִיז אמת...

— אַ כּשר'ער יוד גֶעוועזען.

— אמת...

— זײַן זכות זאָל אונז בײַשטעהן...

גרונע שװײַגט.

— שװײַגסט? װאונדערט זיך חנה.

— אַלץ אײנס!

— נישט אַלץ אײנס! זײַן זכות זאָל אונז טאַקי בײַשטעהן! הערסט?

— איך הער!

— װאָס זאָגסט דו דערצו?

— װאָס זאָל איך זאָגען, איך װײס נאָר, אַז ער איז נישט בײַגעשטאַנען...

פויזע. די װײַבער פערשטעהען זיך: דער כשר'ער סופר איז געשטאָרבען און איבערגעלאָזט אַן אַלמנה מיט דרײַ יתומים — מײדלעך. גרונע האָט שוין מעהר נישט חתונה געהאַט, די קינדער קײן שטיפטאַטען נישט געגעבען, אַלײן אויף זיך און די קינדער געאַרבײט, נאָר קײן מזל און ברכה איז נישט געװעזען... „זײַן זכות איז נישט בײַגעשטאַנען..."

— און װײסט דו פאַר װאָס, גרונע? האַקט איהר איבער חנה דאָס שטילקײט.

— עט...

— װײַל דו ביזט זינדיג...

— איך? און די בלאַסע גרונע שפּרינגט אויף, װי אַ'ן אונטערגעשאָסענע — איך — זינדיג?

— הער גרונע, זינדיג איז יעדער מענש, נאָר דו אַודאי...

— אַודאי?

— גרונע, נישט אומזיסט האָב איך דיך אַרויסגעפיהרט אונטער דער שטאָדט צום טײַך צו, אויפ'ן פעלד... קײן פרישע לופט, ברוך השם, דאַרפען מיר נישט... זעהסט, גרונע... אַ מאַמע, און בפרט אַ כשר'ן סופר'ס אַן'אַלמנה דאַרף...

— װאָס דאַרף זי?

— זי דאַרף זײַן פרימער װי אַלע, בעסער װי אַלע און מעהר אַכטונג געבען אויף דער טאָכטער.

די בלאַסע גרונע איז נאָך בלאַסער געװאָרען. די אויגען האָבען

איהר אויפגעפלאַמט, די נאָז־לעכער צושפּרייטען זיך און די בלאָה פערברענטע ליפּען ציטערן.

— רחל! האָט זי אויסגעשריגען.

— דו ווייסט, גרונע, איך בין דיר אַ גוטער פריינד, נאָר דעם אמת מוז איך דיר זאָגען, אַ ניט וואָלט איך נישט געהאַט קיין פערענטפער פאַר גאָט... איך וועל דיך נישט בערעדען, דורך מיר וועסט דו נישט קומען צו לייטען אין די מיילער אַריין, עס וועט בלייבען צווישען אונז. איין גאָט אין הימעל וועט הערען...

— ציה מיר נישט די נשמה אַרויס!

— נו, הער'זשע! קורץ און שאַרף... נעכטען פאַר־נאַכט, שפּעט פאַר־נאַכט בין איך צוריק געגאַנגען פון דער באַהן, און — אויף דעם בערגעל איז געזעסען דיין מירל...

— איינע אַליין?

— ניין —

— מיט וועמען?

— איך ווייס? מיט אַ קאַפּעלוש... אַ צילינדער אפילו... ער האָט זי געקושט אין האַלז־און־נאַקען... זי האָט געלאַכט און געחרופּעט צוקערקעס...

— איך ווייס!... רופט זיך אָן גרונע מיט אַ קול ווי פון קבר אַרויס... עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל...

— דו האָסט געוואוסט?! וואָס? אַ חתן איז עס?

— ניין...

— נישט? און דו... האָסט געשוויגען.

— יאָ?

— גרונע!

נאָר איצט איז שוין גרונע רוהיג.

— אַצונד שווייג דו און הער, וואָס איך וויל דיר דערצעהלען, — זאָגט זי מיט אַ שניידענדיג קול און, אָנחאַפּענדיג רחל'ן ביי'ם אַרבעל, נויט זי, זי זאָל זיך צוריק זעצען.

— הער, האָט זי ווייטער געצווינגען — אַלץ וועל איך דיר דערצעהלען, און איין גאָט אין הימעל וועט אונז הערען!

רחל האָט זיך צוריק געזעצט.

— אַז מיין מאַן איז געשטאָרבען — הויבט אָן גרונע.

— ווי אזוי רעדסטו דו עפּיס, גרונע?
— ווי אזוי זאָל איך רעדען?
— אָהן „זכרונו לברכה"? און — „נפטר געוואָרען" זאָגט מען?..
— אַלץ איינס, נפטר געוואָרען צי געשטאָרבען, בעגראָבען האָט מען איהם...
— צו קבר אָבות געקומען...
— זאָל זיין צו קבר אָבות... נאָר מיך האָט ער איבערגעלאָזט מיט נאָך יתומים — טעכטער...
— נעבּיך, קיין קדיש נישט געלאָזט...
— דריי טעכטער, די עלטסטע —
— גענענדעל —
— אַלט געווען 14 יאָהר...
— ביי לייטען איז אַזוינס אַ כּלה...
— ביי אונז איז קיין ברויט נישט געווען! פון תנאים שרייבען און לעקאָך עסען נישט צו רעדען...
— ווי אזוי רעדסטו דו עפּיס היינט, גרונע!
— נישט איך רעד, מיין האַרץ-ווערהטאָג רעדט... גענענדעל, ווייסט דו, איז געווען דאָס שענסטע מיידעל אין שטאָדט.
— היינט אויך... קיין עין־הרע!
— היינט איז זי אַ זויערע לימאָנע — אַ גראָהער צאָפּ! נאָר דעמאָלט האָט זי געלייכט ווי די זון... און — איך בין דעמאָלט דעם פרומען סופר'ס אלמנה געווען! איך האָב זי ווי איין אויג אין קאָפּ געהיט... איך האָב געוואוסט, אַז היינטיגע צייטען... עס דרעהען זיך אַרום כּלי־זמרים, שניידערלעך, אַזוי דייטשלעך און אַלטע בחורים... בית המדרש'־ניקעס אפילו פלעגען זיך דרעהען ביים פענסטער... נאָר אויף וואָס איז אַ מאַמע? אַ כּלה־מיידעל, האָב איך געוואוסט, דאַרף זיין ווי אַ שפּיעגעל... און איך האָב מיינס בעוויזען; עס איז אויף איהר קיין הויך נישט געפאַלען! געהיטען האָב איך זי, געהיטען! קיין אויג נישט אַראָפּ־געלאָזט, קיין טריט פון שטוב אָהן מיר נישט געמאַכט, און אַלץ מוסר געזאָגט... קוק נישט אַהער, קוק נישט אַהין, דאָ שטעל דיך נישט, דאָ מעק דיך נישט... קוק נישט ווי פויגעלעך פליהען...
— נו, זעהר וואויל...
— וואויל ווי די וועלט! מאַכט גרונע בּיטער, קים נאָר צו מיר

אַ היים און זעה, ווי זי זעהט אַצונד אוים! יאָ, זי איז אַנ'אמת עהרליך מיידעל, נאָר פון 36 יאָהר! דאר, די ביינער צו צעהלען, אַ געדונצעלטע הויט, ווי פּאַרמעט צו תפלין, אויגען פערלאָשענע, דאָס פּנים זויער, אָהן אַ שמייכעל — אייביג פערביסענע ליפּען... גאַנץ אָפט דאָך ברענען אויף די פערלאָשענע אויגען — דאָס ברענט דעמאָלט אין זיי אַ שנאה, אַ האַס, ווי אַ גיהנם... אונ ווייסט דו צו וועמען? ווייסט דו וועמען זי האָט פיינט? וועמען, מאַכענדיג מיט די ליפּען, זי פערשילט די ביינער?

— וועמען?

— מיר! מיר — איהר איינענער מאַמען!

— וואָס רעדסט דו? פאַר וואָס?

— זי אַליין ווייס אפשר נישט פאַר וואָס, נאָר איך ווייס! איך האָב מיך געשטעלט צווישען איהר און דער וועלט, צווישען איהר און דער זון! איך האָב איהר, ווי זאָל איך דיר עס זאָגען? קיין ווארעמקייט און קיין ליכט צום לייב ניט צוגעלאָזט... גאַנצע נעכט האָב איך דעריבער געקלערט ביז איך בין עס דערגאַנגען, אויף קלאָר דערגאַנגען! זי מוז מיך פיינד האָבען... יעדעס קעמערל פון איהר לייב האָט מיך פיינד!

— וואָס רעדסט דו?

— וואָס דו הערסט! די שוועסטער האָט זי אַודאי פיינד, שענער זענען זיי און יונגער!

גרונע חאַפּט שווער דעם אָטהעם און רחל קען צו די געדאַנקען ניט קומען... זי הערט עפּיס שרעקליכעס; עפּיס ערגערס, ווי קראַנק זיין, ווי שטאַרבען, אפילו ווי „אונטער דער חופה שטאַרבען” — דאָס גרעסטע אומגליק, וואָס עס טרעפט זיך ביי יודען און דאָך — רבונו של עולם, עס **דאַרף** אַזוי זיין!

---

— די יונגערע, לאה'ן, האָב איך שוין אין דער היים ניט געהאַלטען... איך האָב זי אָפּגעגעבען פאַר אַ דינסט... הויבט ווייטער אָן גרונע צו דערצעהלען און די שטימע ווערט נאָך הייזעריגער, נאָך אָפּגעריסענער...

— איך האָב גענוג געשריען דעמאָלט, דערמאַהנט רחל, מעשים געטהון... אַ סופר'ס אַ טאָכטער פאַר אַ דינסט...

— איך האָב געוואָלט חאָטש זי חתונה מאַכען, זאָל זי חאָטש

אַ ביסעל נדן האָבען... פון מיינע ציבעלעס, מיט וועלכע איך האַנדעל, קען מען קיין נדן ניט אויפקלויבען...

און זי האָב איך אויך געהיט...

ניט איין בעל־הבית האָט אויף איהר איין אויג געוואָרפען, ניט איין בעל הבתיש קינד האָט זיך געוואָלט פון איהר אַ שפּיעלכעל מאַכען... נאָר איך בין אַ מאַמע! איך בין אַ טרייע מאַמע געווען! די פיס האָב איך מיר אָפּגעהאַקט און 10 מאָל אין טאָג בין איך ביי איהר אין קיך געווען, געוויינט און געחלש'ט, מוסר געזאָגט... הא! גוטע ווערטער, פרומע ווערטער געזאָגט!... גאַנצע נעכט בין איך ניט געשלאָפען און געליייענט דעם קב־הישר און אַנדערע הייליגע ספרים עברי־טייטש, און צו מאָרגענס איהר איבערדערצעהלט... און נאָך איינגענס צוגעגעבען! גאָט זאָל עס מיר מוחל זיין... פון דריי שדים האָב איך געמאַכט צעהן, פון אַ שמיץ איז געוואָרען קאַסטרוי, מיט פייער האָב איך געשיט! און אַ שוואַך קינד איז עס געווען, אַ שוואַך כשר קינד, עס האָט זיך געלאָזט פיהרען!... דער טאַטע אויס'ן אויג — בלאַס, אָהן אַ ביסעל בלוט, און אַזוינע גוטע, פייכטע אויגען, — נאָר שעהנער איז זי געווען...

— דו רעדסט, רחמנא ליצלן, ווי פון אַ טוידטער!

— און דו מיינסט זי לעבט? איך זאָג דיר, זי לעבט נישט!! האָט אָנגעזאַמעלט נדן, און איך האָב איהר אַ מאַן געגעבען!

זי האָט נעביך געוויינט, אַז זי וויל איהם נישט, אַז ער איז צו גראָב, צו פּראָסט פאַר איהר.

נאָר אַ לערן־קינד נעמט ניט קיין דינסט־מיידעל, בפרט מיט דרייסיג רובל נדן!

איך האָב געדאַנקט גאָט ווער עס איז! — אַ שניידער־יונג, איז אַ שניידער־יונג!

נו! האָט ער מיט איהר אַ יאָהר געלעבט — צוגענומען דאָס געלד, מיט'ן געזונד, מיט'ן רעשט ביסל כח און איז אַוועק...

נאַקעט און בלוים האָט ער מיר זי אָפּגעשטעלט, נאָר — מיט אַ לונגען־פעהלער! זי שפּייט מיט בלוט!... אַ שאָטען איז עס שוין, נישט קיין מענש... עס טולעט מיך ווי אַ קליין קינד, עס לעגט זיך ווי אַ לעמעלע!... און גאַנצע, גאַנצע נעכט וויינט עס...

און ווייסט דו אויף וועמען זי וויינט?

— אויפ'ן מאַן, ימח שמו!

—ניין, רחל, אויף מיר וויינט זי! איך האָב זי אונגליקליך געמאַכט! איהרע טרעהרען פאַלען מיר אויפ'ן האַרץ ווי קאָכעדיג בליי — זיי סמ'ען מיך, די טרעהרען...

זי בלייבט ווייטער שטיל און חאַפּט קוים דעם אָטהעם.

— הכלל? פרעגט רחל —

— הכלל? — האָב איך מיר שוין געזאָגט: גענוג! זאָל מיין דריטע טאָכטער שוין לעבען! לעבען זאָל זי, ווי זי וויל!

זי אַרבייט אין פאַבריק! 16 שעה אין טאָג אַרבייט זי, קוים אויף טרוקען ברויט פערדיענט זי... זי וויל צוקערקעס אויך, זאָל זי עסען! זי וויל לאַכען, שטיפען, קושען זיך — זאָל זי! הערסט חנה — זאָל זי! איך קען איהר קיין זיסע זאַכען נישט געבען, קיין מאַן אַ ודאי און אַ ודאי נישט! אַ ציטרין פון איהר מאַכען, ווייל איך נישט, אַ לונגען-פעהלער געבען — נישט, נישט! זאָל שוין די טאָכטער מיך נישט האַסען, אויף מיר נישט וויינען.

— אָבער גרונע, שרייט רחל אויס דערשראָקען, וואָס וועלען זאָגען לייט?

— זאָלען לייט פריהער אויף אָרעמע יתומים רחמנות האָבען, נישט אַרבייטען מיט זיי ווי מיט אייזלען אומזיסט! זאָלען מענשען האָבען הערצער פון מענשען און נישט האַלטען אָרעמע לייט צום אויסדריקען ווי לימאָנען...

— און גאָט? גאָט, ברוך הוא!

און גרונע הויבט זיך אויף און שרייט, גלייך זי האָט געוואָלט, גאָט זאָל אין הימעל הערען —

— האָט גאָט געזאָלט פריהער יענע פערזאָרגען...

---

עס איז אַ שווערע שטילקייט!ביידע ווייבער עטהמען שווער, ביידע שטעהען זיך אַקעגען מיט בליצען אין די אויגען.

— גרונע! שרייט ענדליך אויס רחל — גאָט! גאָט וועט שטראָפען!

— נישט מיך, נישט מיינע טעכטער! גאָט איז עהרליך! ער וועט עמיץ אַנדערן שטראָפען! עמיץ אַנדערן!

# פאַר דער טיר.

(אַ טונקעלע נאַכט, אַ ליין אַבגעלעגען שטיל געסעל. זי, אויף אַ באַנק אונטער אַ פינסטער פענסטער, שטאַר פאַר זיך קוקענדיג. ער קומט צו, אומקוקענדיג זיך צי געהט נישט ווער).

ער

(ריהרט איהר זאַכט דעם אַקסעל אָן).

זי

(זיך אומקעהרענדיג צו איהם אָהן פאַרב)

— דו?

ער

(מיט אַ בליק צום פינסטערן פענסטער).

אַליין?

זי

דער טאַטע אין קבר — די מאַמע אין תפיסה — אַליין

ער

וואָס ווייטער?

זי

האָט ערגיץ אַ הוהן געחאַפּט... אַ בריה דערויף. זי האָט אָבער קיין גליק נישט. געחאַפּט.

ע ר

כ'האָב דאָך דיר געוואָלט געבען —

ז י

(שטרענג)

כ'וועל בײַ דיר נישט נעמען — —

(הארט)

גײ אַהײם...

ע ר

(געבעט)

טרײַב מיך נישט...

ז י

(נאָך פּויזע)

כ'האָב דײַן מאַמע געזעהן.

ע ר

(דערשראָקען)

זי ווײסט עפּיס? — האָט דיר עפּיס געזאָגט?

ז י

זעהר אַ גוטע, דײַן מאַמע; ס'טהוט איהר זעהר לײַד, וואָס די אַלטע זיצט... און פּונקט אַ צ ו נ ד...

ע ר

וואָס אַ צ ו נ ד?

ז י

ווען מען דאַרף אַזוי פּיעל אײַנקויפען צו דײַן — חתונה... „אַזוי ווי זי קויפט אײַן, ווערט קײנער נישט... פעט און ביליג, און פּינקטליך...

ע ר

(פאָרוואורף)

מרים!

ז י

זי וויל, כ'זאָל פערטרעטען די מאַמען... זי וואונדערט זיך, פאַר וואָס כ'וויל נישט ע ה ר ל י ך פערדיענען!

ער

(ווי פריהער נאָר טיפער).

מרים!

זי

ווי הייס איך.

(נאָך פויזע).

האָט מיך פערבעטען צו דער אָרעמער סעודה... ז'וועט מיך
זעצען בעזונדער...

ער

(ווייל זי אָנכאַפּען בײַ דער האַנד, זי בעהאַלט זי אונטער זיך).

לאָז מיך, גיב מיר דײַן האַנד... לאָז מיך דיך פאַר דער מאַמען
איבערבעטען... זי קען דיך נישט, פערשטעהט דיך נישט!

זי

לאָז אָב!

(ער געהאָרכט).

כ'בין א גנב'טעס א טאָכטער, זי האָט רעכט

ער

דײַן מאַמע איז דײַן אומגליק.

זי

רעד נישט! — זי האָט אַלץ געטהון, וואָס זי האָט געקאָנט... דער
הונגער איז שטאַרקער געוועזען... האָט זי געחאַפּט אַ מאָל עפּיס... און
די יתומה, אַז זי איז אַליין געבליבען, האָט חן אין לײַטענס אויגען
בעקומען.

ער

דערמאַהן נישט!

זי

געה אַהיים, אויב דו ווילסט, ד'זאָל פערגעסען!... דו דערמאַהנסט!...

ער

ניין... איך מיין עס ערליך! איך האָב דיך ליעב, אַזוי ליעב...

זי

און דעם טאַטען דײַנעם האָסטו פֿײַנד? און דער גרויסער טאַטע דײַנער, מיט דער ווײַסער לאַנגער באָרד, און שטרענגע לאַנגע ברעמען — וועט שטאַרבען, הערסט? אונטערגעהאַקט וועט ער ווערען, ווי אַ בוים, אַז מען וועט'ן רופען: „דער גנב'טעם מחותן"... און די מאַמע דײַנע — זי האָט מיר קײַן שלעכטס נישט געטהון, — וואָלט שוין קײַן אײַנגעמאַכטס פֿאַר'ן שפּיטאָל נישט געפֿרעגעלט!... די ערד וואָלט זי געקיהלט! כ'זאָל מיך שטעלען מיט איהר בײַ דער קראַטע אין שוהל — — און דײַן כלה —

ער

כ'האָב קײַן כלה נישט! כ'וויל נישט! עס ווענט זיך נאָר אָן דיר, זאָג אַ וואָרט!

זי

כ'וועל נישט זאָגען! פֿאַר וואָס זאָל זי זיך אויסווײַנען די קלאָרע אויגען? פֿאַר וואָס זאָלען איהרע בעקלעך פֿערבליהט ווערען? צוליעב וואָס? פֿאַר וואָס נעמען אַ פֿאָרצעלײַענע שעהנע זאַך — די בלאַסע מיט די גרויסע און פֿערחלומטע אויגען און צושלאָגען? ווײַסט, וואָס זי טהוט גאַנצע נעכט? איך ווייס! אויך אַ מאָל רײַן און עהרליך געווען!... זי בענקט... זי שפּינט גאַנצע נעכט...

ער

שפּינט?

זי

שפּינט... פֿון לבנה שטראַהלען; און פֿון נשמה שטראַהלען... צו־זאַמען שפּינט זי... און ווײַסטו וואָס? אַרום איהר חתן אַ זילבערן נעפּעל... אין אַ זילבערן נעפּעל זעהט זי דיך... פֿון זילבערנעם נעפּעל אַרויס הערט זי דײַן שטימע... דו קענסט עס נישט פֿערשטעהן... צערײַס דעם נע־פּעל נישט, וועסט איהר די נשמה צעררײַסען!

ער

איך פֿערשטעה דיך נישט, אָבער לאָז געמאַך... נישט מײַן זאַך... כ'וויל דיך, דיך, דיך!

צוליעב וואָס? וואָס וועסט דו האָבען ביי מיר, וואָס דו און אַנדערע האָבען פריהער נישט געהאַט... געה!

ע ר

(געהט).

ז י

[illegible] לעצטע ברעט — אַוועקגעשוואומ

(פאָרהאַנג)

# אין סקווער.

יוסל — מלכה.

(זיצען אויף אַ באַנק אין סקווער).

יוסל

(אַז זי האָט זיך פֿערטראַכט און שווייגט).

האָסט שוין סודות פֿאַר מיר?

מלכה

(וועקט זיך אָבעטעמענדיג).

שרעקליך...

יוסל

וואָס, מלכה?

מלכה

אַ פרעמדער, בלוט־פרעמדער מאַן.

יוסל

(עטוואָס סאַרקאַסטיש).

אַ סוחר — אַ געמאַכטער מענש!

מלכה

(אונגעדולדיג).

אַלץ איינס.

(ווי פריהער) •

זון אזוי פלוצלונג... עפּים אַ שפּרונג אין איין אָפּגרונד אַריין ?

יוסל

האָסט אַזוי געוואָלט —

(זי צוקט מיט די אַקסלען)

געוואָלט ?

יוסל

געזאָגט יאָ...

מלכּה

זאָג ניין ! — איין אַלטע מויד ווערען... ווי עס איז אַזוי שווער, אַזוי שווער...

יוסל

נישט אַזוי שווער ! כ׳בּין געכטען אין טעאַטער געוועזען.

מלכּה

ווילסט מיך פערערען.

יוסל

ניין ! עס געהער צו דער זאַך. שטעל דיר פאָר : עס זיצט ערגיץ אין אַ שטוּבּ אַ פרייליין. אייגענטליך זיצט זי נישט, זי שטעהט, ליגט, טאַנצט איבּער די שטוּבּ, לייכט צו צו די פענסטער, קוקט אַרויס, זעצט זיך צוריק, זינגט עפּיס, בּרומט עפּיס — פּלוצלונג עפענט זיך די טהיר — אויסגעוויזען האָט זיך : דורך איין אירטהום, געעפענט האָט געזאָלט ווערען איין אַנדערע טהיר, אויף דעם זעלבּען שטאָק. ער קומט אַריין, נישט אָנגעקלאַפּט, בּיי יענער טהיר דאַרף ער, קענטיג, נישט אָנקלאַפּען — — אויף דער שוועל „גוט-מאָרגען” געזאָגט, זי עפענט ס׳מויל, איבּעראַשט, דערנאָך צולאַכט זי זיך, קענטיג פערשטאַנען — גוט יאָהר טרילערט זי. בּעמערקט ער זיין אירטהום, וויל זיך צוריקציהען פון דער שוועל, עס איז איהם אָבּער אַ שאָד, וויינערט זיך אַ קורצע ווייַלע, קוקט איהר אין די אויגען אַריין ; די אויגען לאַכען, פערמאַכט זיך אונטער זיך די טהיר, רוקט זיך וואָס אַ מאָל נעהנטער און נעהנטער, אויף די שפּיץ פינגער געהט ער, זי ווערט עטוואָס בּלאַסליך, דערשרעקט זיך אַ בּיסעל, דערנאָך — רויטליך, עטוואָס פערשעמט, פינטעלט מיט די אויגען, הויבּט אויף אַ האַנד, עפענט ס׳מויל. אָבּצוזאָגען, אַרויסצווייַזען. אַ שמייכעל אַרום מוילעכיל, און חן-גריבּעליך. ניין, זיי הויבּען

ניִשט אָן אָפּצושטויסען... זי רוקט זיך אַבּיסל אונטערוויילעכטס אָב. פרעגט, געוויס, וואָס ער וויל, נאָר מען זעהט נאָר ווי ליפּען ריהרען זיך, קיין שטימע הערט מען ניִשט... און ער וויל, זעהט אוים הערען, רוקט זיך נעהנטער צו... זי רוקט זיך ווייטער און אונטערוויילעכטס אָב, טרעפט אויף אַ פאַטער־שטוהל, פאַלט, אַלץ אונטערוויילעכטס, אין איהם אַריין... ער איז שוין ביי איהר, פלאַצט אַרויס: פּאַרדאָן! עפּיס צופיעל הויך, מעהר ווי די נאָהנטקייט מיט'ן צימער פערלאַנגען, זי, פלוצלונג, צולאַכט זיך. ער בעט אום פערצייהען, אַ טעות געהאַט, חאַפּט און קושט איהר די האַנד, זי לאַכט עפּיס מאָדנע. רייסט דאָך די האַנד ניִשט אוים. ער זאָגט, ר'האָט אַ טעות געהאַט, די טהיר פערמוישט, נאָר געלויבט איז גאָט... ער דאַנקט זיין ליעבען נאָמען פאַר'ן טעות... געוויס — ער האַלט נאָך אַלץ די האַנד. זי לאַכט נאָך אַלץ — — — ענדע אַקט — —

### מלכה

(געקרענקטער פאָרוואורף).

יוסעל!

### יוסל

גאָט בעהיט, קיין שלעכטס ניִשט געשעהן... טאַטע־מאַמע — אָנגע־קומען, געשיקט נאָך חופּה און קלעזמער. געקומען אויך דער רב, אַ ליעדעל געזונגען, און ניִשט אין דעם געהט עס...

### מלכה

(אויטאָמאַטיש).

ניִשט אין דעם געהט עס!

### יוסל

ניין — נאָר, ווי גוט דאָס פרייליין האָט געשפּיעלט, אַ פרעמדער מאַן... אַ ווילר פרעמדער מאַן, אַ בלוט־פרעמדער...

### מלכה

אויף די ברעטער!

### יוסל

דאָס לעבען איז מעהר? איין סצענע! נאָר זי האָט פּראָבען גע־מאַכט... אויסגעלערנט זיך... דורכגעשפּיעלט... ווילסט פּראָבירען, מלכה? ער קומט מאָרגען...

מלכה
(וועהר פערביטערט).

צו דער חופה — א פערנומענער מענש. גלייך צום שוהל־הויף פערפאהרען...

יוסל

אה ביז מארגען, — וועסטו קענען! נישט אזוי פיעל פראבען, ווי יענע, פאר מעהר אינטעליגענץ... וועסט עס פיין מאכען..

מלכה
(פערצאגט).

[illegible]

יוסל

די ראליע שפיעלען — אין דער קאמעדיע!

מלכה
(עמפערט)

קא—מעד—יע!

יוסל

ס'אי מעהר? ווילסט ווירקליך חתונה האבען?

מלכה
(אויפשפרינגענדיג).

פערזיצען

(פויזע)

יוסל
(אונגעדולדיג).

אלץ איינם אייגענטליך, א דראמע ווערט אויך געשפיעלט, זאגאר א טראגעדיע! פראביר, מלכה!

מלכה

עס טהוט וועה, יוסל...

יוסל

דאס לעבען אליין טהוט וועה, מאך דיר נישט דערויס. מ'וועל מיר

עָס דורכשפּיִלעָן. קאָמעָדיאַנטעָן — נו! אַקטעָרעָן טוישעָן זיך... נאָר ניִשט אומגעָרולדיִג, ניִשט געָביִסעָן די ליִפּעָן, אָהן פיִנסטעָרעָ בליִקעָן... מעָן האָט דיִר קלאָרע געָגעָבעָן, מאַך זיי ניִשט פיִנסטעָר... נאַריִש מיידעָל, ס'אַ קאָמעָדיעָ, נאָה, זעָה, אָט פאַל איך פאַר דיִר אויף די קניִען... ביִסט דאָך — אַ מלכה, אַזאַ גרויסעָ מלכה... אַזאַ מלכה לאָזט זיך אַזוי לייכט ניִשט נעָמעָן... איך שפּיִעל גוט? וואָס, ניין? האָניִג ניִסט זיך מיִר פון מויל? וואָס, — ניִשט? איך מאַך דיִך גרויס — איך קניִע פאַר דיִר, ווי פאַר איין מלכה, וויִלסט, מאַך איך דיִך הייליִג, קוש איך דיִר די זוים פון קלייד

מ ל כ ה

(בעָוועָגט).

יוסף!

י ו ס ל

פיין! „יוסף" איז שעָהנעָר! דאָס געָהעָרט צו דעָר ראָלעָ, פאַלסט איין טאָן אַריין... גיִב די האַנד...

(עָר נעָמט זי. בעָקוקט די פיִנגעָר).

אַ ביִסעָל צושטאָכעָן, פון דעָר נאָדעָל... קושעָן לוינט זיך...

(קושט זיי).

עָר האָט אויך אַזוי געָטהון... פריִהעָר אויף דעָר פלאַכעָר האַנד. דעָרנאָך די פיִנגעָר. יעָדעָן בעָזונדעָר האָט עָר געָקושט... אַזוי... נאָר יעָנעָ האָט גראָבעָ העָנד און דיִקעָ פיִנגעָר געָהאַט — נאָך אַ מאָל!

(אויפהויבעָנדיִג דעָם קאָפּ).

איך שפּיִעל גוט, מלכה? — דו העָלפסט מיִר אָבעָר ניִשט. יעָנעָ האָט געָהאָלפעָן, אויך מיִטגעָשפּיִעלט... יעָנעָם איז גריִנגעָר געָוועָן, ניִשט אַזוי האַלט מעָן די האַנד, אַז עָמיִץ קושט... זי דאַרף ציִטעָרן... עָטוואָס ציִטעָרן, מעָן וויִל זי, מכלומרשט צוריִק ציִהעָן...

מ ל כ ה

יוסל!

י ו ס ל

נאָר מאַך דאָס שפּיִעל ניִשט צו שאַנדעָן... ניִשט טראַגיִש... ניִשט דראַמאַטיִש... אָט לעָג מיִר בעָסעָר דיין ווייכעָ האַנד אויפ'ן קאָפּ... בלעָגסט דאָך עָס געָרן טהון...

מלכה

(ביטער).

אַמאָל... קינדווייז...

יוסל

(לעגט זיך איהר האַנד אויפ׳ן קאָפּ).

אויך געשפּיעלט, אין חבר׳קייט געשפּיעלט, אַמאָל אין צייכען, אַ יונגעל און דיר צוליב האָב איך אין צייכען געשפּיעלט... וואו ערגיץ אַ ווינקעלע... אָבער נישט אַזוי ליעגט אַ האַנד אויף אַ קאָפּ — אין אַקאָמעדיע... צי אַ פּאַרס... נישט קיין טויטע האַנד דאַרף ליעגען... צוּוואַרף מיר אַ ביסעל די האָר...

(טהוט עס פאַר איהר).

אַזוי...

(זי שמייכעלט בלאַס און קרײַזעלט איהם אַליין די האָר).

דו קענסט, דו קענסט! און עפּיס פּליסט אַרוים פון דיין האַנד אין קאָפּ אַרײַן... עפּיס ווערט דאָרט קלאָרער... די קניפּען און קנוילען צוגעמען זיך עפּיס... מיר דאַכט דיין האַרץ קלאַפּט — אָדער מיינס?

מלכה

עס קלאַפּט...

יוסל

(אויפשטעהענדיג).

אָה, איך שפּיעל גוט, אויף דער סצענע וואָלט איך געלעבט, נישט געשפּיעלט. די בלוט פּולסירט שוין אין די אָדערן... די שלעפען קלאַפּען אַזוי... ריהר אָן... פיהל נאָר דאָס האַרץ... ווער האָט דיר די שאָטען פון די אויגען פערטריבען, מלכה, זעה, ווי זיי גלאַנצען... און צינד — ציטערט שוין די האַנד — פּונקט ווי בײַ יענער, ניין, כ׳וועל נישט פערגלײַכען... נאָר יענע האָט געהאַט האָר אַראָבגעלאָזטע... שפּעטער, עס איז אַ פּאַרס געווען — האָט זי דעם צאָפּ פערלוירען, אונטער דער חופה... דאָס האָט אייגענע און לענגערע...

(צולאָזט איהר די האָר).

מלכה

יוסל, אין סקוועך!

יוסל

(צורעכטווייזענדיג)

אַז מען שפּיעלט, שפּיעלט מען! — איך זעץ מיך נעבען דיר — ער האָט אויך אַזוי געטהון... אויך עפּיס אַ שטיקעל דיכטער געווען... אַ פולען טאַש מיט מאַנוסקריפּטען געהאַט... פון מאַסען פּאָסט־סטעמפּעל אויף די קאָנווערטען, פון אַלע רעדאַקציעס צוריק געשיקט... האָט איהר אַ געדיכט געלעזען — נאָר דאָס וועל איך נישט טהון — מיינע זענען צו אויסגעלאַסען... יענער האָט געהאַט אַזוינע אָנגעשוואָלענע, אָנגעבלאָזענע: שטערן... זונען... זומער־פויגעלעך און אַזוי אַ׳ערליי פויגעל, און בלומען, און רויזען בעזונדער, — פאַר די אויגען האָט איהר געשווינדעלט... געהט ער —

(טהוט ווי ער בעשרייבט).

נעמט ער איהר קעפּעל, לעגט זיך אויפ׳ן אַקסעל... קושט זי... זעהר זאַכט, פריהער די האָר... דערנאָך דאָס אויערלעפּיל, דערנאָך די בעקלעך און דערנאָך — די ליפּען, די קרעלענע ליפּען, נישט געקאָנט זיך אָברייסען... און אַזוי, ווי מיט צוואַנגען צו זיך צוגעדריקט, צוגעצויגען...

מלכּה

(אויסגעריסען זיך פון זיין אָרעם, מיט בליץ אין די אויגען).

כ׳וויל קיין קאָמעדיע נישט, יוסל!

יוסל

(אויפגעשטאַנען)

מוז זיין אַ — טראַגעדיע!

מלכּה

זאָל זיין!

יוסל

ווילסט? — דער הימעל שפּאַלט זיך, מלכּה — אַ יין וואָרט!

מלכּה

כ׳וויל!

(פאָרהאַנג).

# שוועסטער.

„דלות” איז אַ שלעפּער.

ער דערוואַרעמט אין ערגיץ נישט קיין אָרט; וואו ער טאָגט, נעכטיגט ער נישט.

און אַלט איז ער ווי די וועלט!

אויסטרעטענדיג שוין אַזוי פיעל יאָהרען די ערד מיט די פיס אָבער אין געלעכערטע צדקה־שטיוועל, אין וועלכע ער רייבט זיך אָן היהנער־אויגען ווי די עפעל, וואָלט ער געקענט אַרויסגעבען אַ ריכטיגערע וועלט־געשיכטע, בעסערע ערד־בעשרייבונגען, — וואָלטען זיי אָבער נישט שעהן און נישט אַזוי איידעל געווען — ווי די, וואָס מיר האָבען פון מענשען, וועלכע האָבען אַראָבגעקוקט אויף דער וועלט פון דער הויך פון הימעל־הויכע שלעסער, פּאַלאַצען און קלויסטער, וואָס לויפען היינט איבער איהם אויף לאָקאָמאָטיווען און אויטאָמאָבילען... אַ חוץ דעם קען דער דלות גאָר נישט שרייבען. ער האָט קיין צייט ניט געהאַט זיך אויסצולערנען, און ער האָט גאָר קיין הענד נישט צו שרייבען! זיינע הענד מיט די וואָרצלען פאַסען אַזוי צו דער פעדער, ווי זיינע פיס צו די בעלי־צדקה־שטיוועל. און קיין צייט האָט ער דערצו אויך נישט. אפילו צו דערציילען נישט. אַ גאַנצען טאָג — אָדער ער אַרבייט, אָדער ער זוכט אַרבייט, אָדער ער זוכט אַ מטמון אויף ערגיץ אַ בערגעל מיסט, אָדער ער וואַרפט זיך, אַ הונגעריגער און אַ פערמאַטערטער ערגיץ אונטער אַ פּלויט און חלומט פון משיח'ס צייטען מיט זעמעל אויף בוימער! ביי נאַכט — אָדער ער שלאָפט, ווי אַ געהרג'טער, אָדער ער וואַרפט זיך ווי אַ שלאַנג אויפ'ן געלעגער פאַר הונגער, צי פאַר בויך־וועהטאָג פון די מיסט־ממתקים, אָדער ער קוקט נאַריש

אין הימעל אַרײַן און פרעגט זיך, פאַר וואָס עס דונערט נישט, אָדער נאָך גאָר — ער קינדעלט, על חשבון פון בורא עולם, פון גבירים בעלי־צדקות אָדער גאָר אויפ'ן חשבון פון קהל...

די חשבונות זענען אַ פנים נישט זיכער, ווײַל מאַסען געקינדעלטע קינדער ווערען פּלוצים נעלם — ואיננו! אָבער די וואָס בלײַבען, זענען צושפּרײט און צוזײַעט אויף דער וועלט, און שוועסטער, און ברידער הויבען זיך נישט אָן צו קענען, גײען אײנס פאַר'ן אַנדערן פאַרבײַ אפילו אָהן אַ שמײכעל אויפ'ן פּנים, גלײַך פרעמדע. אויסער אַז זײ טרעפען זיך אַ מאָל אין צוויי אַנטקעגענדיגע בעטען אין אַ שפּיטאָל — קרעכצען זײ אָדער זאָגען ודוי צוזאַמען...

צוויי דלות'עם קינדער קען איך — צוויי שוועסטער, זײ וואָהנען שוין עטליכע יאָהר אין וואַרשוי און בעגעגענען זיך גאַנץ אָפט און גײען זיך פאַרבײַ, ווי ווילד פרעמדע!

אײנע וואָהנט אין אַ פינסטער ווינקעלע, צווישען נײַן נפשות פון דרײַ משפחות אין אַ סוטערינאַ אויפ'ן מאָקאָטאָוו און ראַנגעלט זיך מיט זײ נאַכט אויף נאַכט וועגען אַ ביסעל לופט און די צווײטע ראַנגעלט זיך נאַכט אויף נאַכט וועגען אַזאַ ביסעל לופט מיט 10 נפשות פון פיער פאַמיליען אויפ'ן צווייטען עק וואַרשוי, אויף אַ בוידעם־שטוב אונטער אַנאײַזערנעם דאַך אויפ'ן שוואַרצען געסעל. די ערשטע איז אַ בלאָנדינקע, די צווײטע אַ ברונעטקע, נאָר דאָס מאַכט ניט אויס — שוועסטער זענען זײ, דלות'עם טעכטער און בײדע האָבען דינע, כמעט דורכזיכטיגע נאָז־פליגעל, דינע הויטלעך אויף אײַנגעפאַלענע באַקען און טיעף אײַנגעזאַנגענע אויגען, און בײדע זענען אויך נעהטאָרען בײַ ווײַסע וועש. די בלאָנדינקע אַרבײט פאַר 20 קאָפּיקעס אַ טאָג אויף וואָהנען, עסען, טרינקען און קלײדען זיך פון 9 ביז 9 אין אַ חברה פון 16 מײדלעך אין אַ וועש־געשעפט אויפ'ן שוואַרצען געסעל און שלאָגט זיך וועגען אײן אָרט נעהנטער צום פענסטער האָטש אָבצוזעטהעמען, און די ברונעטקע האָט אויך נישט זעהר קײן שטאַרקע ברוסט און חלש'ט פאַר 18 חבר'טאָרינס, וואָס אַרבײטען מיט איהר צוזאַמען אין אַ נישט־זעהר־גרויסער שטוב אויפ'ן „מאָנקאָטאָוו”, אויך פאַר 20 קאָפּ אַ טאָג פאַר וואָהנען, עסען, טרינקען און קלײדען זיך. קומט סעזאָן — אַרבײט מען צו אַ שטיק נאַכט, און דערפון האָבען זיך בײדע

שוועסטער געמאַכט ציצענע קליידלעך און געקויפט זיך שטרוי-היטעלעך; אויף שיך האָט פערפעהלט, זענען ביידע געפאַלען אויף אַנ'עצה — פערשמירען די זאָקען אין די לעכער מיט טינט...

זיי קענען זיך נישט און דינען זיך דאָך ווי ווירקליכע שוועסטער. וואָרום טאָג אויף טאָג געהט די בלאָנדינקע פון מאָקאָטאָוו אָפּאַרבייטען אַ היבש שטיק מעת-לעת פאַר איהר שוועסטער דער ברונעטקע אויפ'ן שוואַרצען געסעל; און די ברונעטקע געהט טאָג אויף טאָג פון שוואַרצען געסעל אויפ'ן „מאָנקאָטאָוו" אָפּצוטהון די זעלבע אַרבייט און אין דער זעלבער צייט פאַר איהר שוועסטער דער בלאָנדינקע.

ביידע געהען דורך דעם זאַקסישען גאָרטען, די ברונעטקע קומט אַריין פון דער „קרולעווסקאַ" און געהט אַרויס דורך דער ניעצאַלאַ, און די בלאָנדינקע קומט אַריין פון דער ניעצאַלאַ און געהט אַרויס דורך דער קרולעווסקאַ.

אין מיטען גאָרטען טרעפען זיי זיך, געהען פאַרביי — און גאָר נישט.

---

איינמאָל יולי צייט האָבען זיך ביידע אויפגעכאַפּט פאַר גרויס היץ, זיי האָבען זיך ביידע געבאָדען אין שוויים און ביידע האָט גאָר אין גאַנצען אָטהעם פערפעהלט. ביידע זענען כמעט אין איין סעקונדע אַרויסגעשפּרונגען פון די בעטען: די בלאָנדינקע אין סוטערינאַ אויפ'ן מאָקאָטאָוו; די ברונעטקע אונטער'ן אייזערנעם דאַך אויפ'ן שוואַרצען געסעל. ביידע האָבען זיך געשווינד געוואַשען, אָנגעטהון די ציצענע קליידלעך, נאָך אַ מאָל איבערגעשוואַרצט די זעקלעך אין די לעכלעך און שפּאַלטען פון די קאַמאַשען און אַרויפגעזעצט זיך אויף די קעפּ — די שטרויענע היטעלעך, וואָס זיי האָבען פעסט צוגענאָגעלט, די בלאָנדינקע צו די זיידען-בלאָנדע און די ברונעטקע צו די סמאָלע שוואַרצע קוים פערפלאָכטענע האָר, ביידע האָבען עס געטהון ביי קיילעכדיגע טאַשען-שפּיגעלעך און ביידע האָבען צו זיך געשמייכעלט... קיין מעשה ניט פון פנימ'לעך, און ביידע האָבען זיך פלוצלונג פערבענקט — צו גרינס, צו בליהמלעך, צו עפּעס וואַרם-לעבעדיגעס און אויך — צו וואָנסעלעך מיט אויגעלעך. די בלאָנדינקע — צו שוואַרצע

און די בּרונעטקע צו בּלאָנדע און בּלאַסע! און בּיידע האָבּן אָבּגעזופצט נאָך איין אויג געוואָרפן אין די שפּיגעלעך אַריין, און, ווייל עס איז צו פריה, געלאָפן אין זאַקסישן גאָרטן אַריין... די בּלאָנדינקע איז אַריינגעקומען דורכ'ן טויער פון קרולעווסקאַ, די בּרונעטקע פון טויער דורך דער גיעזשאַלאַ. אַריינקומענדיג, זענען בּיידע טרויעריג געוואָרן.

— ליינקס — טראַכט די בּלאָנדינקע — בּיי דעם וואַסער־טרינקען שפּילט מוזיק; לאָזט מען נישט אַריין! — עס פליהט אין דער נאָז אַ געשמאַק פון געבּרענטע און געקאָכטע קאַווע: „אומזיסט גיט מען נישט".

— ליינקס — טראַכט די בּרונעטקע איז דאָס גלאַנצענדיגע וואַסער'ל מיט די ווייסע שוואַנען, אַ מחיה, ווי זיי קומען צו, אַז מען וואַרפט זיי שטיקלעך זעמעל — האָבּ איך נאָך אַליין קיין אָנבּייסען נישט! — — רעכטס. ווייטער צוציהער, פאַרהאַן וואַסער מיט זאַפט, זי וואָלט גערן דאָס געטרונקען, נאָר „אומזיסט גיט מען נישט"... —

„אפשר וועט מען אַ מאָל געבּען", טרייסטען זיך בּיידע מיט אַ מאָל; זיי זענען דאָך שוועסטער! איילען זיך בּיידע אין מיטען גאָרטען אַריין, דאָס גערויש פון די גאַסען צושטויבּט זיך צווישען די טויזענדער בּלעטער פון בּרייט פערצווייגטע בּוימער און עס איז, דאַכט זיך, אַזוי שטיל, אַזוי שטיל...

און בּיידע ווילען זיך זעצען. און בּיידע ווייסען, אַז קוים וועלען זיי זיך זעצען, וועלען צוקומען „וואָנסעלעך מיט אויגעלעך" פלוידערן... גלאַט אַזוי פלוידערן, איז עס אַנגענעהם צו פלוידערן אויף דער פרישער לופט, קעגען די בּייטען מיט אַלערליי־פאַרבּיגע בּלומען... מען ווערט פון דער פרישער לופט ווי בּערוישט; פון בּלומען־ריח — פער'חלומ'ט און פון די זיסע רעד ווערט טיילמאָל אַזוי הײמליך אונטער לעפעלע פון האַרץ, — חאָטש עס פלאַצט בּאַלד ווי אַ זייפען־בּלאָז אָדער מען דערזעהט פלוצלונג עפּיס שרעקליכס און מען אַנטלויפט, האָבּען אָבּער בּיידע מורא, זיי זאָלען זיך ניט פערשמועסען און פערשפּעטיגען.

נעהמען זיך בּיידע אַראָבּ רעכטס, צום זייגער, און ווייל זיי זענען שוועסטער, טהוען זיי עס אין דער זעלבּער רגע און קלויבּען אויס די

זעלבע באַנק געגנענאיבער דעם ציפּערבלאַט און זעצען זיך אויף בײדע עקען — —

צי וועלען זײ צו זיך רעדען.

זײ הויבען אָן צו וואַרפען בליקען אויף זיך. נאָר אין דער זעלבער רגע קומען צו צווײ יונגע לײט, און זעצען זיך אין מיטען באַנק און דרע־ הען זיך אוים — אײנער אַ ברונעט צו דער בלאָנדינקע; דער צווײטער אַ בלאָנדין צו דער ברונעטקע...

צווײ פּאָרען פלוידערן...

און אַז דער װײזער קומט צו צו דרײ פיערטעל נײן, שפּרינגען בײדע שװעסטער אויף און אַנטלויפען.

די בלאָנדינקע פון מאָקאָטאָוו אַנטלויפט דורך דער ניעצאַלע צום שוואַרצען געסעל; די ברונעטקע פון שוואַרצען געסעל — דורך דער קראָ־ לעװסקאַ — קײן מאָקאָטאָוו...

זײ האָבען זיך נישט רעכט געזעהן...

אפשר אַ מאָל — אין שפּיטאָל אַ שטײנער, וועלען זײ זיך דערזעהן.

# ער און זי.

## (פארשפיעל).

(א גערטעל, אין הינטערגרונד א זומער=וואהנונג, די לבנה בעפרייט זיך פון אונטער א וואלקען, א בלאסער זילבערנער שיין לעגט זיך איבער דער סצענע).

ער. די בלומען האבען דיך דערשפירט, און גריסען דיך מיט וואהלגערוך...

זי (איראניש) אה...

ער. און די לבנה... זי שווימט ארויס פון אונטערן לייכטען וואלקען — זי שווימט דיר אקעגען...

זי. די לבנה איז א נאר, האט נאך היינע געזאגט...

ער. און יעדער נאר האט דאך זיין שכל, און ווייסט, וואס שעהן און גוט איז. ווי איהרע שטראהלען ציטערן איבער דיין צארט געזיכט, שמייכלען ארום דיינע פיינע ליפען...

זי. ביזט דיכטער געווארען!

ער. דאס וועט יעדערער ביי דיר ווערען. און עס איז קיין דיכטונג — איך האב דיך ליעב...

זי. (מיט א האנד=בעוועגונג צום הויז) געה זאג דער מאמען מיינער; זי וועט זיך פרעהען דערמיט. גאנצע נעכט שלאפט זי נישט; איך וואקס איהר אין גראהען צאפ אריין... שטעהסט נאך?

ער. איך האב מיך אן א מעשה'לע דערמאהנט!

זי. אויב עס געהער צו דער זאך, דערצעהל...

ע ר. עס איז אין גן עדן געווען —

ז י. איין אלטע געשיכטע —

ע ר. „און בלייבט אימער ניי", זאגט היינע.. און עס איז געווען נאך איידער מען האט אדם וחוה — די ערשטע מענשליכע פאר — פון גן־עדן פערטריבען און די כרובים מיט די שארפע שווערדען ביי'ם טויער געשטעלט...

ז י. זיי האבען פון אפעל נישט געגעסען און נישט געוואוסט וואס גוט און שלעכט איז?

ע ר. געגעסען —

ז י. און נאך נישט פערטריבען?

ע ר. (שמייכלענדיג) עס גערט עבען דער פראצעס — און אדם, נישט וויסענדיג פון קיין בעז, שפאצירערט רוהיג ארום אין די אלעען פון גן עדן און דערזעהט א שעהנעם אפעל אויף א בוים —

ז י. וויטער איין אפעל!

ע ר. און אויך א שעהנער, א פערגלוסטונג פאר די אויגען, ווי די ביבעל וואלט געזאגט; צארט גערויטעלט, ווי דער פרישער מארגען...

ז י. געפעלט ער איהם?

ע ר געוויס. ער בעקומט א פול מויל מיט וואסער און עפיס א מין צוויקען אין דער געגענד פון הארץ —

ז י האט ער'ן אפגעריסען?

ע ר. אין גן עדן רייסט מען נישט. ער האט געבעטען! ער האט זיך אבגעשטעלט ביים בוים, פיין געגריסט און געבעטען: בוים, גוטער בוים, שענק מיר דיין אפעל, איך וויל איהם עסען!

ז י. און דער בוים האט־אפגעזאגט.

ע ר. ניין! ער האט נאר א בעדינג געשטעלט: אדם, גוטער אדם, האט געענטפערט דער בוים, דו קענסט דעם אפעל האבען, נאר מיט מיר צוזאמען. דו קענסט איהם עסען, נאר מיר אויך צוזאמען, מיך אין גאנצען... דעם אפעל, די בלעטער, די צווייגען, דעם שטאם, זאגאר די ווארצלען אונטער דער ערד און מיט'ן שטויב אויף די ווארצלען!

ז י. הא־הא־הא!

ע ר. אדם האט אויך געלאכט. דער בוים דאך האט עס ערנסט געמיינט. „נישט מיט א מאל — האט ער איהם פערטייטשט, ביסט דו מחויב מיך אויפצועסען, נאר מיט דער צייט, דורכ'ן גאנצען לעבען.

מיך עסען מוזט דו יעדען טאג, יעדע שטונדע, יעדע מינוט, יעדע סעקונדע — אהן אויפהער —

ז י. און ער?

ע ר. ער האט שוין געוואוסט, וואס גוט און וואס שלעכט איז!

(פויזע).

י. איך האב מיך אויך דערמאהנט אן א מעשה׳לע...

ע ר. אויב עס געהער צו דער זאך, דערצעהל...

ז י. נישט אין א עדן איז עס געוועזען, נאר אויף אין עהנליכען פלאץ אין אורוואלד! און נישט מיט אדם הראשון איז עס געשעהן, נאר מיט אין עהנליכען צו אדם הראשון — מיט א ווילדען מענש. טאטואירט איז ער געוועזען, אויפ׳ן האלז צייהען פון פערשידענע חיות אנשטאט פערל, און אויפ׳ן קאפ — א קרוין פון פערשידענע פעדערן... אין דער האנד האט ער א פיילענבויגען געטראגען. איינמאל הויבט ער די אויגען אויף און דערזעהט, א פויגעל רעדעלט איבער זיין קאפ, א פויגעל, א פרעמדער מיט א גאלדענער פעדער — א פערגלוסטונג צו די אויגען, א גאלדענער מארגען-שטראהל... און די פעדער איז איהם געפעלען, ער האט זי צו זיין פעדער-קרוין געברויכט.

ע ר. האט ער׳ס געשאסען?

ז י. צו הויך און צו ראש איז דער פויגעל געפלויגען, ער זאל מיט דער פייל דערגרייכען...

ע ר. האט ער איהם א פויגעל-פאל געשטעלט?

ז י. ניין, ער האט געבעטען: פויגעל, פויגעל איך ברויך דיין פעדער... שטעל דיך אפ און איך וועל דיך שיסען. דיין קערפער וועל איך נישט בענוצען, נאר דיין פעדער, דיין שטראהלענדיג גלאנציגע פעדער —

ע ר. נו? —

ז י. ער האט נישט געענדיגט; דער פויגעל איז אוועק — (געהט ראש אב).

ע ר. דאס איז דאס פראבלעם...

# אַ ליעבֶּע.

(פּאָעמאַ).

1.

רויטע בעקעלעך, קלאָרע אויגעלעך, זיסע, שטילע חלומות. —
וואו זענט איהר?
א שטילע טויב האָט שטיל געלעבט אין אַ שטילען טויבען־שלאג.
אַ פרומע, שטילע טויב.
ליעבליך האָט זי געברומט די ברכה אין דער־פריה:
„וואָס דער טאַטע הייסט, וואָס די מאַמע הייסט און וואָס אלע
גוטע, פרומע לייט"...
און די קריאת־שמע ביי־נאַכט:
„נעם, ליעבהאַרציגער גאָט, ביז מאָרגען מיין זיסע נשמה צו
דיר...
„בעהאַלט זי איבער־נאַכט אונטער'ן פליגעל פון דיין גנאָד און שיק
זי מיר אָב אין דער־פריה דורכ'ן ערשטען בעסטען מלאך, ווער איך זאָגען
דעם טאַטען „גוט מאָרגען", דער מאַמען קושען די האַנד"...
א בליץ האָט אין שטילען טויבען־האַרץ אַריינגעטראָפען, און עס האָט
זיך צופלאַקערט...
און א ווילד פערלאַנגען האָט אויפגעפלאַמט אין דער שטילער
טויב:
איבער'ן בלאָהען לופטיגען ים זאָל קומען אויף מעכטיגע פליגעל
דער אָדלער צו שווימען; זי וועט איהם בעגעגנען מיט פרייד!
מיט אָדלער־קראַלען זאָל ער איהר שפּאַלטען דאָס יונגע האַרץ,

מיט׳ן אָדלער־שנאָבעל אויסטרינקען דאָס הייסע יונגע בלוט; זאָל ער שטילען זיין דורשט...

און זאָל ער אוועקשליידערן די רעשט, וואו ער וויל...

2.

דער טאטע פרעגט פערזאָרגט:

— טאָכטער, וואָס ביסט דו אַזוי בלאַס?

אונרוהיג קוקט ער מיר טיעף אין די אויגען אריין, — „וואָס פלאַטען זיי אַזוי ווילד”?

שטעהט צו די מאמע:

— ציִ האָסט דו, טאָכטער, ביי־נאכט פון שלאָף אַרוים געוויינט? פייכט איז צו־מאָרגענס דיין קישען געוועןן — וואָס האָסט דו פאר א חלומות געהאַט?

און לויף איך פון שטוב אַרויס, טרעפען מיר חבר׳טעס און רינגלען מיך אַרום. און טאנצען אַרום מיר, און בויערן מיך דורך מיט די בליקען:

— וואָס איז מיט דיר, גאָלדעלע געשעהן? וואָס ברענט אַזוי דיין אָטעם?

לייכטער איז צו בעהאַלטען פארפומעם פאר לייט, איידער איין אויפגעבליהט הארץ.

3.

אז איך וועל א מאָל האָבען א שטילע ליעב־האַרציגע טאָכטער, זוי מיין מאַמע האָט, איין איינציגע, — וועל איך זי נעמען פון צייט צו צייט אויף דער שויס און שטיל גלעטענדיג איהרע גאָלדענע לאָקען און טיעף קוקענדיג אין איהרע בלאָהע אויגען אריין, וועל איך איהר איינרוימען גוטע רעד, הארציגע שטראָף־רעד:

— ווילסט דו, טאָכטער, שפּאַצירען געהן און האָסט מיט וועמען, — געה!

נאָר געהן זאָלסט דו ביי־טאָג, אין שעהנעם העלען טאָג, ווען עס שיינט די זון... זאָל זי בעשיטען מיט גינגאָלד דיין קעפּעלע, דאַרפסט זיך פאר דער זון נישט שעמען, נישט פאָרכטען; געטריי און ערהרליך איז די זון.

נאָר היִט דיִך, טאָכטער, פאַר'ן כּשוף פון שטיִלע זומער-נעכט...
פאַר דער דיִנער ציִטעריג-ליִכטיִגער זיִלבער-נעץ, וואָס צושפּרייט זיִך אין דער שטיִלער לופט...

און אַ כּשוף-מאַכעריִן איז די לבנה, געפעהרליִך זענען איהרע מאַט-זיִלבערנע שטראַהלען... זיִס איז איהר ליִכט, ווי זיִסער וויין, און עס טריִנקט זיִך, ווי קיִהלען, זיִס-שמעקענדיִגען וויין, און עס בע-רוישט...

פּלוצלונג בליִהען פריִשע רויזען אויף אין הארץ און דיין אָטעם הויבּט אָן צו שמעקען.

פּלוצלונג הויבּט דיִר אָן אַ וויִרוואַר פון ליִכטיִגע שטערען צו טאַנצען אין מח און שטראַהלען דיִר פון די אויגען ארויס.

און דער קאָפּ ווערט שווער און זוכט זיך איין אַקסעל אָנצו-לעהנען, און אויפ'ן וועג טרעפט זיִך אַ ליִפּ מיִט אַ ליִפּ — — ניִשט אָבּ-צורייסען...

4.

איִך מוז שטעהן פאַר מיִר אַליין אויף דער וואַך, היִטען מיִך יעדע מינוט, יעדע רגע.

איִך מוז איינציִהען די פיִס, זיי ווילען אַלץ לויפען אין דער וויִיטער וועלט אַריין.

איִך מוז האַלטען פעסט די הענד בּיי די נעט פון קלייד, זיי ווילען חאַפּען שטערען פון היִמעל און וואַרפען אין דער וועלט אַריין.

און מוז די ליִפּען בּיִז צום בּלוט פערבּייסען, זיי ווילען אויסשרייען אַ בּשורה פאַר דער וועלט.

און מוז היִטען די פאַרהעגנגלעך איִבּער די טיִעף-בּלאָהע פענסטער-ליִך מיינע; שטורקאַצען ברענען אין זיי — אַ בּעשטענדיִגע איִלומינאַציע; אַ | אייבּיִגער יום-טוב אין הארץ!

5.

מאַמע, אַז דו בּיִסט דעם טאַטען'ס כּלה געווען, וואָס פלעגט ער דיִר זאָגען אונטער פיִער אויגען אויפ'ן שפּאַציר?

שעהן ביזט דו, מאַמע, געווען; דאָס ווייס איך. ווי אַ מלכּה זעהסט דו אויס היינט, אַ בת־מלכּה האָט דאָך מעהר כּשוף אין זיך!

גאָלדען גלאַנצט דיין זומער־טאָג. ווי האָט דיין פריהלינג׳ס פריה־מאָרגען געבליהט ? !

איך זעה דאָך, ווי ער קוקט אויף דיר נאָך היינט, מיינענדיק, איך זעה נישט.

נאָר דעמאָלט,—דעמאָלט, וואָס פלעגט ער דיר זאָגען?

וואָס פלעגט ער דיר זאָגען אין די זיסע שטילע זומער־נעכט, ווען די לבנה כּשופ׳ט און די זילבער־ליכטיגע נעץ ציטערט אין דער טיפער בלאָהער שטילקייט?

צי האָט ער דיר געזאָגט, אַז נישט לבנה און שטערען לייכטען איהם אויף זיין וועג, נאָר דיינע־טיעף בלאָהע אויגען?

און אַז איבער דער ציטעריג־זילבערנער נעץ איז דורכגעשוואומען אַ ריח פון בשמים, צי האָט ער דיר איינגערעדט, אַז נישט רויזען און ליליע שמעקען איהם, נאָר דיין ריינע נשמה?

און פאַר נאַכט, ווען עס צוגיסט זיך די זיסע שטילע קריאת־שמע פון די נעסטען אין די קרוינען פון פער׳חלומ׳טע בוימער, צי האָט ער דיר געזאָגט, אַז זיסער, פרימער און הייליגער קלינגט דיין איינציג וואָרט?

6.

מיט פלאַמענדיגע ליפען האָב איך מיך געלעגט, און אויפגעהאַפּט האָב איך מיך אין קאַלטען שווייס...

צווישען צוריסענע שטיקער וואָלקען, איבער נאַקעטע פעלזען און זידענדיגע ימים האָט מיך איין אָדלער געטראָגען, צווישען שטורם און ווינד.

נאָר אַליין האָב איך קיין פליעגעל נישט געהאַט און האָב מיך פון זיינע אויסגעגליטשט.

איך פאַל... וואָס נידעריגער און נידעריגער טראָגט מיך דער ווינד און שליידערט מיך, ביז איך בלייב הענגען ווי אַבשלום ביי די האָר אויף אַ צווייג פון אַ בוים, וואָס איז איבער אַ וואַסער געשטאַנען.

אויבען צווישען די צעריסענע וואָלקען פליהען אָדלער.

— „ראַטעוועט מיך, אייער חבר האָט מיך פערלוירען!“

זײ הערען נישט און פליהען זײער װעג.

און אונטען פליסט א געשרומפען װאסער; פון צײט צו צײט שװימט ארױס א בלאסער פיש, מיט קײלעכדיגע הונגער־אױגע און צושפרײט דאס מױל!

— װען פאלט זי אראב!

## 7.

איך ליעג מיט אפענע אױגען און װארט אױף דעם ערשטען שטראהל פון פרישען פריה־מארגען; איך בענק צו איהם, ער װעט מיר די שאטען פון הארץ פערטרײבען.

אין פענסטער ארײן קוק איך און איך װארט אױף א צײכען פון א נײ־געבױרענער זון, — פאר איהר װעלען די װיסטע חלומות אנטלױפען.

דער ערשטער קוש, װאס דער שטילער הימעל װעט געבען דער ערד, אײנגעהילט אין נעבעל און שרעק, װעט אױסלעזען פון שרעק מײן נשמה.

פון זאמען, װאס גאטס האנד װעט אראבלאזען דער פערשמאכטער װעלט, װעט ארױסבליהען פאר איהר דער נײער טאג, און פאר מיר — דאס נײע לעבען.

די ליפטען ציטערן, באלד װעט זיך הערען די בשורה:

— שרעק נישט, פערװאגעלטע ערד! דײן אױסלעזער, דײן חתן געהט צו דיר פון זײן חופה ארױס, זײנע אױגען שטראהלען און טרײבען פאר זיך די שלעכטע רוחות פון דער נאכט. אלע שרעקען פערשװינדען!

און האפענדיג צום טאג, ליעג איך שטיל און װײן.

## 8.

שטיל האב איך געװײנט, און נאר א מאמעס אײן אױער האט מײנע זיפצען דערהערט — איך פערנעהם שױן איהרע בארװעסע טריט.

די פארהענגלעך פערבױגען זיך. אט שטעהט זי, דאס בילד פון ליעבשאפט און רחמנות, און נעהמט ארום מיט'ן הארציגען בליק איהר צום טױט־דערשראקען קינד.

מיט שטילע, בארװעסע טריט קומט זי צו מײן בעט, זעצט זיך נע־בען מיר, לעגט מיר די האנד אונטער מײן האלז און ציהט מײן הײסען קאפ צו זיך אױף דעם שױם:

— ציִ איז ער עס ווערטה, טאָכטער? וואָס איז ער?

9.

אַ העלד איז ער, אַ שטימע פון אַ וועלט־בעצווינגער האָט ער; און ער זאָגט, אַז דאָס האָב איך איהם אָנגעזאָגט דאָס קול מיט זאַפט און קראַפט, ווי די געבענשטע זון גיסט די טרויבען אָן... איך מיט מיינע פערציטערטע ליפּען..

וועלטען קען ער שלייַדערן אין דער לופט; און די קראַפט, זאָגט ער, האָט ער פון מיר, פון מיר, וואָס איך בין אַזוי שוואַך.

ער האָט שוין, דערצעהלט ער, פערלאָשענע אויגען געהאַט, און איך האָב זיי איהם צוריק אָנגעצונדען און זיי לייַכטען ווי שטערען אין הי־מעל: און איך, מאַמע, זעה נישט צומאָל מיין וועג.

און פערוויסט איז שוין געוועזען זיין האַרץ; איך האָב דאָרט נייַע בלומען געפלאַנצט, און זיין אָטעם שמעקט מיט רויזען פון די העכסטע בערג, און איך, מאַמע, וועלק פון בענקשאַפט, ווי דאָס אָרעמסטע גרעזעל אין טהאָל.

איך האָב איהם די אויגען פון דאָס ניי נעעפענט, און ער זעהט די פערל, וואָס ליגען, נאָך נישט געפונען, אינ'ם אָבגרונד פון טיעפ־סטען ים.

און ער פיהלט צונד די בלומען, וואָס קיין מלאך האָט נאָך נישט געוועקט פון טיעפסטען שלאָף אין פערבאָרגענעם שוים פון דער ערד.

און הערען הערט ער דאָס געזאַנג, וואָס ערשט די שפּעטסטע דורות וועלען זינגען, דעם „הללויה" פון צייַטען, וואָס שווימען נאָך אין די נישט־געפאָרמטע נעבעל אונטער'ן כסא הכבוד, אויף וועלכע גאָט דער בעשעפער האָט נאָך קיין אויג נישט געוואָרפען.

קענסט עס פערשטעהן, מאַמע?!

10.

נייַן...

און דאָך לעגט זי איהרע ווייַסע הענד אויף מיין פערווירט קעפּעלע

— זי בענשט מיך.

פון די האַרציגע מוטער-אויגען פאַלען טרעהרען ווי טוי אויף מײַן דורשטיג-ברענענדיג פנים און קיהלען עם.

און איהרע טרײַע ליפּען ציטערן; זיי ווינשען מיר גליק.

מאַמע, מיך וואַרט ניט קיין שטיל, ליעב נעסט, אויסגעבעט מיט בלעטער און פוך און גלאַנצענדיגע שטיינדעלעך.

ער וועט ניט אַרויספליהען זינגענדיג-טאַנצענדיג און גאָט-לויבענדיג פון נעסט, זוכען פרישע ווערמלעך אין דער לופט פאַר זײַן געטרײַער „זי", וואָס זיצט איבער זײַנע היים-געליעבטע „קלײַנע" און וואַרעמט זיי.

אַיין „אָדלער-ווײַב" וועל איך זײַן.

ער וועט מיך אויסרײַסען פון דײַן שוים און אַוועקטראָגען ווײַט-ווײַט, צווישען שטורם און ווינד, איבער זידענדיגע ימים, ווילד-נאַקעטע פעלזען און וואָלקען, וואָס רײַסען זיך אויף זייערע שפּיצען און קאַנטען אויף צויטען...

און אַז ער וועט מיך פערליערען, מאַמע, וועל איך צוריק אין דײַן שוים אַרײַן ניט פאַלען

11.

— מאַמע!

— וואָס, טאָכטער?

— ער איז ניט פון די, וואָס לעבען לאַנג... נאָר פון די, וואָס קומען און פערשווינדען ווי דער בליץ...

ער איז ניט פון די, וואָס ווערען גראָה ערשט נאָך לאַנגע-לאַנגע יאָהרען; איבער-נאַכט ווערט אַזוינער גראָה, ווי די טויב.

ער איז ניט פון די, וואָס טרינקען דאָס לעבען פון גאָט'ס בעכער אַרויס פּאַמעליך און טראָפּענווײַז; ניט פון די, וואָס מעסטען די צײַט מיט'ן אומרוה פון שטאָדטישען זייגער: טיק-טאַק, טיק-טאַק — אַ טריט נאָך אַ טריט.

ער איז ניט פון די, וואָס ע ל ט ע ר ן זיך, און אַז זיי ווערען אַלט און דערזעהען מיט אָבגעשוואַכטע אויגען, אַז דער שוואַרצער שאָטען קומט זיי אַקעגען, פערקרימען זיי זיך פאַר גרויס רחמנות אויף זיך אַליין, אויף ווײַב און קינד און אויף אַלע שטאָדט-לײַט, און געהען אַהיים, שרײַבען צוואות, און לעגען זיך אונטערטעניג אין בעט אַרײַן, און זאָגען ווידוי, און דרעהען זיך איבער צו דער וואַנד.

ער איז פון די, וואָס פאַלען פלוצלונג, ווי שטערען פון הימעל אַראָב; פון די, וואָס ווערען אונטערגעשאָסען, ווי די ווילדע פויגעל אין וואַלד.

— פון היץ רעדסט דו, טאָכטער.

— פון היץ, מאַמע!

## 12.

נעם מיך שוין מיט, אָדלער.

רייס מיך אויס פון דעם טאַטענ'ס אָרעם, פון דער מאַמעס שויס.

איך געה מיט דיר.

איך געה מיט דיר צווישען ווינד און שטורם, איבער מצבות, איבער קברים, צווישען פערוואונדעטע, וואָס בלוטיגען אין פעלד.

און זייער קרעכצען וועט מיך נישט אָבהאַלטען; איך וועל מיך נישט אָבהאַלטען עטיצען א טראָפען וואַסער צו דערלאַנגען.

איך וועל ניט ציטערן פאַר די דונערן, וואָס צורייסען די הערצער אין די פינסטערע נעכט; מיט אָפענע שטאָלענע אויגען, אָהן א ציטער פון א האָר אין דער ברעם, וועל איך קוקען אַקעגען דעם בליץ

איך בין איין אָדלער-ווייב!

# גֶעה נִישְׁט מִיט מִיר.

(געֶדיִכט אִין פּראָזאַ).

געֶה נִישט מִיט מִיר, גאָלדעֶן, האַרציִג קִינד; טרויעֶריִג אִיז דעֶם אֵיינזאַמעֶן וואַנדעֶרעֶרס וועֶג...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און וועֶר אִיךְ שוואַך אַ מאָל —

און וועֶר אִיךְ שוואַך אַ מאָל, פוּן האַרץ־רײַסעֶנדיִגעֶר בּעֶנגשאַפט בּעֶפאַלעֶן, פוּן שמעֶרצעֶן בּעֶזיִעגט, און אִיךְ קניִע פאַר דיִר, און בּעֶט מיִךְ, מִיט נִישט מעֶנשליִכעֶ טרעֶרעֶן, בּײַ דיִר: קום! — נויג נִישט צוּ דײַן אויעֶר צוּ מײַן געֶבּעֶט.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

טרויעֶריִג אִיז דעֶם אֵיינזאַמעֶן וואַנדעֶרעֶרס וועֶג; פוּן טרויעֶר־ווײַדעֶן געֶהיִט, מִיט זײַעֶרעֶ שאָטעֶן אויסגעֶבּעֶט...

דעֶר הִימעֶל האָט זײַ אָבּגעֶשטויסעֶן, דיִ עֶרד האָט זײַ צוּגעֶצויגעֶן...

דעֶר שטראַהל פוּן העֶלסטעֶן, פוּן גאָלדעֶנסטעֶן טאָג, וואָס רײַסט זיִךְ דוּרךְ דיִ אֶבֶלים דוּרךְ, ווערט פוּן פרײַד און גלאַנץ בּעֶרויבּט, און אִיבּעֶר'ן וועֶג לעֶגט זיִךְ מִיעד און בּלײַך אַ טויטעֶר שטראַהל, אַ בּר־מנן — אַ שטראַהל!...

נִישט פאַר דיִר, גאָלדעֶן, האַרציִג קִינד, אִיז דעֶם אֵיינזאַמעֶן וואַנדעֶרעֶרס וועֶג...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

צווִישעֶן צווײַגעֶן און בּלעֶטעֶר פוּן דיִ אבלים, וואָס זעֶהעֶן קײַן הִי-

מעל נישט, וואו עס נעסטען קיין פויגעל נישט, — פערבענקען וועט זיך דיין נשמה צו זאַנג און קלאַנג...

אויפ'ן שאָטען־אויסגעבעטען וועג וואַקסען קיין בלומען נישט; אומזיסט וועט זיי מיט בענגשאַפט זוכען דיין אויג...

אָה, געה נישט מיט מיט מיר, גאָלדען, האַרציג קינד!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

לעש, קינד, די באַרמהערציגע פונקען פון דיינע אויגען אויס; אונהיימליך איז דעם איינזאַמען וואַנדערערס וועג.

טרויער־ווייַדען היטען איהם פון אַלע זייטען; נישט היימליך איז מיטער־נאַכט דאָס גערויש, וואָס שלאָגט זיך צווישען שווערע צווייַגען און בלעטער...

אַלט־פערשטומטע קלאָגען, וואָס דער הימעל נעמט נישט אויף... פלוכען און צייהן־קריצערייַ פון פערשטויסענע און פערשאָלטענע... מיטער־נאַכט וועקט זיך דאָס אַלץ און מישט זיך צוזאַמען מיט'ן יאָמער פון פערזינדיגטע נשמות, וואָס פלאַטערן אַרום, און זוכען און געפינען נישט קיין תיקון...

נישט פרעהליכער איז דער טאָג... דורך אַש פון פערברענטע, דורך שטויב פון צו קבר־ישראל נישט געקומענע, קוקט־דורך אַ רויטצאָרניגע זון...

נישט פאַר דיר איז דער וועג, גאָלדען, האַרציג קינד!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

געה נישט מיט מיט מיר, גאָלדען, האַרציג קינד; שרעקליך איז דעם איינזאַמען וואַנדערערס וועג.

שאַרבען־קעפּ וואַלגערן זיך איבער'ן וועג, שאַרבען־קעפּ וואַלגערן זיך אַרום אין זיינע שאָטען, שאַרבען־קעפּ פון לאַנג געשטאָרבענע און נישט בעגראָבען, און מיט הוילע אויגען־לעכער קוקען זיי אַרויס אויף דער וועלט און שרייען שווייַגענדיג: פאַר וואָס? פאַר וואָס?

און איבער קברים פיהרט דער וועג; איבער פערגעסענע דערנער־בעוואַקסענע קברים...

דאָס זענען די קברים פון די פער'עקשנ'טע מלאכים, וואָס האָבען אַ מאָל דעם כסא־הכבוד געשטורמט און דערנאָך, בעזיגטע און פון הימעל אַראָבגעשלייַדערטע, אומזיסט געזוכט פערגעסענעש און טרויסט אין דער

שוים פון ערד-געבּאָרענע טעכטער, בּיז זיי זענען אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט.

צוגענומען האָט זיי די ערד, נאָר פערצערהרען זיי קאָן זי נישט!

און, הער קינד! אָפט אין האַלבּער נאַכט שפּאַלטען זיך די קבֿרים, די פערגעסענע, דערנער-בּעוואַקסענע קבֿרים...

און זיי, די געוועזענע מלאָכים שטעהען אויף, געהען פון די קבֿרים אַרויס, שטעלען זיך אויס און קוקען מיט אַ בּרענענדיגען האַס אין די אויגען צום הימעל אַרויף, און הויבּען מיט גריזמצאָרן די פויסטען געגען כּסא הכּבֿוד אויף, און חאַפּען זיי בּאַלד צוריק צו די מיילער, און בּייסען די פינגער פאַר צער און שאַנד, — פאַר וואָס זענען די הענד אַזוי קורץ!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

געה נישט מיט מיט מיר גאַלדען, האַרציג קינד!

און בּעט איך דאַרום שאָקעל דיך אָב פון מיין געבּעט, ווי פון אַ גריגעם וואָרם, וואָס פאַלט דיר פון בּוים אַראָב אויף דיין בּרוסט!

דאָרט געהען-אַרום די שאָטען פון נאָך נישט געשעהענעס, פון נאָך נישט בּעשאַפענעס; אומרוהיגע שאָטען, וואָס רייסען זיך, קענען גאָרנישט ווילען, צו ליכט און לעבּען פאַר דער צייט, נאָך איידער ער האָט זיי מיט פלייש און בּלוט בּעקליידט.

לעבּענס-הונגעריג זענען די ווידערשפּענסטיגע גייסטער, און וועה איז דעם וואָס זיי טרעפען אויפ'ן וועג... זיי נעמען צו פון די בּאַקען די פאַרב, זויגען אויס דאָס ליכט פון די אויגען, און נאָגען אויס דאָס בּלוט פון האַרץ... לעבּענס-הונגעריג זענען זיי...

נישט פאַר דיר איז דעם איינזאַמען וואַנדערערס וועג...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

און ווער איך שוואַך אַ מאָל, פון שמערץ און בּענגשאַפט פערמאַטערט, און קניע פאַר דיר, און בּעט זיך רחמים בּיי דיר: קום, פערלאָז מיך נישט! — הער נישט מיין געבּעט!

לעש די בּאַרמהערציגע פונקען אין דיינע אויגען אויס; און די בּענגשאַפט, וואָס איך האָב פערזייעט אין דיר, רייס דיר ווי אַ דאָרן פון האַרץ אַרויס! זעה ווי צאַרטיג עס שפּרייט זיך איבּער מיר דער הימעלס-בּוינען...

גײה, קינד! זאָל דער דונער, װאָס װערט פאַר מיר געשמידט, דיך אומזיסט נישט טרעפֿען...

נישט דאָס האָט דײַן מאַמע, איבער דײַן װיעג געבױגע, דיר געזונגען!

נישט דעם װיסטען חלום האָבען לבנה און שטערען, אין די שטילע זיסע נעכט, דורכ'ן מײַדלשען פענסטער דיר אױסגעשפּינט!

גײה אין דײַן רוה אַרײַן, קינד!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

זעה, צאָרניג פינסטער בױגט זיך איבער מיר דער הימעל...

און פון צװישען די בױמער, אין פינסטערניש פאַר שרעק צוזאַמען־געדרוקטע, פינקעלט אַרוים דײַן הײם, דײַן זיס שטיל הײם!

מיט װאַרעמע בליקען װינקט זי צו דיר, צערטליך רופט זי דיך: קום! גײה אין דײַן רוה אַרײַן, קינד!

גײה, צאָרניגער נאָך װערט דער הימעל...

גײה אין דײַן רוה אַרײַן, קינד, לײג דיך... לעג צו דײַן קעפּעלע צום קישען און קריאת־שמע לײנען!

און הױב דײַנע שטילע זיסע אױגען צום הימעל אױף און בעט!

בעט, ער זאָל דיר אָבציהען דעם שװאַרצען װאָלקען, װאָס האָט זיך איבער דײַן יונג, אונשולדיג־בלױהעם הימעל געלעגט... אױסגעריסען זאָל װערען דער זאָמען פון אונרוה און בענגשאַפט, װאָס איך האָב מיט מײַן זינדיגער האַנד אין דײַן הײליג־שטיל האַרץ פערפלאַנצט...

און אָבגעהן זאָל דער שאָטען, װאָס דער פערבײַגעהענדינער אײנ־זאַמער װאַנדערער האָט אױף דײַן רײַן־געשטראַהלטע נשמה געװאָרפען. —

בעט, קינד! דיר איז דער הימעל נישט צאָרניג און װעט הערען דײַן געבעט..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

גײה נישט מיט מיר, גאָלדען, האַרציג קינד!

# דֶער שְׁטְרַאהְל.

(מעשה׳לעך).

## 1) דִי אָבְּטְרִינְצֶע.

און גאָט, וואָס וועט אייבּיג זײַן, איז שוין געוועֶן, און האָט אייבּיג זײַנע חלומות געהאַט. און מקוים און פֶערקֶערפֶערט פלֶעגֶען ווערֶען דִי חלומות, נאָר אויךְ בּאַלד פֶערלוירעֶן אִין דעֶר פִינסטעֶרנִיש, פוּן אָנגעֶשִיטעֶן תהו ובהו...

חלומ׳ט זיךְ גאָט אַ טהורם, שטעֶלט עֶר זִיךְ, דעֶר טהורם, אִין דעֶר פִינסטעֶר אויפ׳ן שפִיץ, און פאַלט, און פלאַצט, און צופלאַצט, און עֶס ווערט פון אִיהם אַש און שטויב און זײ צושפּרײטעֶן זיךְ אִיבּעֶרן אונעֶנדליכעֶן תהו ובהו.

און חלומט זיךְ גאָט אַ יַם, פאַלט עֶר אִין דעֶר פִינסטעֶרנִיש פון תהו ובהו פון געֶלעֶגנעֶר אַרויס, שלאָגט זיךְ אָן פעֶלזעֶן און בּעֶרג פון אַנדעֶרעֶ געֶטליכעֶ חלומות, און צעֶפאַלט אויף וואַלעֶן; די וואַלעֶן אויף וואַסעֶרלעֶךְ, אויף וואַסעֶר-צונגעֶן און וואַסעֶר-שטראַהלעֶן; קומעֶן ווינטעֶן פון נאָךְ אַנדעֶרעֶ געֶטליכעֶ חלומות, צעֶבּרעֶקלעֶן און צעֶיאָגעֶן זײ בּיז אֵיינציגעֶ טראָפּעֶן... קומעֶן שווערעֶ, שוואַרץ-דורשטיגעֶ נעֶבּעֶל און טרינקעֶן זײ אויס...

און די נידעֶר הויבּט זיךְ אִין דעֶר פִינסטעֶר אִיבּעֶר דעֶר הויךְ

און שלינגט זיי איין ... און וועלטען לויפען קעגען וועלטען, און שלאָגען זיך אָן, און פּלאַצען, און צופאַלען זיך אין די אָבגרונדען פון תהו ובהו, און פערשווינדען, גלייך זיי וואָלטען קיינמאָל נישט געווען, און איבער די חורבות פון איינגעפאַלענע וועלטען, גיסען זיך איבער די פינסטערע תהו-ובהו-וואַלען, און זיי לאַכען צו זיך, און שפּעטען פון בעשעפער און זיינע חלומות, און קראָהען — מערדער-געדאַנקען פליהען אויף די שוואַרצסטע פליגלען איבער שטיקער מפּולת פון איינגעפאַלענע חלומות, און שטעכען אוים וואו עס עפענט זיך אין דער פינסטערניש ערגיץ איין אויג און וויל שיינען ... און בעזע ווינטען יאָגען, קאָלערן זיך אין דער פינסטערניש, און פערשיטען מיט תהו-ובהו-אַש, וואו עס וועקט זיך און עס וויל אויפפלאַמען אַ פונק פון ווילען פון לעבען.

ביז גאָט האָט אויף זיינע חלומות רחמנות בעקומען און אַ טראַכט געטהון: זאָל זיין ליכט!...

און עס איז געוואָרען ליכט; פון זיך אויסגעשטראַהלט האָט ער עס, פון שענסטען חלום פון דער טיעפסטער נשמה אויסגעשטראַהלט ... געטליך ליכט.

און אין דער ליכטיגקייט האָט זיך יעדער בעשאַפענער חלום אויף זיין אָרט געשטעלט.

און אין דער פיינסטער אָרדנונג איז אַריבער אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און גאָט האָט דערזעהן, אַז עס איז גוט. נעבען גוטען אָבער האָט ער אויך דאָס שלעכטע דערזעהן; שאָטען געהען נאָך דעם ליכט... זיי איהם, דעם גערעכטען גאָט, באַנג געוואָרען אויף זיין, פון זיך זעלבסט אויסגעשטראַהלט ליכט. עס זאָל לייכטען דעם בעזען, ווי דעם גוטען. און ער האָט בעשלאָסען דאָס ליכט נאָר פאַר גוטע, נאָר פאַר צדיקים צו בעהאַלטען, זאָל עס זיין דער לוין פאַר זייערע מעשים טובים...

און דעמאָלט האָט ער די ליכטער אין הימעל בעשאַפען: די זון זאָל רעגירען ביי טאָג, לבנה און שטערען — ביי נאַכט, און די שטראַהלען, וואָס ער האָט געהאַט אויסגעשטראַהלט פון זיך, האָט ער צוריק גערופען — — —

און די שטראַהלען פליהען צוריק אין זייערע קוואַלען. נאָר איינער האָט זיך אָבגעריסען פון אַלע; איז אָבטריניג געוואָרען!

— די שלעכטע — האָט דער אָבטריניגער געטראַכט — זענען די אומגליקליכסטע. און אויב זיי ווערען אַצינד פון אַלע מיינע ברידער פער-

לאזט, וועל איך מיך, זיי צוליעב, אבזאגען פון הימעל און בלייבען ביי זיי...

און דער אבטריניגער שטראהל האט זיך ערגיץ אויף א שפיץ בארג אין דארן-שטרויס בעהאלטען. באלד האבען אויפ'ן שטרויס רויזען אויפגע-פלאטצט, און דערוויל — האט זיך דער הימעל צוריק פערשלאסען.

איינם האט דער שטראהל נישט געוואוסט, אז, נאהנט צו דער ערד, איז די לופט אזוי געדיכט, אז ער וועט זי נישט דורכדרינגען, אז ער וועט צו דער נידער קיינמאל נישט קומען... אז ער וועט בלייבען בויך געגוג הויך, און וועט קיינמאל די נידער נישט זעהן...

ווען ער האט זיך דערפון דערוואוסט, איז שוין צו שפעט געווען; איז דער הימעל געוועזן שוין פערמאכט, און אז ער האט, שטיל און פול חרטה, אנגעקלאפט מיט א ציטערדיגען פליגעל, האט איהם א רחמנות'-דיגער מלאך געענטפערט:

— געה! גאט וועט דיך דערזעהן און פערטיליגען, אבטריניגע איז ער נים מוחל...

און אראב איז צוריק דער שטראהל.

אין קיינער ווייסט נישט פון דעם פערלוירענעם שטראהל, פאר וועל-בען די הויך איז פערשלאסען און די נידער צו טיעף — און דאך חלומט מען פון איהם, בענקט מען צו איהם... הערצער פיהלען, — נשמות לעבצען — נישט וויסענדיג...

---

## 2) דער איינזאמער שיפער.

דעם בארג צו-פוסענס — פליסט פארביי א וואסער. און איבערן וואסער געהען שיפען, און פיהרען איבער פון לאנד צו לאנד — דעם פער-גליווערטען מענשען-שווייס און מענשען-בלוט, אין געשטאלט פון אלערליי, אויפ'ן ארט איבריגע סחורות. אויך מענשען שיפען זיך אפט איבער פון טריקעניש צו טריקעניש, פון לאנד צו לאנד... ווערט עמיץ מיעד פון לעבען אין איין לאנד, שיפט ער זיך איבער צום צווייטען. און, ווערענד א געוויסע צייט, דאכט זיך איהם, אז ער האט אנגעהויבען א ניי לעבען, א פריש לעבען... איין אנדערער האט, גערן אדער נישט גערן-ווילליג, אין וויים עס איז זיין נשמה בעפלעקט, שיפט ער זיך איבער צו נייע

שכנים, וואָס ווייסן נישט פון פּלעק, און ווען מיט די פינגער נישט טיימלען!

שיפן גייען איבער׳ן וואַסער, גרויסע און קליינע, נאָר אַלע פולע: פול סחורות. און אויך פול מענשן, וואָס קוקן מיט בענגשאַפט צום באָרט, וואָס זיי פערלאָזן, און מיט שרעקיגער האָפנונג צום באָרט, וואו אַהין זיי ווערן געשיקט. נאָר איין שיפל גייט איינזאַם, זיין קאַפּיטאַן איז אויך זיין איינציגער פּאַסאַזשיר.

וואו אַהין רודערסטו, איינזאַמער שיפער? וואו פירט דיין וועג?

דער איינזאַמער שיפער ענטפערט ניט; מיט דער צייט האָט מען אויפגעהערט צו פרעגן, צו גריסן... נישט היימליך האָט אויסגעזען דאָס לערע שיפל, נאָך ווייניגער דאָס פינסטערע געזיכט פון איינזאַמען שיפער און זיינע קאַלט-שטראַהלענדיגע אויגען, וואָס האָבן אָן בליצענדיגע מעסער דערמאָהנט...

און אַ גאַנצען טאָג רודערט דער איינזאַמער שיפער. און ערשט ביי נאַכט, ווען דאָס שיפל, וואָס האָט קיין איינציגען לאַמטערן ניט, ווערט איינגעהילט אין נעפּעל, שיפט ער זיך צום באַרג, אַנקערט אין שאָטען פון פעלזען אָדער געוויקסען, און רוהט פערשלוגגען מיט׳ן שיפל אין נעפּעל, ביז דער מאָרגענשטערן זאָגט אָן די בשורה פון אַ נייעם טאָג. אָבער רוהען רוהט דאָס שיפעל, נישט ער...

דער איינזאַמער שיפער ווייסט נישט פון קיין שלאָף; זיינע ברעמען פאַלען נישט צו; זיינע אויגען פערמאַכען זיך נישט...

ער האָט געאַנקערט. און אָט נעמט ער פון טאַש אַ גרויסען שליסעל אַרויס און עפענט די איינאיינציגע קאַיוטע אויפ׳ן שיפעל, דערנאָך — אַ קלענערען און שליסט אויף די איינאיינציגע זאַך אין קאַיוטע — אַ שראַנק.

און אַ פאָרצעלייענער טאַק — אַ פרויען-בילד בעוויזט זיך, מיט אויגען בלאָהע ווי דער הימעל. נאָר דער הימעל, וואָס איז פערכשופ׳ט געווארען אין זיי, איז אייביג ריין... ער קען זיך קיינמאָל נישט פערגעסען; ער האָט קיינמאָל נישט געבליצט — אַ פאָרצעלייענער טאַק. און פאַר איהם האָט זיך דער איינזאַמער שיפער אויף די קניען געלאָזט, די גאָלדענע שיכלעך פון קליין-פיסיגען טאַק געקושט, און דערנאָך דעם קאָפּ אויפגעהויבען, און מיט אַ שטיל און היים-פערגניגט געבעט אין די אויגען אַריין פון טאַק געקוקט...

רעב, רעב אויף! האָבּען זיך די אויגען געבּעטען. איך בּין אַזוי עלענד, אַזוי אַליין...

און אַז דער ערשטער מאָרגען־שטראַהל האָט זיך אַ גליטש געטהון איבּער'ן שטילען וואַסער־שפּיגעל — לעשט זיך איהם דאָס געבּעט אין די אויגען אוים, הויבּט ער זיך, זיפצענדיג, פון די קניען אויף; פערמאַכט — מיט'ן קליינעם שליסעלע דעם שראַנק, מיט'ן גרויסען — די קאַיוטע; און, מיט צוריק קאַלט־שטראַהלענדיגע אויגען אין פינסטערן פּנים, נעמט ער זיך צום רודער צוריק.

און אַזוי געהען פאַרבּיי טעג, מאָנאַטען, יאָהרען...

און איינמאָל — עס איז אַ טריבּער טאָג געווען — און דער איינזאַמער שיפער איז גראָד בּיים בּאַרג צופוסענס געשוואומען, האָט ער אויפ'ן רוקען פון בּאַרג אַ שטיל־שיינענדיגען גלאַנץ דערזעהן — ווי דער שמייכעל, פון וועלכען ער האָט געחלומט, און האָט פול בּענקשאַפט געוואָלט אַרויסרופען אויפ'ן אַלבּאַסטער־פּנים פון טאָק. און צו זיך געצויגען האָט'ס פּלוצלונג דער בּאַרג; נעהנטער איז ער צוגעשוואומען...

„בּאַרג אויף! בּאַרג אויף!" האָט אין איהם דאָס פערבּענקטע האַרץ ווי געשריען; און געדוכט האָט איהם, אַז ער העֶרט די שטימע פון אַ גוסס, וואָס רופט נאָך אַ זיכערער הילף... און דאָס ערשטע מאָל, נאָך טעג, מאָנאַטען, יאָהרען האָט דער איינזאַמער שיפער אין אַ טריבּען טאָג געאַנקערט, און איז אויפ'ן בּאַרג־רוקען אַרויפגעשפּרונגען, און האָט אָנגעהויבּען געהן...

און ער געהט. צווישען פעלזען און שטיינער שטייגט ער... שטיינער און שטיקער ערד קויקלען זיך איהם, רוישענדיג, פון אונטער די פיס, שטיינער שאַרפערע שניידען און פערוואונדען איהם די זוילען; ער דאָך שטייגט. און וואָס העכער, איז דער בּאַרג גרינער, לעבּעדיגער, פון וואָס העכער קוקען וואָס מעהר בּלומען אַראָב און גאָר הויך טאַנצט אַרום אַ שיין, ווי אַ געטליך בּאַרמהערציגער שמייכעל, און רופט... רופט, און דאָס האַרץ בּענקט אַזוי צום שמייכעל.. צום געטליך בּאַרמהערציגען שמייכעל ..

שטאַרק איז דער איינזאַמער שיפער געווען! און שטייגענדיג, האָט די קראַפט אין איהם געוואַקסען, און דאָס האַרציגע געוויין אין איהם האָט זיך, וואָס אַ מאָל מעהר, אין פרייד־אויסגעשרייען פערבּיטען...

און ער וואָלט דעם שפּיץ באַרג דערגרייכט, צום קוואַלען פון לעבען — צום שטראַהל געקומען, ווען נישט אַ קליינער געדאַנק, וואָס האָט איהם פּלוצלונג אויפגעבליצט אין געהירן:

— ווי ווייט בין איך שוין אָבגעגאַנגען פון איהר? ווי הויך בין איך שוין איבער י ע נ ע ר בענקשאַפט געשטיגען?

און ער האָט זיך אומגעדרעהט אויף אַ ווײַלע, און זעהט! —

ביים ראַנד פון שיפעל שטעהט זי — דער טאָק — די הענד אויס־געשפּרייט. אַ לײַטזעליג־פערקלערט־בעטענדיגער שמייכעל שימערירט איבערן אַלבאַסטער־ווייסען געזיכט, און אין די אויגען — אין די אויגען אַזוי פיעל בענקשאַפט, אַזוי פיעל וועה...

ווי אַזוי איז דאָס וואונדער געשעהן?

און צוריק אַראָב געהט דער איינזאַמער שיפער...

„דו ביסט פון מיר אַוועק — האָט זי איהם געזאָגט, און די שטימע האָט ווי פון אַ פיינסטער האַרפע געקלונגען — און אין מיר איז בענקשאַפט געבוירען געוואָרען, אַ וואונדערליכער שמערץ האָט זיך אויפגעוועקט אין מיר... און דאָס איז מיין נשמה געוואָרען! און אָט, זעה! איך לעב! לעב"! און היים־גאָלדענע שטראַהלען שפּריצען איהר פון אונטער די זיידענע ברעמען אַפער.

בעגליקט, האָט ער זי אין זיינע אָרעם געשלאָסען; מיט ברע־נענדיגע ליפען איהר שטערן מיט די בעוועגליכע שלעפען געקושט און מיט אַ גליק־פערשכורט־האַרץ צו איהר האַרץ־קלאַפּען זיך איינ־געהערט — — — אין די בלאָהע אָדערלעך, וואָס שפּרינגען אונטער איהרע שלעפען, זיך איינגעקוקט, ער קען פון זיי קיין אויג נישט אָבריַיסען.

— זי לעבט, זי לעבט! וויכצט דאָס האַרץ — — —

אָבער אין זיינע אָרעם האָבען זיך איהרע ליפען צוריק צוזאַמען־געצויגען און געשלאָסען... אויסגעלייטערט, ווי אַיין אייביג שטיל־בלאָהער הימעל האָבען זיך די אויגען... שטיל שטעהען די שלעפען... שטיל — דאָס האַרץ. אין זיינע אָרעם איז זי צוריק אַ טאָקעל געוואָרען... און ער האָט זי צוריק אין שראַנק פון דער איינאיינציגער קאַיוטע פער־שלאָסען! און איז געלאָפען באַרג אויף, אום נאָך אַמאָל זיך אומ־צוקוקען.

און פון דעמאָלט אָן האָט קיין שיפער דעם איינזאַמען נישט גע־

זעהן. קיינער האָט נאָך איהם נישט געבענקט; „אַ נישט הײמליכער געװעזען — פינסטערע בליקען געהאַט, איבער'ן װאַסער מיט עפּיס אַ שרעקיגען סוד געשװאומען"... „אונגליק ברענגט ער!" האָבען אַנדערע, װאָס האָבען שיף־ברוך געליטען, געמײנט — — —

צופוסענס דעם באַרג, אין שאָטען פון ציפּרעסען איז דאָס שיפעל פעראַנקערט... גרין מיט מושעלן אויסגעזעצט, פערװאַקסען... קײן פיש אין װאַסער מײד עס נישט; קײן מעװע אין דער לופט שרעקט עס ניט איבער... פויגעל נעסטען אין אַלע זײנע שפּאַלטען, און דער אײנזאַמער שיפער װאַנדעלט טאָג אויף טאָג; שטײַגט און נידערט, נידערט און שטײַגט — — — קומט ער העכער און דרעהט זיך אום — לעבט אויף דער טאַק, קומט ער אַראָב און שליסט זי אין זײַנע אָרעם — װערט דאָס װאונדער פערלאָשען... און עס רופט דער שפּין־באַרג!..

דער — װעט דעם שטראַהל ניט דערגרײכען.

---

### 3) דער אַלטער כּשוף־מאַכער.

אַמאָל איז אַ כּשוף־מאַכער געװעזען...

נאָר שרעקט אײך ניט, אַ גוטער געװעזען; נאָר צום גוטען האָט ער זײַן קראַפט גענוצט... דער װילען איז געװעזען אין איהם שטאַרק, דער שטאַרקער װילען שאַפט, און ער האָט נאָר מעשים טובים בעשאַפען... הונגעריגע געזעטיגט, דורשטיגע געטרענקט, טרעהרען פון אַלמנה־ און יתומים־אויגען געטריקענט... און די קראַפט האָט ער פון באַרג גענומען...

אַרויף האָט ער נישט געקאָנט, דאָס גוטע האַרץ קען אַלײן נישט געניסען פון גוטען! דאָס רחמנות אויף דעם, װאָס קװעלט און מאַטערט זיך אונטען אין טהאָל טרײַבט איהם... ער שטײַגט, װיעגט מיט די אויגען דעם געטליכען שמײכעל, װאָס שײַנט אויפ'ן באַרג־רוקען אין דער הויך, אין האַרץ אין דער נשמה אַרײַן; די נשמה װאַקסט, דאָס האַרץ װאַקסט, דער װילען װאַקסט, אָבער דאָס רחמנות װאַקסט מעהר פאַר אַלע, און ער לויפט אַראָב: „עס זאָל זײַן אין הײזעל ברויט"! — און עס איז געװאָרען ברויט! — „פון שטײן זאָל פאַרן פער'חלש'טען װאַסער

שפּריִצען", און אַ רעגענבויגען־פאַרביִגער וואַסער־שטראַהל שיִסט שוין אַרויף און צושפּריִצט זיך גלייך די שענסטע פּערל . . . ער האָט פון ווילען אַפילו שטעק־שיך פאַר שוואַכע און ביין־קליידער פאַר נאַקעטע געמאַכט . . . און מענשען האָבען געזאָגט ס'איז כשוף, און איהם האָט מען גערופען כשוף־מאַכער . . . פערבּרענט האָט מען איהם ניִשט; ער האָט גרויסע טובות געטהון!

אַרויף איז ער ניִשט — דאָס רחמנות אויף דעם, וואָס מאַטערט און קוועלט זיך אונטען, טרייבּט אַרויף און טרייבּט צוריק — און דעם קוואַלן פון לעבען האָט ער ניִשט געקאָנט דערגרייכען און איז מיִט דער צייט דעריִבער אַלט און יעדען טאָג שוואַכער געוואָרען . . .

און וואָס מאָל האָט ער ווענִיגער בּארג געמאַכט, טאָג אויף טאָג צו אַ קלענער הויך געשטיִגען . . . דער שאַפענדער וויִלען אין איהם איִז פון טאָג צו טאָג קלענער געוואָרען . . . ער האָט שוין קוים געקאָנט מאַכען ליימענע פּיִפּערלעך פאַר וויינענדיִגע קינדער . . .

אונ מענשען האָבען אָן זייער כשוף־מאַכער פערגעסען. מאַנכע האָבען איהם אויפגעהערט צו גריִסען: „עם האָט געמוסט זיין אַ שוויִנדעל!" יונגערע — האָבען געלייקענט, — מאַלע וואָס אַלטע דער־צעהלען . . .

אונ בּענקען האָט אָנגעהויבּען דער כשוף־מאַכער צו דער הויך, צו דער העכערער הויך, צום פּריִשען קוואַל'ן פון זיין קראַפט; נאָר שוואַכער אונ שוואַכער ווערט זיין לייב, מיִעדער די פיס . . . די רחמנות־פליִגעל, וואָס האָבען איהם געטראָגען, זענען מיִט יעדען טאָג קיִרצער געוואָרען . . .

— נייע פליִגעל דאַרף מען! זאָגט איהם דאָס פערבּענקטע האַרץ.

— נאָר די אונשולד קען זיי געבּען! ווייסט ער.

אונ דער אַלטער כשוף־מאַכער לאָזט זיך אַראָבּ זוכען די אונ־שולד . . .

ניִשט לייכט איז זי צו געפיִנען . . . איהר ווייסט ווי עס שטעהט היינט מיִט דער אונשולד . . . איהרע פּאַפּיִערען ווערען אויף קיין בּערזע ניִט נאָטיִרט . . .

„געווען, באַנקראָט געוואָרען" . . .

בלאָנדזיעט ער אַזוי . . .

איינמאָל קומט ער ערגיץ אויף אַ קליין ווילד־פּערוואַקסען בער־געל אַרויף, טרעפט ער אַ קליין דאָרפס־מיידעלע, וואָס פּאַשעט שוואַרצע ציגעלעך.

— פאַר וואָס דורכאויס שוואַרצע? — פרעגט ער זי זעהר מיט־ליידיג. פאַר וואָס געוועהנסט דו אַזוי יונג נאָך דיינע אויגען צום שוואַרצען?...

און שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, ענטפערט איהם דאָס מיידעל:

— מענש, טריבע אויגען האָסט'ו! מיינע ציגען זענען ווייס.

— אַלע?

— ביז צו'ם לעצטען! און ווייס ווי ערשט געפאַלענער שניי! בעשטעטיגט דאָס קינד. —

„דאָס איז די אונשולד אַליין” — טראַכט ער און נעמט זי מיט מיט זיך צום רוקען פון באַרג...

און זיי שטייגען...

— קינד, זאָגט ער איהר, וואָס העכער איז אַלץ לייטזעליגער דער שיין פון געטליכען שמייכעל... ווייסער זענען די ליליען, רויטער זענען די רויזען, בלאָהער און קלאָרער ריזלען די וואַסער־סטענגעלעך, העכער וואַקסען די בוימער, שעהנער און פרעהליכער זינגען די פויגעל צווישען די צווייגען.

און זי הערט מיט אַ גליקליך־גלויבענס שמייכעל. נישט וויסענדיג דערפון, האָט זי פליגעל, וואָס טראָגען זי, און ער האַלט זיך מיט אַ פערציטערטער האַנד אָן איהר שירץ און טראָגט זיך מיט...

— איך דאַנק דיר — זאָגט איהם דאָס האַרציגע קינד — פאַר דעם וואָס דו פיהרסט מיך אַרויף.. אַרויף צום געטליכען לייטזעליגען שמייכעל צום קלאָרען, ריינעם גליק...

און ער האָט שוין נישט די קראַפט געהאַט, זיך מודה צו זיין, אַז ער האָט נאָר דאָס וויסען פון דער הויך, און זי די פליגעל צו איהר — און דעריבער איז ער מיעד געוואָרען... און וואָס אַ טאָג עלטער און מיעדער. און אַז ער וויל רוהען און זי ווערט פון איהרע פליגעל ווייטער געטראָגען שלעפט ער זי איין...

פלאַמענדיגע מאָן וואַקסט אויפ'ן רוקען פון באַרג, ער רייסט דעם מאָן, צודריקט איהם אין דער פלאַכער האַנד, פיהרט זי איבער איהרע אויגען.

— ווי דו גלעטסט מיך! זאָגט זי דאַנקבאַר פאַר דער לאַסקע און שלאָפט איין... און ערשט ווען ער רוהט אויס וועקט ער זי דער־פרישט צום ווייטער געהן...

ער וועט נ י ש ט דערגעהן...

זי — ערשט ווען ער וועט פאַלען, ווען זי וועט זיין טוידטען קערפּער פערלאָזען... זי וועט'ן בעוויינען, פערגעסען און שטייגען...

---

## 4) די טויטע האַנד.

און נישט מיט אַמאָל מוז מען אַרויפקומען...

מען קען שטאַרבען און ניי געבוירען ווערען און ווייטער שטייגען... איהר גלויבט געוויס אין תחית המתים? „ער", וואָס איז מיט „איהר" געשטיגען, האָט געגלויבט! און „ער און „זי" שטייגען — די ליעבע טראָגט זיי צו פרייד, צו ליכט, צום געטליכען שמייכעל אויף די גאָלדיגסטע פליגעל... אויפ'ן באַרג־רוקען דורך אַ צווינגטען וואַלד שטייגען זיי, זינגענדיג מיט די פויגעל, וואַקסענדיג מיט די בוימער, בליהענדיג מיט די בליטען...

איינמאָל האָט ער זי פרעהליך געלאָזט, און, צוריק קומענדיג, מיט אַ טרעהר אין אויג געטראָפען...

— וואָס איז? פרעגט ער, אויסקושענדיג איהר די טרעהר.

— איך האָב מיך מיט אַ שרעקליכען סוד געטראָפען...

זי שפּאַרט אָן דעם גאָלדענעם קאָפּ אויף זיין שויס, הויבט צו איהם די טיעף־דערשראָקענע אויגען אויף, און דערצעהלענדיג, ציטערן איהר די ליפען.

— איך האָב אַ בלאַט אין וואַלד געטראָפען, אויף דער ערד, צווישען גראָז איז עס געלעגען, און אַ גאָלדענע זוים האָט עס געהאַט...

— ווי גאָלדען־שיין דו ביזט, בלאַט! האָב איך מיך צו איהם אַראָבגעבויגען.

— און שטיל זיפצענדיג, אַז מיין אויער האָט קוים קוים געהערט, האָט מיר געענטפערט דאָס בלאַט:

— גאָלדיג איז דער בלעטער־טויט... אַזוי שטאַרבען מיר...

— וואָס איז ט ו י ט? וואָס איז ש ט אַ ר ב ע ן?

— איך ווייס נישט — ס'אַ סוד... אונזער גאָלדינער, שרעקליך גאָלדינער סוד, וואָס שלינגט אונז איין...

און איין אָטהעם פון אַ לייכט ווינטעל האָט'ס פּלוצלינג אַוועקגעטראָגען... וואו אַהין?

ער שווייגט.

— איך געה ווייטער — אַ וואונדערליכע שטונדע געווען — היפּט אַ פויגעלע פון מיינע פיס, צווישען גראָז היפּט עס.

— פויגעלע, פויגעלע, פאַר וואָס פליהסט'ו נישט?

— כ'האָב מיר אַ פליגעל פערוואונדעט! ענטפערט עס נאָך פיעל טרויעריגער פאַר'ן בלאַט...

— וואָס שמאַכסטו? טהוט עס דיר אַזוי וועה?

— ניין, נאָר דער ווינטער קומט, די מיינינגע ווילען אַוועקפליהען, איך איינער וועל דאָ בלייבען און פערגעהן!

— וואָס איז פערגעהן?

— אַ סוד... עפּיס אַ ווייסער סוד.. דאָס ווייסט קיין פויגעל נישט... אָבער עס שלינגט אונז איין דער ווייסער סוד. און ער היפּט פון מיר אַב...

ענג איז מיר געוואָרען אין דער ברוסט, און דיך בין איך געגאַנגען זוכען... און בין פון וואַלד אַרויסגעקומען... אַ שטיק פעלד דערזעהן... עס וויעגען זיך די זאַנגען. גאָלדענע זאַנגען אַזוי שטיל, אַזוי טרויעריג שטיל...

— וואָס טרויערט איהר, גאָלדענע זאַנגען?

— פאַרטיג זענען מיר, פאַרטיג און זאָגען ווידוי, גרייטענדיג זיך צום טויט!

— וואָס איז טויט?

— אַ סוד... אַ שרעקליכער סוד — אויף אַ בלאַנק שנייד־מעסער אַ בליצענדיגער סוד... אונ דעריבער שרעקען מיר זיך אונ טרויערן...

— ליעבער! — כאַפּט זי איהם אָן ביי דער האַנד — רעטע אונזער ליעבע און דאָס שענסטע און בעסטע פון וואַלד.

— ווי אַזוי, קינד?

— אַ פעסטונג זאָלסט'ו געגען ווינטער בויען... איין אונגעהייער פעסטונג. אַ אונגעהייער צימער פון דורכזיכטיג גלאָז... און ווייט און ברייט זאָל אונזער פעסטונג, אונזער ליעבע־שוץ אונזער הייליגקייט זיין;

מען זאָל קיינמאָל מעהר, ווי איין וואנד נישט זעהן... אין דער מיט קיין איינציגע... עס זאָל קיין געפענגניס נישט זיין... און אהין וועלן מיר דעם „סוד" נישט אריינלאָזען, ער זאָל אונזער ליעבע און געליעבטע נישט איינשלינגען?

נישט איינזאם וועל'ן מיר זיין... אלץ וואס גוט איז אונ שען וועל'מיר רעטען, צו זיך אין הייליגטום נעמען... די שענסטע בוימער, די שענסטע בלומען, די זינגענדיגע פויגעל... אלע, אלע!

— קינד — ארום הייליגטום וועט געהן דער טויט, און זיין אָטהעם וועט אלץ פערסמען אויף טויט... עס וועט קיין ריכטיג לעבען נישט זיין, נאָר עפּיס ערגערס פאר'ן טויט! — א געפאנגענער וועט זיין דער פויגעל, אונ גוסענדיגע ליעדער זינגען... שטארבען וועט דער בוים... אייביג קראנק וועט זיין די בלום... און א בלאסער, קרענקליכער שאָטען, וועט זיך ארומדרעהען אונזער ליעבע צווישען טויטע; און פאלש וועט קלינגען אונזער וואָרט, פאלש יעדער קוש... ווער עס וויל לעבען, מוז שטארבען!

פערגעהן אונ אויף-ערשטעהן!

— אלע שטעהען אויף?

— די וואס גלויבען!

— דו גלויבסט?

— איך גלויב! אונ דו?

— איך גלויב אין ד ע ם, וואס דו גלויבסט...

מיט שטראהלענדיגע אויגען זאָגט ער איהר:

— שטארבען איז נאָר איין העלפט פון סוד: אויף-ערשטעהן די צווייטע... אונ וויפיעל מאָל שטארבען אונ אויף-ערשטעהן מען האָט אונז ביז'ן שפּיץ בארג — ביז צום ריינעם געטליכען ליכט בעשערט, דאס קען מען ניט וויסען... עס ציהט זיך א גאָלדענע שנור; וויפיעל מאָל א פערבאָרגענע האנד וועט זי איבעררייסען אונ צוריק פערקניפּען — דאָס איז א ו י ך א סוד — דער ג ר ע ס ט ע ר סוד...

איהרע אויגען טרענקען פערטרויט אין זיינע — אונ זי הערט זיך איין.

— א קבר וועל'ן מיך זיך גראָבען, דאס הייליגטום, דעם איבער-גאנג פון איין זייט סוד צו דער צווייטער... דאָרט וועל'ן מיר רוהען, בעדעקען, שיצען און וואַרעמען וועט אונז דער שניי, דער ווייסער,

קלאָרער שנײ, וואָס איז ווײַס און קלאָר ווי אַלע געטליכע סודות זענען... און שלאָפן וועלן מיר, רוהיג שלאָפן... רוהיג שלאָפן די, וואָס גלויבן... דער גלויבן אין אונז, — דער גלויבן אין אויף־ער־שטעהן, — דער זאָמען פון נײ־געבוירען ווערען, פון אויפלעבען אויפ'ם נײ, וועט אין אונז נישט שלאָפן... שטיל וועט ער געדײַהען... שטיל וואַקסען, וואַקסען, און וועט אַרויסשפּראָצען אַלס אַ נײַ געפליגעלט לעבען...

לאַנג האָט ער גערעדט, לאַנג! — זי גלויבט, נאָר אונטערן גלויבען אין זײַנע רעד נאָגט אַ וואָרעם. „זײַן גלויבען איז זײַן אײגענער, מײַנער איז נאָר אײַן אָבגלאַנץ פון איהם — וועט ער נישט אויף־ערשטעהן אָהן מיר“?

זי פערהעהלט עס דאָך פון איהם, און מיט צוטרויען הערט זי ווײַטער זײַנע רעד:

— און אַז ער, דער ערשטער שטראַהל פון דער זון, וועט דורך־דרינגען די ערד, וועט זיך וועקען אונזער אויג, וועט זיך אויפהויבען אונזער ברעם... און אַז דער ערשטער טריל פון אַ צוריק־געקומענעם, אויף די פליגעל פון היים־וועה געטראָגענעם־פויגעל וועט דורכקלינגען אין דער לופט, וועט ער וועקען אונזער אויער... און אַז פון געט־ליכען גנאָד וועט אויסשפּראָצען די ערשטע פריהלינגס־בלום, וועט אויפבליהען אונזער ליעבע, און וועקען אונזער האַרץ, און מיר וועלען אויף־ערשטעהן...

— איך גלויב! זאָגען איהרע קוש־דורשטיגע ליפּען — און אַ געדאַנק פליהט איהר דורך דעם געלד־פערהאָרטען קאָפּ:

— איך וועל מײַן האַנד אויף זײַן האַרץ לעגען, ער וועט אָהן מײַן וויסען נישט אויף־ערשטעהן!

און אַזוי איז געשעהן...

נישט אײן ווינטער איז אַריבער, נישט אײן פריהלינג איז גע־קומען... עס דרינגט דורך דער ערשטער שטראַהל, ער הויבט די ברעמען אויף; עס טרילערט דער ערשטער פויגעל אין דער לופט, עס עפענען זיך זײַנע אויערן... די ערשטע בלום שפּראָצט אַרויס, די ליעבע וועקט בײַ איהם דאָס האַרץ, נאָר פרײַ אויפאָטהעמען קען דאָס האַרץ נישט — אַ טויטע האַנד ליעגט אויף דעם האַרץ, אויפלעבען קען עס נישט...

מיִט אָפּענע אויערן אונ אויגען ליעגט ער איבערן זומער. ווינטער פערדעקט זיי צוריק דער שניי... שלאָפט ער טיעפער איין...

---

## 5) פויגעל

מאַנכע, ס'מעהרסט צופעליג, דערגרייכען דאָך דעם שפּיץ פון בארג...

איינער — נאָכיאָגענדיג אַ האָז, אַ צווייטער נאָכלויפענדיג נאָך אַ זומער-פויגעלע... אַ שכור, זאָגט מען איז אַמאָל אויף אַלע פיער ארויף... נאָר די קומען נישט צוריק אַראָב...

די צופעליג-אַרויפגעקומענע ווערען אין זינגענדיגע פויגעל פער-ביטען, בויען זיך נעסטען אין די צווייגען פון די העכסטע בוימער און — זינגען — פאַר זיך, נאָר פאַר זיך!

אין חלום הערט זיך אַמאָל זייער געזאַנג, — ווי פון די ווייטסטע וועלטען קומט עס...

# עס זענען קיין וואונדער געשעהן.

א פאעמא אין פראזא.

אה! וויסטע, טויב-שטומע נעכט, נעכט אהן חלומות, אהן שלאף, אהן טרייסט...

פון זיין שטראהלענדיגער ציערונג בערויבט, ליעגט מיעד אויס-געשפרייט דער בלאס-גרויער הימעל; אין אייגענעם, אויסגענעפעל-טען שווייס האט זיך איינגעהילט די ערד, און אין דער לופט שוועבט די אונפרוכטבארע מיעדקייט פון גאט און לייט, פון וועלט און בע-שעפער!

דורך פערדרעהטע צווייגען פון פערקריפעלטע בוימער קוקט צו מיר אריין די אונפרוכטבארע, טויב-שטומע נאכט; מיט די וואסעריג-גרויע אויגען זויגט זי מיר אויס דעם לעצטען טראפען ווילען...

פייכט און קאלט הויכט זי אויף מיר, און א פייכטע קעלט צעגעהט זיך אין אלע מיינע גליעדער; איך פריר...

איך פריר ביז'ן מארך אין די ביינער, ביז'ן לעצטען טראפען בלוט אין הארץ...

נעם, אלטע פערפרוירענע נשמה, א פייער-טאפ, נעם און געה פון הויז צו הויז, פון טהיר צו טהיר, און בעט א פונק פייער... א פונק פייער זיך צו דערווארעמען.

---

מיעד בין איך, שטערבליך מיעד. נישטא מיט וואס און נאך

וואָס צו לעבען... און שטאַרבען קאָן איך נישט: מיט וואָס וועל איך קומען אהין?..

מיעד בין איך, שטערבליך מיעד, און דאָך בין איך אַמאָל שטאַרק געוועזן — גאָטס גענאָד האָט אויף מיר געשטראַהלט...

נאָר פערזינדיגט האָב איך מיך און די קראַפט פערלוירען, און פערשלאָסען האָט זיך פאַר מיר דער הימעל און וועט מיר שוין נישט אויסשטראַהלען קיין נייע קראַפט...

אַ גאָלד־געלאָקטער, פון גאָט געזאַלבטער קעניג בין איך אַראָבגעקומען פון די הויכע בערג. — אַ בליצענדיגע קרוין אויפ'ן קאָפּ געהאַט, אַיין אויסגעשטראַהלטען מאַנטעל אויפ'ן לייב געטראָגען, מיט אַ גינגאָלדענער קעניגליכער האַרפּע אין דער האַנד — — —

איך בין אַראָבגעקומען און אַלץ אין דער נידער פערשוועגדט...

---

די גאָלדענע לאָקען זענען אַראָבגעפאַלען אין דלילה'ס פאַלשען שויס...

לילית האָט מיך מיט איהר כשוף אין איהר נעץ געפאַנגען; איך האָב איהר לויב געזונגען און צוגעשפּיעלט אויף דער גינגאָלדענער האַרפּע, און עס האָט געפּלאַצט אַ סטרונע נאָך אַ סטרונע...

אין פערכשופטע נעכט, אויף פערבליהטע זומפען, האָב איך מיט איהרע טעכטער רעדלעך געטאַנצט, און אינ'ם טאַנץ די קרוין פון קאָפּ אַראָב פערלוירען; און איינגעשלונגען האָט זי דער זומפּ.

אויף קרומע, פערלוירענע וועגען בין איך געגאַנגען, און די דערנער אויף די קרומע, פערלוירענע וועגען האָבען מיר דעם קעניגליך־אויסגעשטראַהלטען מאַנטעל פון לייב אַראָבגעריסען; צוויטען־וויז, פעדעם־וויז...

אָה! נעכט אָהן חלומות, אָהן שלאָף, אָהן טרייסט...

---

גאָט האָט מיר אַ ליכטיגע נשמה געגעבען, און איך האָב פון איהר גראָשענדיגע ליכטלעך געצויגען און אין לוסט־פאַרביגע גערטען־לעמפּלעך אַריינגעשטעלט, און פערברענט די ליכטיגע נשמה!

דאָס גאָלדענע האַרץ, וואָס איך האָב פון זײַן ליבען־נאָמענס האַנד בעקומען, האָב איך צולאָזט, אויף קלײַן געלד צעמינצט, קראַנקע שמײַכעל אויף געשמינקטע פּני׳מער אײַנגעקויפט — און פערשווענדט דאָס גאָלדענע האַרץ...

אַנ׳אויסגעלאָשענער פלאַקער בין איך און דער הימעל האָט זיך מיר פערשלאָסען און וועט מיר שוין נישט אויסשטראַהלען קײַן נײַע ליבט, קײַן נײַע קראַפט...

צום געבעט פון אומרײַנע ליפּען, וואָס האָבען לילית׳עס לויב געזונגען און איהרע טעכטער געקושט, וועט גאָט נישט צונויגען זײַן אויער...

מיעד, שטערבליך מיעד ליעג איך.
נישטאָ מיט וואָס און צו וואָס צו לעבען...
און שטאַרבען קאָן איך נישט; נישטאָ מיט וואָס אַהין צו קומען.

מען וועט מיך פרעגען: וואו זענען דײַנע גאָלדענע לאָקען און די קרוין אויף זיי? דײַן אויסגעשטראַהלטער מאַנטעל וואו איז? פאַר וואָס האָבען געפּלאַצט די סטרונעס אויף דײַן קעניגליכער האַרפע, מיט וועלכע מען האָט דיך אַראָבגעשיקט?

אָה, די נעכט אָהן שלאָף, אָהן חלומות, אָהן טרײַסט!

---

ווי אַ בר־מינן, וואָס זוכט זײַנע פערלוירענע נעגעל אויף, זוך איך די שטראַהלען פון מײַן פערלוירענער קראַפט...

מיט צעשויבערטע האָר אויפ׳ן קאָפּ, מיט פרעמדע אויסגעבעטעלטע קלײדער אויפ׳ן לײַב, מיט אַנ׳אויסגעדאַרטען וואַלד־שטעקען אין דער ציטערדיגער האַנד, וואַנדער איך און זוך מײַן געוועזען שטראַהלענדיג גליק, און געפין נישט...

מיעד, שטערבליך מיעד וואַנדער איך! פון געדאַנקען ווי פון רויב־פויגעל געיאָגט...

איבער באַרג און טהאָל וואַנדער איך; איבער פעלד און וואַלד, אויף לאָנקעס און בײַ ברעגען פון טײַכען — טאָג אויף טאָג, טאָג אויף טאָג, און זוך אומזיסט...

צום ניעררינגען גראָז בויג איך מיך אַראָב, — זאָל איך חאָטש אײַנס

דערקענען, וואס האט אויסגעשפּראָצט פון מיין הארציג בלוט — און דערקענען נישט... און דאָך האָב איך אויף די לאַנקעס אויסגעטריפט מיין הארץ!

אויף וואסער־שפּיגלען קוק איך און קוק מיר די אויגען אויס...

טויזענדער גלאַנצען קאָלירען, וויקלען זיך, פלעכטען און טאַנצען, שפּילענדיג אויפ'ן בלאַנקען וואסער־שפּיגעל, —— קיין איינציגער גלאַנץ פון מיין נשמה שמייכעלט מיר נישט אַקעגען; און דאָך האָב איך אויף דעם וואסער־שפּיגעל מיין נשמה אויסגעהויכט...

נישט מיינע פארבען טראָגען די בלומען אין פעלד...

און הויב איך די אויגען צו די בוימער אויף, פליסט מיר קיין איינציגער טאָן פון מיין געבענשטער הארפע פון זייערע צווייגען נישט אַרויס...

און די דערנער, וואס איך פרעג אויף צויטען און פעדעם פון מיין קעניגליך־אויסגעשטראַהלטען מאַנטעל, לאַכען מיך אויס שטעכענדיג: צויטען און פעדעם פון אַנ'אויסגעשטראַהלטען קעניגליכען מאַנטעל זוכט ער, דער בעטלער!

---

נישט פריינדליך איז מיר דאָ די ערד!

וואו איך קום, דערקען איך: דאָ איז אויף אַ ווײַלע מיין היים געווען... דאָ האָב איך געבלוטיגט און געשטראַהלט. נאָר די ערד האָט מיך קיינמאָל נישט גערן געהאַט און האָט מיר גאָר נישט בעהאַלטען!

קיין איינציגען טראָפּען בלוט פון האַרץ, קיין איינציגען שטראַהל פון מיין נשמה, קיין קלאַנג פון דער קעניגליכער האַרפע, קיין פאָדעם פון מיין קעניגליך־אויסגעשטראַהלטען מאַנטעל... און די קרוין האָט זי מיר איינגעשלונגען...

די שמעקענדיגע בלומען, וואס איך האָב אויף איהר פרוכטבאַרען שוים געשפּרייט, האָט זי, די שטיעף־מוטער, נישט גענעהרט; נישט אויסגעשפּראָצט זענען מיינע בלומען...

אייפערזיכטיג איז די ניעדער...

אויף איהר זילבער־גלאַנציגען מאָך־געלענער האָב איך גערוהט און פרעמדע חלומות געהאַט; צו די ווייטע, אין נעפעל איינגעהילטע בערג

געבענקט... אונטער איהר הימעל האב איך געוואנדערט, און דאך האבען מיך פרעמדע שטערען געפיהרט...

נישט היימליך איז מיר דא די ערד...

און איהרע קינדער און שטיעף־קינדער זענען מיר פרעמד...

ווען איך בעגעגען אויף מיין וואנדער־וועג, קוק איך מיט באנגשאפט און פערציטערטער האפנונג אין די אויגען אריין — קאלט און פרעמד זענען זיי מיר...

קיין איינציגער שטראהל פון א ברידערליך־הארציגער נשמה, וואס זאל אין מיר צוריק אנצינדען דאס פערלאשענע ליכט...

קאלטע, פרעמדע אויגען!

נישט מיין פרייד, נישט מיין לייד, גאר נישט פון דעם, פאר וואס איך האב געליטען; גאר נישט פון דעם, צו וואס איך האב געהאפט...

מיעד, שטערבליך מיעד וואנדער איך, און זוך מיין פערלוירען גוטס, און געפין נישט...

און קיינער שטעלט זיך נישט אב, דעם ארעמען וואנדערער צו גריסען; קיינער שטרעקט מיר פריינדליך נישט אויס די האנד!

קיינער פרעגט נישט: וואו פיהרט, וואנדערער, דיין וועג?

פרעמד ביזט דו דא, טרויער און בענקשאפט פערנעפלען דיינע אויגען. צי לעבסט דו און לייךסט גלות, אבצוקומען פאר זינד, אדער טויט ביזט דו און וואנדערסט און זוכסט תקון פאר דער זינדיגער נשמה?...

קיינער וועט מיר נישט ווינשען:

לעבענדיג צי טויט, זאל דיך גאט טרייסטען, וואנדערער! מיט פרישע מאנדלען זאל אויפבליהען דיין וואנדער־שטאק!

און צוריק צו דער היים, אויף די הויכע בערג, אהן קרוין און מאנטעל, אין בעטלער־קליידער מיט דער פערשטומטער הארפע — קאן איך נישט...

---

אויף דער שמאלער גרענעץ צווישען וואלד און פעלד ליעגט זי און דרימעלט...

ווער איז זי?

פאַר וואָס האָבען זיך אָבגעשטעלט מײַנע פיס? פאַר וואָס איז שטיל געבליבען מײַן האַרץ?

אויף דער שמאָלער גרענעץ צווישען וואַלד און פעלד ליעגט זי און דרימעלט...

אויף איהר ווײַס־שטראַהלענדיגען מאַנטעל ציטערט מיט באַנגער ליעבשאַפט אַ נעץ פון ליכט און שאָטען, אויסגעשפּינט פון פערסוד'עטען וואַלד און געבענשטען פעלד..

ווער איז זי?

שוואַרץ איז זי און בלאַס, און וואונדער־שעהן — וועמעס ווײַן־גאָרטען היט זי, די שולמית?

קעניגליך־שטאָלץ און שטרענג איז געוועלבט די פעך־שוואַרצע ברעם, און ליסטיגע ליכט־פלעקען גליטשען זיך שפּיעלענדיג איבער איהר עבען־קרוין...

אַ ווילדער מאָן פון פעלד וואַרפט אַ הייסען גלאַנץ איבער איהר בלאַסען, הויכען שטערן; אַרום די האַלב־אָפענע ליפּען שוועבט אַ רעטעניש — אַ שמייכעל — טרויעריג און זיס!

מיט צוטרויען און ליעבע דריקט זיך דער שלאַנקער לײַב צום ווייכען, גרויען ערד־געלעגער, דאָך אונרוהיג, דאַכט זיך, הויבט זיך און פאַלט איהר ברוסט...

וואָס חלום'ט זיך איהר?

---

אויף דער אַלטער האַרפע ציטערט אַ נײַ־אויפגעשפּינטע סטרונע...

ציטעריג בליהט מיר אַ נײַע האָפנונג אין האַרץ — און עס וועקט זיך דער לאַנג געשטאָרבענער ווילען אין מיר: „זאָל זי די אויגען עפענען!" און מײַן ווילען איז געשעהן!

עס הויבען זיך די שווערע ברעמען אויף, און עס עפענען זיך גרויסע, גרויסע אויגען, מיט אַ שטאָלץ־פערוואונדערטען, האַלב־צאָרניגען בליק...

וואָס איך קוק אויף דיר?

ווער עס האָט מיר ערלויבט?

אָה, שטאָלצע! דאָס האָט מיך נאָך קײַן שטערן נישט געפרעגט,

און די זון, ווען איך פלעג איהר גלײַך אין די אויגען אַרײַן קוקען — אויך נישט!

צי איך ווײס, ווער דו ביזט?

איך ווײס!

דו ביזט די יאָהרען־יאָהרען־לאַנג געהאָפטע... אין די שטילסטע, טרויעריגסטע נעכט קוים אויסגעחלומ׳טע...

דאָס אין טרעהרען צעגאָסענע, אין בלוט צעגאַנגענע, פער׳יתומ׳טע הארץ האָט דיך אויסגעבענקט...

און אויף מײַן וואַנדער־וועג, אין דער פינסטערער נאַכט, ווען דער לעצטער וועג־ווײַזער אין הימעל האָט זיך פערלאָשען ווען דער לעצטער צײַכען פון גאָטס געדענקען איז פערשוואונדען האָט דיך אין אַנגסטען און טויט־שרעק מײַן נשמה קוים אויסגעבעטען, קוים אויסגעבעטעלט בײַ גאָט!

---

טרײַב מיך נישט אַוועק.

לאָז דעם מידען וואַנדערער דיר צופוסענס זיצען און ווי צו׳ן אַ הײליגער רײנינקײט צולעגען האַרציג און פרום די לעכצענדיג־צעפּלאַצטע ליפּען צו׳ם זוים פון דײַן קלײד.

איך וועל עס נישט בעפלעקען...

זינדיג בין איך... נאָר פאַר זינד־געפּאַרבטע פערלאַנגען איז דײַן קעניגליך־שטאָלץ און שטרענג געוועלבטע ברעם קײַן רעגענבויגען נישט...

אויף דײַן בלאַס פּנים דער שמײכעל איז דער אָבגלאַנץ פון רײנסטען בלויען הימעל אויף דעם אײביג־בליצענדען שנײ אויפ׳ן חרמון־באַרג אין הײליגסטען לאַנד..

כרובים מיט בלאַנקע שווערטער אין די הענד היטען דאָס טויער פון גן־עדן פאַר׳ן זינדיג־פערטריבענעם מענש; דער גלאַנץ פון זײער שווערט בליצט אין דײַנע אויגען...

לאָז דעם מידען וואַנדערער דיר צופוסענס זיצען און זינגען שטיל דײַן לויב...

---

קוק ניִשט. וואָס איִך בּיִן אַזוי שוואַך און מיִעד; אויף מײַנע צעריִסענע קלײדער קוק ניִשט; זאָל דיִך מײַן אָרעמער וואַנדערשטאָק ניִשט שרעקען...

גאָט האָט מיִר זײַן טרײסט געשיִקט.. עס קוועלט איִן מיִר פריִשע קראַפט; רויזען בּליִהען־אויף איִן האַרץ; די סטרונעס פון דער אַלטער האַרפע ציִטערן, ויעקען זיִך צו׳ם נײַעם הללויה... עס ציִטערט אויך מײַן וואַנדער־שטעקען איִן מײַן האַנד — ער וועט אָנהויבּען בּליִהען מיִט פריִשע מאַנדלען בּליִהען...

איִך בּיִן שטאַרק, איִך בּיִן רײַך!

פון די טײַכען איִן גן־עדן וועל איִך אָבּשוימען די פערל צו דײַן האַלז... פון אונבּעטרעטענע טיִעפסטע וועלדער וועל איִך דיִר בּרענגען זאַנג און קלאַנג... פעלדער און וויִזען וועל איִך בּערויבּען און די שענסטע בּלומען שטרײען פאַר דײַנע פיִס —— דעם כסא־הכבוד וועל איִך פון די טײַערסטע שטײנער בּערויבּען און דײַן פוסען־בּענקעלע ציִערען — —

איִך וועל דיִר וועלטען בּעשאַפען — — — —

ווער איִך בּיִן?

---

ווער איִך בּיִן, פרעגסט׳ו — —

וויִלסט מײַן נאָמען ויסען?

טויזענדער טראָגען איהם; דאַרפסט דו איינעם פון טויזענדער?

וואָס איִך בּיִן?

דאָס ווענדט זיִך: מיִט אָדער אָהן דיִר?

אָהן דיִר בּיִן איִך אַ צאַנקענדיִג לעמפּעל בּײַ אַ גוסס צוקאָפּענס, און פערדרײַבער מײַן לעצטען טראָפּען צו בּעשײַנען די העויות פון דער גסיסה;

מיִט דיִר בּיִן איִך אַ פלאַקער איִן ליִכטיִגען גאָטס האַנד. אַ פײַערדיִגער זײַל, וואָס פיִהרט איבּער סטעפּען צו׳ם הײליִגען לאַנד...

אָהן דיִר בּיִן איִך אַ חורבה פון אַ פערלאָשענעם מזבח, פון גאָט און לײַט פערגעסען... די ווינטען האָבּען שוין לאַנג זײַן אַש צע־שפּרײט... פערהונגערטע קראָהען שטעלען זיִך אָב אַמאָל און זוכען

שיריים פון אַלטע קרבנות, און געפינען נישט און פליהען אַוועק, און שילטען;..

מיט דיר בין איך אַ כהן־גדול אין קדשי־קדשים — מיט אַ גאָלדענער ווייהרויך־פאַן אין דער האַנד, אַ בליצענדער קרוין איבער'ן שטערן, די טייערסטע שטיינער אויף דער ברוסט, וועלט־האַרמאָניש קלינגען די גאָלדענע גלעקעלעך ביי'ם זוים פון מיין קלייד און, אין גאָטס וואָלקען י... יהילט, בעט איך פאַר דער פערזונגליקטער וועלט...

אָהן דיר בין איך אַ נעבאַלענער אַנ'אָבטריניגער..

פאַרביי איז געגאַנגען אַ העלדען־אַרמעע וועלטען חרוב צו מאַכען, נייע צו בויען; איך בין געוועזען איינער פון זיי, איינער פון די גרעסטע — און בין אויפ'ן וועג געבליבען... און איבערגעלאָזט האָבען זיי דעם שוואַכען... טייל — מיט אַ באַרמהערציגער טרעהר אין אויג, אַנדערע האָבען פאַר מיר נאָר שפייעכץ געהאַט אין מויל, נאָך אַנדערע האָבען מיך מיט די פיס אָבגעשטופט און זיך דעם וועג בעפרייט; — —

און וויל — האָב איך גאָטס שופר אין האַנד; בלאָז איך, קומען נייע, נאָך נישט־בעשאַפענע גבורים פאַר נאָך נישט־אויסגעטראַכטע וועלטען, שטאַרקע, פלאַמענדיגע, שטראַהלענדיג בעוואָפענטע, און זיי קניען פאַר מיר און בויגען פאָהן און געוועהר פאַר מיר איך זאָל זיי בענשען..

זעה! עס וועקט זיך די אַלטע האַרפע, דער וואַנדער־שטאָק ציטערט אין מיין האַנד אויפבליהען וויל ער... אַ נייַ לעבען וועקט זיך אין מיר; דרעה נישט אַוועק דיין געבענשטען קאָפּ פון מיר, איבערענטפער מיך נישט צוריק דעם טויט און זיינע שרעקען...

---

— וואַנדערער, איך פערשטעה דיך נישט!

פרעמד קלינגט מיר אין אויער דיין שטימע; איך פערשטעה דיין שפּראַכע נישט!

פון די הויכע, ווייטע, אין נעפעל איינגעהילטע בערג, קומסט דו, וואַנדערער; פון די בערג, וואו עס לאַרמט דער אייביגער קריג צווישען שטורמען און אָדלערן, קומסט דו; ביזט אָפשר איינער פון זיי, פון די

ברייט און שטאַרק געפּליעגעלטע; איך בין די שטילע שוואַלב פון טהאָל — און פערשטעה דיך נישט...

דײַנע ווערטער הער איך, און פערשטעה זיי נישט...

עס צאַפּעלט אין זיי אַ היים־פערבלוטיגט האַרץ — אַ פערבענקטע נשמה צעגיעסט זיך אין זיי — ווי רויטע בלוטיגע פלאַמען שוועבען זיי פאַר מיר אין דער לופט, זיי שרעקען מיך. נאָר איך פערשטעה נישט דײַנע לייד...

מיר זענען זיך אַזוי פרעמד, אַזוי פרעמד...

דו ביזט דער אָדלער פון די הויכע בערג; איך — די שטילע שוואַלב פון ניעדריגען טהאָל — וואָס האָסטו דו צו מיר?

און זי הויבט זיך אויף און געהט...

---

אַוועקגעגאַנגען איז דאָס רייניע, שטראַהלענדיגע קינד פון טהאָל — —

מיר צופוסענס האָט זי געלאָזט דאָס בליצענדיגע דיאַדעם, מיט וועלכען איך האָב איהר געבענשטען קאָפּ געקרוינט, און דעם אוים־געשטערנטען מאַנטעל, מיט וועלכען איך האָב איהר שלאַנקען לייב בעדעקט...

אַוועקגעפלויגען איז די ליכטיגע שוואַלב פון טהאָל..

---

זײַ בעגריסט!

זײַ בעגריסט, דו צוריקגעקומענע שטאָלצע. הײליגע אין זילבערנעס, שטיל־פערכשופטען אָבענד־גלאַנץ...

זײַ געבענשט!...

און געבענשט זאָל זיין דײַן אונפערהאָפט ערשײַנען אין דער זילבער־פליעסענדיגער געטליכער גנאָד!

אין דער שטיל־פערחלום'טער, פערכשופ'טער אַקאַציען־אַלעע...

שטיל ציטערן די שנייעלעך־בליטהען אויף די געבענשטע אַ־קאַציען־קעפּ; און אויפ'ס ניי הויבט אָן צו בליהען מײַן האַרץ, וואָס האָט שוין געזאָלט פערגעהן...

און נאָך אַמאָל איז אויפגעגאַנגען אַ ליכט אין מיר; אין מײַן

פֶערְ־יתוֹם׳ט פֶערְשַׁאטֶענְטֶער נשמה... אוּן עֶנְטפְּלֶעקְט אִיז מִיר גֶעוואָרֶען דֶער סוֹד פוּן הֵייליִג שְׁטִילֶען אָבֶענְד...

מִיט מִיר צוּזאַמֶען הָאט מִיט בּאַנגֶער לִיעבְשַׁאפְט דִי בְּלוֹיֶע טִיעפֶע הוֹיךְ אוֹיף דִיר גֶעוואַרְט...

מִיט מִיר צוּזאַמֶען הָאט דִי פְרוּם־זִילבֶּער־פְלִיעסֶענְדִיגֶע לבנה אוּן דִי קִינְדִישׁ־רֵיינֶע, גָאלְד־שְׁפִּינֶענְדִיגֶע שְׁטֶערֶענְדְלֶעךְ צוּ דִיר גֶעבֶּענְקְט...

אוּן דִיר וועֶבֶּען זֵיי עֶס פוּן דִי צאַרְטְסְטֶע גָאלְד־ אוּן זִילבֶּער־פֶעדֶעם דֶעם חלום פוּן גָאט־גֶעבֶּענְשְׁטֶען אָבֶענְד...

זֶעה, אִין זִילבֶּער־פְלוֹם פֶערְזוּנְקֶען, עֶטְהֶעמְט צוּ דִיר אִיהר שְׁמֶעקֶענְדִיגֶע נשמה אוֹים דֶער פֶערְבְּשׁוּפְטֶער אַקאַציֶע...

דֶער זִיסֶער אָטְהֶעם פוּן לִיכְט־בֶּעגְנָאסֶענֶעם טְהָאל הוֹיבְּט זִיךְ צוּ דִיר אוֹיף דִי שְׁטִילֶע אָבֶענְד־פְלִיגֶעל אוֹיף, אוּן קוּשְׁט פֶערְלִיעבְּט פוּן דֵיין מאַנְטֶעל דֶעם זוֹים...

אוּן הוֹיבְּט זִיךְ הֶעכֶער, אוּן רַייסְט דִי שְׁנֵייעֶלֶעךְ־בְּלִיטְהֶען פוּן דִי פֶערְחלוֹם׳טֶע אַקאַציֶען־קֶעפּ אוּן שְׁטְרֵייט פאַר דֵיינֶע טְרִיט...

אוּן ווֵייסְט דוּ, וואָס דֶער זִיסֶער פוֹיגֶעל זִינְגְט?

עֶר זִינְגְט פוּן זִיסֶען בְּלִיטְהֶען־טוֹיט אוּנְטֶער דֵיינֶע פִים...

פֶערְצִיטֶערְט טְשֶׁעפֶּעט זִיךְ דָאס פוּן דֶער בְּלוֹיעֶר הוֹיךְ אוֹיסְגֶעפְלָאסֶענֶע לִיכְט צוּ דֵיין גֶעבֶּענְשְׁטֶען קָאפּ... בֶּעגְלִיקְט צִיטֶערְן דִי גְלאַנְצֶען אוֹיף דֵיין עֶבֶּען־קְרוֹין, נאָר דִי, וואָס טְרֶעפֶען זִיךְ מִיט דֵיין אוֹיג, פְראַהֶעלֶען צוּרִיק פֶערְשֶׁעהמְט אוּן דֶערְשְׁראָקֶען פאַר׳ן שֶׁעפֶּפֶער־לִיכְט, פאַר׳ן לִיכְט פוּן דִי וואוּנְדֶערְלִיכֶע עֶרְשְׁטֶע זִיבֶּען טֶעג, וואָס שְׁטְראַהלְט אַרוֹים פוּן זֵיי...

דוּ בִּיזְט גֶעקוּמֶען, אוּן זֶעה — מִיט פְרִישֶׁע מאַנְדְלֶען הָאט אוֹיפְגֶעבְּלִיהט מֵיין וואַנְדֶער־שְׁטָאק אוּן וואוּנְדֶער־בְּלוּמֶען שְׁפְּראָצֶען מִיר אִין הארץ...

פוּן נֵיי־גֶעבּוֹירֶענֶע וואוּנְדֶער־שְׁטְראַהלֶען הָאבֶּען זֵיי אוֹיסְגֶעשְׁפִּינְט סְטְרוּנֶעס אוֹיף דֶער גִינְגָאלְדֶענֶער האַרְפֶע, פוּן זֵיי וועט זִיךְ אָבְּרַייסֶען דָאס הֵיילִיגֶע לִיעד פוּן אוֹיפְעֶרְשְׁטֶעהֶן!

דוּ בִּיזְט שׁוֹין נִישְׁט דִי שְׁוואַלְבּ פוּן טְהָאל...

אִין דֶער שְׁטִילֶער נאַכְט זֶענֶען וואוּנְדֶער גֶעשֶׁעהֶן...

צוּרִיק בְּלִיצְט דָאס דִיאַדֶעם אוֹיף דֵיין גֶעבֶּענְשְׁטֶען קָאפּ, אוּן

דער אויסגעשטערנטער מאַנטעל שטראַהלט אויף דיין שלאַנקען לייב — —

קים, ליעבע, ריינע, שטאָלצע, הייליג־שטראַהלענדיגע! אין דער וואונדער־נאַכט וועלען מיר וואַנדערן און ביי'ם שעפּפער־ליכט פון דיינע גרויסע, גרויסע אויגען אויפזוכען סצעפּטער און קרוין —

אין דער שטיל־געבענשטער, מיט גאָטס געגאָר בעפלאָסענער נאַכט מוזען וואונדער געשעהן...

— מאַן פון די הויכע בערג, עס וועלען קיין וואונדער גע־שעהן...

בענקשאַפט האָסט דו פערזייעט אין שטילען שוואַלבען־האַרץ; דאָס באַנגע האַרץ האָט מיך צו דיר געטריבען; איצט שרעק איך מיך פאַר דיר, לאָז מיך געהן!

— אָח, שרעק דיך נישט, קינד!

וויל נאָר, און דיין ווילען וועט געשעהן! געהויכט וועסט דו ווערן! פון דער ניעדער, מיט איהרע טרויעריגע שאָטען, צו די הויכע, זיך אין ליכט באָדענדיגע בערג...

— מיך שרעקט די הויך; מיר האָבען, געהענדיג, א שטיק נאַכט פערברענגט, און מיעד זענען מיינע פיס...

— זאָרג נישט, קינד, פאַר די מיעדע פיס... און שרעק דיך נישט פאַר דער הויך!

אין דער שטילער, פון גאָט געבענשטער נאַכט זענען שוין מאַנכע וואונדער געשעהן... זעה, ביי דיינע רעד, אין שטראַהל פון דיינע גרויסע, גרויסע אויגען, זענען מיר וויטע, ברייטע און שטאַרקע פליגעל אויסגעשפּראָצט; אויף זיי וועל איך דיך טראָגען צו די וויטע, הויכע און ווייסע בערג...

— א בענקשאַפט, ליעבער, האָסט דו אין מיין שטילען האַרץ פערזייעט, און זי האָט געוואַקסען... און האָט מיך געטריבען צו דיר. אין מאַנכע שטילע נעכט האָב איך וואונדערליכע חלומות גע־האַט... עס האָט זיך מיר דיין היים געחלומ'ט, די וויטע, הויכע בערג, און איך האָב געבענקט צו'ם אָבגלאַנץ אויף זייער אייביגען שניי און צו'ם עדעל־ווייס, וואָס בויגט זיך איבער'ן שווינדעלריגען אָבגרונד...

און איצט שרעק איך מיך!

— שרעק דיך נישט, קינד! דו ביזט מיט מיר! אין מיר וואקסט
די ניי־געבוירענע, פון ליכט פון דיינע אויגען אויסגעשפּינטע קראפט...

קום מיט מיר צו די ווייסע בערג!

נאר נישט קיין עדעל־ווייס וועלען מיר זוכען; און נישט קיין שניי
בליצט אויף זייערע שטילע רוקען'ס...

דאס בליצען ווייסע תכריכים...

עס האבען דארט מענשען געלעבט, א שלעכט לעבען געפיהרט און
דאס גלויבען אין לעבען פערלוירען, זיי האבען געגלויבט נאר אין טויט,
אין ווייסען טויט, וואס רייניגט אלע זינד...

און זיי האבען זיך לעבענדיגערהייט תכריכים גענעהט, לעבענדיגער־
הייט זיך אין תכריכים בעקליידט, אויף די שטילע בערג־רוקען'ס זיך
געלעגט און די אויגען פערשלאסען צו'ם שטארבען...

און גאט האט אויף זיי פאר רחמנות א שטילען שלאף געשיקט...
און זיי שלאפען... ביז דער שופר אין משיח'ס האנד וועט זיי וועקען, —
האט גאט געזאגט — זאלען זיי שלאפען!

קום, קינד, מיר וועלען די טויטע וועקען...

זעה, גאטס שופר האב איך אין דער האנד; בלאז איך, ערוואכען
די טויטע!

קום! רייגער שטערן־געזאנג איז דיין שטימע; מיט וואונדער־שטרא־
לען איז אויפגעצויגען די גאלדענע הארפע — —

קום! מיר וועלען זיי זינגען און שפּיעלען דאס הייליגע ליעד; דאס
ליעד פון אויף־ערשטעהן!

אין דער שטילער, מיט גאטס גענאד בעפלאסענער נאכט מוזען
וואונדער געשעהן!

---

— ליעבער, ליעבער מאן, עס וועלען קיין וואונדער געשעהן!
נישט דאס, וואס דו מיינסט, בין איך — מיך שרעקט די שווינ־
דעלדיגע הויך; מיך שרעקען דיינע וואונדער...

די בענקשאפט, וואס דו האסט פערזייעט אין מיין הארץ, האט
אויסגעשפּראצט און זי האט מיך געטריבען צו דיר; פון דער זיסער,
שטילער היים געיאגט צו'ם מאן פון די הויכע בערג; דאך געהן מיט
דיר קען איך נישט!

שוואַך איז מיין ברוסט, ליעבער מיט וואָס וועל איך עטהעמען אויף די הויכע בערג?

פון בוימער גאָהל זענען זיי, די הויכע בערג, וואו וועט רוהען, אויף וואָס וועט נעסטען די שוואַכע שוואַלב — די שוואַך־געפליגעלטע שוואַלב פון טהאָל?

און רעד מיר פון אויף־ערשטעהן ניט — ווייסע תכריכים־פלעקען בלענדען מיר די אויגען; זיי שווימען פאַר מיר אַרום אין דער לופט און שרעקען מיך!

שוואַך איז דאָס קינד פון טהאָל; אויף בערגער געהן קען זי ניט, די שוואַכע...

און טראָג [illegible] ניט אַרויף, נעם מיך ניט אויף דיינע פליגעל; ע[illegible] שווינדעלט אין [illegible]ער הויך; איך וועל מיך אַראָבגליטשען פון זיי; איך וועל פאַלען, ערגיץ אין איין אָבגרונד אַריין פאַלען; און דו, אין שלאַכט מיט ווינד און שטורם, וועסט עס ניט מערקען; וועסט גאָר ניט וויסען, ווען און וואו דו האָסט מיך פערלוירען!

---

העֶר, מאַן פון די הויכע בערג, די רעד פון קינד פון טהאָל!

ליעב ביזט דו מיר, מאַן פון די הויכע בערג, נאָר געהן מיט דיר קען איך ניט...

מיט טויזענדער פעדעם בין איך צוגעבונדען צו'ם טהאָל, צו מיין שטילער היים; רייס זיי ניט איבער; עס וועט מיר וועה טהון דאָס האַרץ!

די קליינע שטערנדלעך, די זילבער־שטראַהלענדיגע, פינקעלדיגע שטערנדלעך, וואָס שווימען איבער מיין היים, מיין שטילער היים, זיי האָבען מיין נשמה אויסגעשפּינט; רוף מיך ניט אַוועק פון זיי, אויסגע־לאָשען וועט זי ווערען אונטער פרעמדע הימלען, אויסגעהן וועט זי ווי א ליכט...

און מיין שטימע, וואָס וועקט די בלומען אין דיין האַרץ, איז נאָר דער אָבקלאַנג פון די קליינע, שטיל־רוישענדיגע וואַסערלעך אין טהאָל...

און דער גאָלדענער שטראַהל, וואָס בליצט אַמאָל פון מיין אויג אַרויס, איז דער אָבגלאַנץ פון גאָלדיגען זאַמד פון דער ניעדער...

ניט דיין פרייד איז מיינע; ניט דיין לייד איז מיין

אין פונקען פון גליה־ווערם צושפריצט זיך מיין פרייד; און מיין שטילע טרויער קומט פון די שיטערע, פערהונגערטע זאנגען, וואס קלאגען זיך אין שטילען געֶרויש אויפ'ן אָרעמען, זאמדיגען פעלד!

---

מיט טויזענדער שטראהלענדיגע פעדעם בין איך צוגעבונדען צו'ם טהאל; איך האב די ניעדער ליעב...

איך האב ליעב דאס גאלדיג־פינקעלדיגע זאמד און די קליינע פערקריפעלטע בוימעלעך, וואס היטען דאס גאלד!

איך האב ליעב די ניעדער אין גרינעם מאנטעל אין געלע שוואם־פלעקען געהילט; און די שטילע ברידערלעך, די שטיל־שמעקענדיגע, הימעל־בלויע ברידערלעך, וואס שמייכלען מיר ארוים פון שטיל־רוישענדיגען גראז...

און בענק איך אמאל, לעג איך מיך אויף דער גרענעץ צווישען פעלד און וואלד, אויף דער ווייכער שוים פון טהאל, בעהאלט דאס פנים אין לילא, רייך אויפגעבליהטען היידע־קרויט, זאפ איין דעם שטילען, פייכטען אטהעם פון דער אויפגעבליהטער ערד, און זיס־רוהיג ווערט מיין שוואלבען הארץ; און קומט אמאל א פרעמדער חלום — א רעטעניש, א בענקעניש — לאך איך מיך נישט אוים — געה איך אין וואלד צו דער היימישער כשוף־מאכערין, און זי גיט מיר בעשייד: קוקו, קוקו, קוקו...

---

ליעב ביזט דו מיר, פרעמדער מאן פון די בערג, א בענקשאפט טרייבט מיך צו דיר, נאר ביי דיר בלייבען, מיט דיר געהן — קען איך נישט!

אונזערע וועגען לויפען נישט צוזאמען... דו ביזט דער אָדלער פון די בערג, איך נאר די שוואלב פון טהאל...

מיט טויזענדער פעדעם בין איך צוגעבונדען צו מיין שטילער היים; נישט איבערצורייסען...

לאז מיך רוהען דא... איך בין מיעד פון לאנגען גאנג, פון קרוין און סצעפטער זוכען — זעץ דיך נעבען מיר...

האסט א גאלדענע הארפע, זינג א צויבער־ליעד דער שוואכער שוואלב פון טהאל דעם שוואכען גלות־קינד...

נאָר זינג מיר נישט פון הויכע בערג, זינג מיר נישט פון אויפערשטעהן — נאָר פון מיין זיסער, שטילער היים..

---

זינג מיר אַ ליעד, אַ גאָלדען ליעד, פון גאָלד־שטראַהלענדיגען זאַמד, פון קליינע, שטיל־רוישענדיגע בוימעלעך געהיט..

זינג מיר פון די שטיל־שמעקענדיגע ברידערלעך, וואָס קוקען אַרויס אַזוי ליעב צו מיר, מיט די הימעל־בלויע אויגעלעך, פון זייער בעהעלטעניש אַרויס אין שטילען גרינעם גראָז...

זינג מיר פון דער גרויער, ליעבער שוואַלב אין טהאָל, וואָס שוועבט אויף שוואַכע נאָר ליעבליך־רוישענדיגע פליגעלעך, און נעסט אין אַלע חורבות־לעכער, וואו זי בעהאַלט זיך פאַר שטורם און ווינד!

זינג מיר פון מזל'דיגען שטאָרך, וואָס שפּרייזט אויף דער נאַסער לאָנקע, הינטער'ן שטילען דאָרף, אויף די לאַנגע פיס און וואָהנט אויפ'ן נידריגען דאך פון קליינעם פויערן־הויז...

פון פערלאָזטע, ווילד־פערוואָקסענע פּאַרקען זינג; פון חורבות, פון אַלטע פּאַלאַצען, וואו פערכשופטע זייגערס וועקען זיך און קלינגען האַלבער נאַכט...

אָדער פון פערכשופטע בת מלכה'ס זינג, וואָס ווערען אויסגעלעזט און אויפגעוועקט מיט אַ ליעב־האַרציגען קוש.

---

און שלאָף איך, ליעבער, איין, זיי מיר גוט...

נעם מיר דיין געשאַנק — דעם שטראַהלענדיגען דיאַדעם פון קאָפּ נישט אַראָב; אייביג טרויערן וועל איך נאָכ'ן דיאַדעם...

און ציה מיר דעם אויסגעשטראַהלטען מאַנטעל נישט אַראָב; פערצייה דעם שוואַכען גלות קינד — דער שוואַלב פון טהאָל...

---

געשלאָסען זענען די געבענשטע אויגען — פערשוואונדען איז דער כשוף פון דער שטילער נאַכט... צוריק פערלאָשען איז מיין נשמה; פערציטערט הילט זי זיך צוריק אין איהרע שאָטען איין, און די ניי־אויפגעשפּראָצטע בלומען אין האַרץ וועלקען אָב און שטאַרבען...

צערונען איז דער זילבער־פליעסענדיגער כשוף פון דער גאָט־געבענשטער נאַכט; די קראַפט, זי אויף הויכע בערג צו טראָגען, האָט מיר גאָט פערזאָגט!

ער האָט זיך אויף מיר נישט דערבאַרעמט; נישט פערגעבען מײַנע זינד...

שטום, אָהן סטרונעס, ליעגט די האַרפע; דאָר און אָבגעשײַלט דער וואַנדער־שטאָק...

שלאָף זיס, ליכט־שטראַהלענדיג קינד פון טהאָל; זיסע, שטילע חלומות אויף דײַן קעפעלע, און פערציַיה!

פערציַיה דעם וואַנדערער, וואָס האָט דיך אויפ'ן וועג געטראָפען און בענקשאַפט אין דײַן שטילען האַרץ פערזײַעט...

---

עס בלײַכט זיך די נאַכט, עס לעשט זיך אַ שטערן נאָך אַ שטערן — —

שטיל ציטערט די נאַכט — —

גאָט האָט איהר אונפרוכטבאַרע שוים געבענשט; זי האָט אַ גאָלדענעם שטראַהל געבוירען; עס רויטעלט זיך דער מזרח־זוים...

אויף די פרישע פריה־מאָרגען פליגעל שווימט אַ הימליש־זיסער האַרפען־קלאַנג; אַ בשורה פאַר דער וועלט: געבוירען ווערט דער טאָג...

אויף־פלאַמען, אויף־פלאַקערן וועט דער נײַער טאָג, און וועט אויס־לעזען די וועלט, די פערמאַטערטע וועלט — נאָר — נישט מיך!

אויף מיר וועט זיך גאָט נישט דערבאַרמען, נישט פערגעבען מײַנע זינד, און נישט אויסלעזען פון טויט און זײַנע שרעקען!

נעם, וואַנדערער, דעם וואַנדער־שטאָק און געה...

מיט אַ נײַער וואונד אין האַרץ, מיט אַ נײַעם וועה...

עס זענען קיין וואונדער געשעהן...

# דֶער זִווּג

## אָדֶער

## שָׂרָה בַּת טוֹבִים.

---

I.

און די מעשה, וואָס איך וועל יעצט דערצעהלען, איז אַני׳ אויס־טערליש־וואונדערליכע מעשה, און — איין אמת גמור. זי איז אין קיין שום ספר נישט געדרוקט אין קיין קהל׳שען פנקס נישט פערשריבען; איך האָב זי בקבלה איש מפי איש און שטאַמט פון אַ גרויס אָרט...

און געשעהן איז די מעשה פערציישטענם, ווען עס זענען נאָך אַזוי פיעל שטערט און דערפער נישט געווען; אַ וועלט מיט „וואַלד־אויס, וואַלד־איין”. און געטראָפען האָט זיך עס אין מעהרען דער מדינה, אַ יודישע קהילה איז זעלטען, משפחות־ווייז אין דערפער פערזייעט, אין וועלדער צושפרייט, אָהן תורה, אָהן תפלה בצבור, אויסער ימים נוראים, ווען מען ציהט מיט קינד און קייט אין די וויטע שטעדט אַריין.

זיצט זיך דעמאָלט אַ יוד אַ שווייגער ביי׳ן אַ גראַף אין אַ דאָרף; פרנסה רינט איבערן מויל... 500 קיה מעלקט ער דעם גראַפ׳ס; זיינע אייגענע אויך אַ ביסעל. האָט ער אַ פולען קעלער מיט פוטער און קעז, אַ בוידעם מיט תבואות, פלאַקס און פעלעלכעך, און דער טייסטער אין בוזעם וואַקסט אין דער דיק, און דאָס קניפעל ביי דער שווייגערין בע־זונדער, און אַ זוהן וואַקסט אַ געזונדטער, אַ וואוילער, ווי אַ יונגער בוים אין וואַלד.

און פונדעסטוועגען, איין מאָל אין אַ ווינטער נאַכט, זיצט דער

שוויַיגער בײַ'ן אַ וועקסען־ליִכט בײַ'ם טיִש איִבער די חשבונות, מיִט דער שפּיִץ וויַיסליִכער באָרד צוויִשען די צייהן, דער שטערן גערונצעלט, ווי פון שווערע זאָרג, און קוקט מיִט פערנעפּעלטע אויגען איִן פענסטער אַריַין...

— דו זיִנדיִגסט, מיַין מאַן! — וועקט איִהם פון די געדאַנקען דער שוויַיגעריִנס קול. פון דער צוויַיטער שטוב איז זי אַריַינגעקומען, צום שלאָפעגדיִגען זוהן געקוקט, און איִהר פּנים שטראַהלט.

„הערסט, איִבערגעבויגען האָב איך זיִך איִבער איִהם... די בעקלעך רויטלען זיִך, ווי אַ פריִשער פריִה־מאָרגען און דער אָטהעם איִז רוהיִג און שטיִל, און שמעקט נאָך פריִשע עפּעל..."

— דאָס איִז טאַקי מיַין זאָרג, — ענטפער דער שוויַיגער. — מען וואוינט איִן אַ דאָרף, וויַיט פון אַ יודיִשער קהילה, און יאָהרען ציִהען, יאָהרען פליִהען, וואו נעהמט מען אַ שדוך פאַר אונזער זוהן, ווי אַזוי וועט מען איִהם פער'קנס'ען?

— גאָט וועט העלפען — טרייסט די שוויַיגעריִן, — ער האָט ביִז אַהער אונז ניִשט פערלאָזט...

— אָט דאָס איִז עס טאַקי, — מאַכט דער שוויַיגער, — גאָט'ס היִלף דאַרף מען, און איִן וועלכען זכות? קיין יודע ספר ביִן איך ניִשט, לערנען לערן איך ניִשט, צוויִשען יודען וואוינט מען ניִשט, נאָר איין מצוה קאָנען מיִר מקיים זיַין, — הכנסת־אורחים הייסט די מצוה — און זעה! — ער וויַיזט איִהר מיִט'ן בליִק צום פענסטער־צו — איִז אָנגעפאַלען אַ שניי פון היִמעל, אַ גרויסער שניי, האָט ער די שטעגען פעריאָגט, די וועגען פערשיִט, און טעג און אָפּשר וואָכען, וועט קיין אורח איִבער דער שוועל ניִשט קומען...

הויבט ער זיִך אויף, און געהט אַרויס, זעהן, וואָס איִן דרויסען טהוט זיִך. זי נעמט זיִך די בעטען צורעכט צו מאַכען, זוימט ער זיִך אָבער צו לאַנג, ווערט איִהר אומעטיִג, לאָזט זי אָב דאָס בעטגעוואַנד, געהט צום פענסטער צו און פויקט מיִט די דיִקליִכע פיִנגער איִן דער שויב צום מאַן אַרויס.

איִז אָבער די שויב געפרוירען, קליִנגט זי העל ניִשט אָב; חאַפּט זי די שאַל אויף זיִך, און געהט נאָך דעם מאַן פאַר דער טהיִר. זעהט זי, אַז דער מאַן, וואָס הערט ניִשט איִהרע טריִט און קעהרט זיִך ניִשט אום, שטעהט פערקוקט אויפ'ן וועג פון וואַלד אַרויס. קוקט זי איִהם,

פערוואונדערט, נאך. זעהען זיי ביידע צוזאמען, ווי איבער'ן פערשיטען וועג פון וואַ־ד געהט אַ געשטאַלט אַ ווייבערישע, אין אַ הויב אַ הויכע, אין אַ טערקישער שאַל. און די שאַל איז איבער די אַקסעל נאָר פאַר שעהנקייט וועגען פערוואָרפען, גלייך אַ לינדע זומער־נאַכט; נישט איינגע־וויקעלט איז זי אין דער שאַל, פריי פליהען רעכטס און לינקס די עקען פון איהר, גלייך זיי וואָלטען איהרע פליגעל געוועזן... און נישט זי געהט אין שניי, זי שווימט איבער'ן שניי, קיין פוס פאַלט נישט אַריין, לאָזט קיין צייכען איבער.

קוקען זיי אַזוי ביידע פערגאַפט, ביז די געשטאַלט קומט צו צו זיי און פרעגט, צי קען זי נישט רוהען אַ שעה ביי זיי אין שטוב...

קומט דאָס פאָר־פאָלק אַ ביסעל צו זיך, קוקען זיך איבער, פיהרען מיט גרויס פרייד דעם ווייבערישען וואונדערליכען גאַסט אין שטוב אַריין, גאָט האָט זיי אַ גאַסט בעשערט! און ווילען וועקען דעם משרת, הייסען מאַכען וואַרעמס אַ גלעזעל; און די שוויגערין לויפט־צו צו דער שאַנק און עפענט זי ברייט און וויל אַרויסנעהמען פון שענסטען און בעסטען עסען און טרינקען, און איינגעמאַכטס, און זיסען בראָנפען אַ ביסעל.

דער אויסטערלישער גאַסט זאָגט אָבער: ניין! זי וועט גאָרנישט פער־זוכען, גאָרנישט טועם זיין, אַז זי דאַרף נישט, נאָר אָבּרוהען וויל זי זיך אַ ביסעל, זי געהט אין אַ נויטיג שליחות... גיט זיך די שוויגערין אונטער, צינדט־אָן נאָך אַ וועקסען ליכט, פיהרט דעם גאַסט אין אַ בע־זונדער חדר אַריין; ווייזט־אָן אויף אַ גרויס בעט, אויף בעט־געוואַנט ווי שניי, קישענס פוכענע, אַ לייכט וואַרעם איבערבעט... און ווילט איהר נישט עסען, נישט טרינקען, שלאָפט אייך געזונדטערהייד.

שלאָפען אָבער, זאָגט די געשטאַלט, וועט זי נישט, נאָר אָבּרוהען אַ ביסעל, ווייל זי האָט נאָך אַ וויים שליחות. און אַז די שוויגערין וויל זי איבערלאָזען אין שטוב, האַלט זי זי איין און פרעגט, וויפיעל עס קומט פאַר'ן חדר, וואָרען אויעקגעהן וועט זי שטיל, און וויל קיינעם נישט וועקען, ווייל זי איבערלאָזען געלד.

שפרינגט די שוויגערין אָב טיעף געקרענקט: קיין געלד נעהמט זי נישט, אויף קיין פאַל נישט... דאָס איז דאָך די איינציגע מצוה, וואָס זיי קאָנען מקיים זיין אין דאָרף; אין דעם זכות נאָר העלפט זיי דאָך גאָט, און וועט — גיט זי מיט גרויס בטחון צו — ווייטער העלפען!

צושמייכעלט זיך די געשטאַלט און פרעגט:

— פעהלט איך עפּיס דען ? חאָט איהר נאָך אַ בקשה צו גאָט ?

— חס ושלום !... מ'זע'מיר, ברוך השם, איך און מײַן מאַן געזונד, און אונזער זוהן זאָל לעבען אודאי... און פרנסה, ברוך השם, איבער'ן מויל... נאָר וועגען אַ זווג געהט...

און זי דערצעהלט וועגען איהר זוהן, וואָס ווערט 17 יאָהר אַלט... און מען וואוינט אין אַ דאָרף, צו'ן אַ קהילה איז וויַט...

— און וואָס טהוט איהר דערצו ?

— מען האָפט צו גאָט, מען בעט זיין ליעבען נאָמען... דער מאַן אויף זיין לשון, זי אויף איהר לשון... אַלע געבעטען בעט זי אויס, אַלע תחנות קאָן זי אויסיועניג כמעט, שרה בת טובים'ס אַלע זיסע, האַרציגע תחנות... נאָר איינע, דער עיקר, האָט זי שוין מיט טרעהרען דורכגענעצט, די זווג-תחנה...

— גאָט וועט העלפען, שמייכעלט די געשטאַלט... איך בין זיכער, שמייכעלט זי... אַ סימן האָט איהר, קיין געלד פאַר'ן חדר ווילט איהר נישט, גיב איך אייך אַ מתנה פאַר אייער זוהנס כלה וועגען...

אַזוי זאָגט זי עס, און נעהמט דערביי פון אונטער דער טערקישער שאַל די מתנה אַפּער: אַ פּאָר גאָלדענע פּאַנטאָפעלעך מיט פּערעלעך בעניַיהט... בליצט עס אין דער שוואַרציגער אויגען, שטופּט איהר די געשטאַלט די פּאַנטאָפעלעך אין דער האַנד אַריין און זאָגט:

— „אַ מתנה פון שרה בת טובים", און פערשווינדט...

און אז דער שוויגער האָט זיך נישט געקאָנט אויפ'ן וויַב דערוואַרטען, האָט אָנגעקלאַפּט אין טהיר און נישט בעקומענדיג קיין ענטפער, דערשראָקען די טהיר געעפענט, זעהט ער, דאָס וויַב שטעהט אַליין אין מיטען שטוב מיט אַנ' אָפען מויל, אויסגעגלאָצטע אויגען און גאָלדענע פּאַנטאָפעלעך אין דער האַנד.

---

2.

אין דערוועלבער צײַט, אין דערזעלבער מדינה מעהרען, נאָר מײַלען, מײַלען וויַט פון שוויַגער, און נישט וויסענדיג פון שוויַגער, האָט אין אַ טיעפען וואַלד אַ יוד געוואוינט, אַ קוילען-ברענער. האָט אַ שטיבעל אין וואַלד און אַנ' אויווען געגרונגען, אויף ביי'ן אַ גראָף. נאָר דער יוד

איז אַנ׳אָרעמער געוועזען און אַ שווערע פרנסה געהאַט: זאַמלען דאָס אָבגעפאַלענע פון בוימער, זומער — אָבגעדאַרטע צווייַגען, ווינטער — קאָרע געפּלאַצטע פון פראָסט און נאָך יעדען געוויטער — דאָס אָבגע־האַקטע פון דונער און אָבגעריסענע פון ווינד, און טראָגען צום אויוון און אויף קוילען פערבּרענען — קומט ער פאַר נאַכט אַ היים אַ מידער, אַ שוואַרצער... האָט איהם אָבער זיין ליעבער נאָמען אַ זים טעכטער׳ל בעשערט (דער יוד איז אַנ׳אַלמן געוועזען), קומט זי איהם אַקעגען מיט פרייד, און העלפט איהם וואַשען און איבערטהון און גיט איהם צו עסען און צו טרינקען און מאַכט איהם פיין דאָס געלעגער צו־רעכט...

און קען ער נישט איינשלאָפען, — און, זייט ער איז אַנ׳אַלמן געוואָרען, טרעפט זיך עס איהם גאַנץ אָפט — ציינדט זי אַ קינדעל אָן, אָדער, ווען קלאָרע נעכט, שטעלט זי זיך קעגען דער לבנה צום פענסטער׳ל, און לייענט הויך איהרע „הייליגע" ספרים אויף „עברי־טייטש", די מוטער האָט זי איבערגעלערנט, די ספרים בירושה געלאָזט: צאינה וראינה, קב־הישר, תחנות פון שרה בת טובים... לייענט זי איהם הויך... ער, אַ פראָסטער יוד, הערט זיך איין, ביז די אויגען קלעפּען זיך איהם צו, דאַכט זיך איהם, אַז יענגע לייענט, די מוטער לייענט, און ער שלאָפט רוהיג איין, איינגעוויעגט פון זיסען קול און די ווערטער די הייליגע...

קומט איהר אַמאָל אַ זעהר האַרץ־ווייכיגע תחנה אין דער האַנד אַריין, אַ תחנה, וואָס אַ מאַמע זאָגט, ווען זי בעט זיין ליעבען נאָמען וועגען אַ זווג פאַר אַ קינד...

„און זעה, ליעבער, האַרציגער גאָט, פאַר מיין ליעבער, האַרציגער טאָכטער וועגען אַ זווג, אַ זווג אַ כשר׳ן"... הויבט דאָס מיידעל אָן צו פערשטעהן, וועגען וואָס עס געהט, האַקט זי אָב און וויל אַנ׳אַנדער תחנה נעהמען, בעט זיך דער פאָטער:

— ניין, טאָכטער לעבען, ניין... ווייטער לייען... גיב מיר די הייליגע ווערטער אין מויל אַריין, לאָ׳מיך בעטען ביי גאָט פאַר דיר... אַ האַרץ האָב איך, טאָכטערשי, אַ פולס, נאָר, אַ יוד אַ פראָסטער, קיין ווערטער האָב איך נישט...

מוז זי פאָלגען און לייענט ווייטער און ווייטער, ווי שמעקענדיגער בוימאייל גיסט זיך די תחנה, לאַנג איינגעשלאָפען איז שוין דער פאָטער

— זי מערקט עס נישט, ער שנאַרכט — זי הערט נישט און לייענט... און פלוצלונג וועקט זיך אויף אַ נישט פערשטאַנען בענקעניש אין דעם מיידעלס האַרץ, די יתומישע נשמה האָט זיך צו עפּיס פערבענקט... עס קלאַפּט דאָס הערצעל־קליין, פייכט און נעפּעלדיג ווערען די אויגעלעך פער־דעקט, די ריין־קינדעריש בלאָהע, און דאָס קול'עכעל ציטערט און ציטערט און ווערט פון בעהאַלטענע טרעהרען פייכט...

און אין מיטען — עפענט זיך די טהיר און אין איהר בעוויַיזט זיך אַ וואונדערליכע געשטאַלט... אין אַ הויב אַ הויכער און אַ טערקי־שער שאַל, די אויגען לייכטען אַזוי לייטזעליג זיס, אַז דאָס איינגעשרומ־פּענע פנים'ל שטראַהלט.

— טאַטע! וויל זי דעם פאָטער וועקען, לעגט אָבער די אַלטע אַ פינגער איבער די לעפּצען, ווערט דאָס מיידעל שטיל, בלייבט זי, ווי אין אַ פער'כשופ'טען חלום שטעהן. און די אַלטע געהט־צו צום טיש און זעצט זיך, און שטרעקט אויס די האַנד און ציהט דאָס מיידעל זיך צום האַרצען צו...

— שרעק דיך נישט מיידעלע, — זאָגט זי — שרה בת טובים בין איך... מיינע תחנות האָסטו געלייענט... און עס איז אַ שטילע נאַכט, האָב איך אין מיין שטילער רוה דיין זיס קול געהערט, בין איך געקומען צו דיר און האָב דיר אַמתנה געבראַכט...

און נעהמט פון אונטער דער טערקישער שאַל די מתנה אַפּער:

— זעה, ליעב קינד... אָט, סאַמעט געשווירענער אַ שטיק... אויף אַ בייטעלע צוגעשניטען... און פעל, אַלערליי קאָלירען זיידענע פול, צום אויסנייהען, דאָס בייטעלע... און פעדעם נאָך דערצו זילבערנע, און גאָלדענע אויך אַ ביסעל, און פליטערלעך דערצו, אויך זילבער און גאָלד... און אַזוי זעהסטו נייהט מען, טעכטער'ל, און אַזוי ווערט געשטיקט... האַלט די נאָדעל פעסט, לויף מיט די פינגערלעך געשיקט... זעהסט אַ מגן־דוד'ל געהט, און אָט בליהען בליהמעלעך אַרויס... פרישע, ווי אין וואַלד אין זומער־צייט... אַ תפילין־בייטעלע נייה, אַ מתנה מאַך, פאַר דיין בע־שערטען אַ מתנה, ווי דיין ליעבע מאַמע האָט דיין ליעבען טאַטען געשענקט...

און די אַלטע לערנט, און דאָס מיידעלע שטיקט און העפט...

און אַז דער פריה־מאָרגען בליהט, חאַפּט זיך דער פאָטער אויף, די

טאכטער זיצט אליין אין שטוב מיט א תפילין־בייטעלע אין די הענד, סאמעט, זילבער און גאלד . . .

3.

און אז דעם שוויגערס זוהן איז אלט געווארען 17 יאהר, האט מען איהם ארויפגעזעצט אויף א וועגעלע און געשיקט אין דער וועלט אריין זיך א כלה זוכען צו שרה־בת־טובים־פאנטאפעלעך . . .

פאהרט ער וואלד־אוים, וואלד איין, איבער דערפער און שטעדט, כלה־מיידלעך ווי זאמד און ערד — קיין איינער פאסען די פאנטאפעלעך ניט . . .

פאהרט ער א יאהר, פאהרט צוויי, נישטא און נישטא, פערליערט ער די אמונה דערין, קעהרט ער אהיים; ער וועט טאטע־מאמע זאגען: ס'איז א חלום געווען, אזוינע פיסעלעך קליינע זענען נישט פאראן . . .

פאהרט ער אהיים, און פאהרט, און פאהרט פון וועג אראב, און פערבלאנדזיעט אין א וואלד, דעמבעס מיט דעמבעס, ריזען ביי ריזען שטעהען, נישט אוים און נישט איין. בלייבט ער שטעהן, פרייטאג איז, די זון געהט אונטער און לאזט זיך, א פייערדיגע קויל, אלץ טיעפער און טיעפער אראב, דער אבענד פאלט צו — שטעלט ער זיך „שיר־השירים" זאגען, און געהט, שיר־השירים זאגענדיג, אין וואלד ארום, האלט זיך נאר פון וועגעלע נישט וויים, און פון פערד, וואס פאשעט זיך . . . און שטיל רוישט, ביי'ם אבענד־ווינדטעל, דער וואלד, גלייך ער וואלט איהם „שיר השירים" נאכגעזאגט . . . און שטיל ווערט און טונקעלער, און פלוצלונג פלאמט צווישען די בוימער א פענסטער'ל אויף, לויפט ער צו מיט פרייד און קלאפט אן:

— וואוינט דא א יוד?

— א יוד!

א יוד קומט פון שטיבעלע ארוים, בעווייזט זיך אויף דער שוועל!

— שלום עליכם, א יוד!

— עליכם שלום, ענטפערט דער יונגער־מאן — קאן מען האלטען שבת ביי אייך?

— האלטען יא, — ענטפערט מיט א טרויעריגען שמייכעל דער יוד — נאר עסען האב איך נישט וואס . . .

— עֶסעֶן האָב איךְ, — ענטפערט דער יונגער־מאַן — און טרינ־קען אויךְ — קומט מיט מיר צום וועגעלע צו, פון אַלעם גוטען אָנ־געגרייט . . .

אין אַ שעה אַרום נאָךְ קבלת שבת זיצען זיי שוין ביידע נאָךְ קדוש ביים טיש . . . און זינגען זמירות, און עסען . . . זעהט דער יונגער־מאַן, ווי פון יעדען מאכל נעהמט דער אַלטער און איז קוים וואָס טועם אַ ביסעל, און טראָגט באלד די רעשט פאַר דער טהיר אַרוים, מיינט ער, פאַר אַ קעלבעל צי אַנ׳עוף . . . איז ער דאָךְ נישט אַזוי אָרעם דער יוד, פאַר וואָס האָט ער קיין שבת נישט געמאַכט . . . אַ יונגער־מאַן, פרעגט ער איהם.

זאָגט דער אַלטער: ניין, אַנ׳אָרעמער קוילען־ברענער בין איךְ . . . קיין קאַלב, קיין עופות פערמאָג איךְ נישט . . . נאָר אַ זים טעכטער׳ל האָב איך, באָרוועם געהט זי, נעבּיךְ, שעמט זי זיךְ באָרוועסערהייד אין שטוב אַריינצוקומען . . . זיצט זי און עסט פאַר דער טהיר . . .

נעהמט דער יונגער־מאַן מיט האַריך־קלאַפעניש די גאָלדענע פאַנ־טאָפּעלעךְ פון בּוזעם אַרויס און גיט זיי דעם אַלטען איבער: געהט, מעסט זיי איהער טאָכטער אָן . . . צי זיי פּאַסען, זעהט . . .

קומט דער אַלטער צוריק: זיי פּאַסען . . .

---

## 4.

און ביים רייכען שווייגער איז אַ חתונה געוועזען . . . ער האָט מיט׳ן קוילען־ברענער אַ שידוךְ געטהון, און די חופה האָט מען אין שטאָדט געשטעלט, און אַז מען איז פון דער חופה געגאַנגען, האָט זיךְ פּלוצלונג אַ געשטאַלט בעוויזען, אין אַ הויב אַ הויכע, אין אַ טערקישער שאַל, אַ פּנים אַנ׳אַלטס, נאָר אויגען לייטועלינע און יונגע, און האָט קענגען חתן־כלה מיט אַ קוליטש געטאַנצט . . .

און נישט אַלע האָבען געוואוסט, ווער דאָס איז . . .

# פדיון שבוים.

שעהנקייט, מיינט איהר, האט איהר אויסגעטראכט, די פריהערדיגע דורות האבען פון שעהנקייט גאר נישט געוואוסט? אנ' איינרעדעניש! מען האט פון אייביג אן געוואוסט, אז די וועלט איז אויך א וועלט, אבער נישט יעדערער איז זוכה צו ביידע וועלטען, און א גרויסער נסיון איז עס; מען געהט אויף א גליטש...

אט איז אמאל געוועזן איינער צמח, נאך גאר א יונגער-מאן. האט ער בעקומען א גרויסע ירושה — האט ער טאקי געפיהרט א הויז, אויף אלע יודען געזאגט! א פאלאץ אויפגעשטעלט, געמאלטע דירות, פריציש מעבעל, מיט סאמעט און זייד געבעט. דילען, ווי שפיגלען רויטע, עס האט געבלענדט! און קריסטאלענע הענג-לייכטער, און קונציג-געבויגענע העסעם אויף די ווענד, און מזוזות אויף די טהירען אין זילבערנע, עכט-זילבערנע שיידלעך מיט גאלד בעפוצט... און א סוכה האט ער זיך געשטעלט א געשניצטע, מען האט געזאגט: פון פימסענהאלץ. ארום אויף די ווענד — יריעות געהאפטענע, און אויסגעהאנגענע מיט אתרוגים, לולבים, גראנאטען... און אלע יאהר, לכבוד יום-טוב, פרישע. א הויז — א גן-עדן. און א ווייב האט ער געהאט אנ' אמת'ע יפה-פיה, א יפת-תואר, פארטרעטען צו מאלען... האט מען אבער אן יענער וועלט אויך נישט פערגעסען: האט די יפת-תואר געהאט איהר גרויסע שטוב בעזונדער, האט זי די שפיגעל-שטוב געהייסען, גרויסע געשליפענע שפיגלען ארום אויף אלע ווענד, און אין שטוב זענען געשטאנען רעדלעך צום שפינען, און רעמען צום שטיקען און העפטען; פערזאמעלט זי ביי זיך אין שטוב, א פאר שעה אין טאג, אויסער שבתים און ימים-טובים, די יתומות פון שטעדטעל און לערנט זיי שפינען פון וואל און פלאקס, העפטען און שטיקען מיט זילבער און גאלד. זי האט דערצו א געבענשטע האנד געהאט, א בריה נפלאה געוועזן, און דערביי א חכמה נפלאה און אנ' אמת'ע צנועה, פלעגט זי זיי

בײַם לערנען אויך מדריך זײַן, גוטע רייד רעדען און קלוגע רייד, ווי אז אַ יודישע טאָכטער דאַרף זיך אויפפירען, וכדומה. דאָס איז איהר מצוה געווען. און דער מאַן צמח האָט זײַן מצוה געהאַט: אין קרוין פוילען איז געווען אַ צײַט פון תהו ובהו, איין מלך האָט מען אַרויסגעטריבען, דעם צווייטען — נאָך נישט אויסגעקליבען, און בין מלכא למלכא איז „איש הישר בעיניו” — איז יעדער שלאַבאַן געווען אַ גרענעץ, יעדער „מאַיאָנטעק” — אַ בעזונדער מלוכה און יעדער פריץ אַ קייזער, וואָס האָט זיך זײַן חיל און זײַנע תפיסות געהאַט. פעהלען דאָך, מן הסתם, קיין שלעכטע פריצים, ווילדעווען זיי — און אויסגעלאָזט האָט זיך ווי דער סדר עולם איז, צו זרע אַברהם יצחק ויעקב... האָבען געליטען די ישובניק'עס, די פאַכטער מיט אַרענדאַרען. פאַר אַ שלעכט וואָרט — שמיץ, פאַר נישט צאָהלען אַ ראַטע צו דער צײַט — תפיסה, אָנגעטהון דיבעס און אַרײַנגעוואָרפען אין אַ נאַסע הייל מיט ווײַב און קינד... האָט זיך דער צמח פערנומען מיט פדיון שבוים און פלעגט אַרומפאָהרען אין די דערפער מיט אַ בײַטעל מיט רענדלעך און אויסלייזען.

איינמאָל, ווינטער צײַט איז עס געוועזען, אַ גרויסער שניי אָנגעפאַלען, פאַלט אַרײַן צום גביר צמח אַ מלמד פון אַ דאָרף, וואו ער האָט בײַם אַרענדאַר געקנעלט, אָטהעמט קוים פאַר שרעק, די אויגען קריכען איהם פון אונטערן שטערן אַרויס, און מיט שוים איבער די ליפען דערצעהלט ער, אז הײַנט פאַר־טאָג איז מען פון פריץ בעפאַלען דעם אַרענדאַר, אָנגעטהון דיבעס איהם מיט'ן ווײַב און דעם גאַנצען בני בית, פערנומען און אַרײַנגעוואָרפען אין תפיסה אַרײַן, און ער אַליין, דער מלמד, איז קוים אַנטלאָפען מיט'ן לעבען; מען האָט איהם אויך געוואָלט פערנעהמען, נאָר ער האָט אַ פענסטער אויסגעהאַקט, אַרויסגעשפרונגען און איבער'ן פעלד אַנטלאָפען. אַ פויער האָט איהם נאָכגעוואָרפען אַ קלאָניצע, אין פוס אַרײַן געטראָפען, און אָט בלוטיגט נאָך דער פוס... שיקט מען צום מלמד נאָכ'ן רופא, און צמח הייסט אײַנשפאַנען דעם שליטען, וואַרפט זיך אַרײַן אין ביבער־פעלץ, פערגעסט נישט מיטצונעהמען אַ בײַטעל מיט רענדלעך, זאָגט אַ תפלה קצרה פאַר'ן וועג און פאָהרט... וואָס רעכענט ער, צמח? דער אַרענדאַר האָט קיין ראַטע נישט בעצאָהלט! פאַלט ער אַרײַן צום פריץ — אַרײַן לאָזט מען איהם, ער איז דאָך צמח, האָט ע ס ק י ם מיט'ן פריץ — לאַנג בריַיען וויל ער נישט, דער אַרענדאַר מיט'ן בני בית קאָנען דערווײַל געפרוירען ווערען

אין תפיסה, דער פראָסט קנאַקט, פערשמירטע שויבען! פרעגט ער נאָר יאַסני פאַניע, וויפיעל קומט פון אַרענדאַר?

שמייכעלט דער פריץ פון אונטער די וואָנסען און שלעכטע פייערלעך שלענגעלט זיך איהם אין די אויגאַענם: עס קומט איהם בײַם אַרענדאַר גאָר נישט... פאַר אַ חוב וואָלט ער איהם אין תפיסה אַרײַנגעוואָרפען? ענטפאַלט בײַ צמח'ן דאָס האַרץ פרעגט ער: יאַסני פאַניע, ער האָט דיך בעליידיגט, אַ שלעכט וואָרט געזאָגט?

— וואָלט ער שוין לאַנג געהאַנגען!

— וואָס דען יאַסני פאַניע, וואָס דען? און דאָס האַרץ בײַ צמח'ן קלאַפּט, ווי בײַ אַ גזלן.

— גאָר נישט, זאָגט דער פריץ. נאָר איך ווייס, זאָגט ער, אַז איהר האָט אַ גרויסע תורה מיט תרי"ג מצות און אַלע קאָנט איהר נישט מקיים זײַן, נעהמט זיך יעדער יוד צו איין מצוה, צו זײַן מצוה פאַר וועלכער ער איז זיך מקריב, און מען האָט מיר דערצעהלט. אַז דו האָסט אויף דיר גענומען פדיון שבוים און דו האָסט אַ ווײַב אַ יפה־פיה, אַנ' אמת'ע יפת־תואר, שעהנער ווי אַלע פריצות, וויל איך דו זאָלסט מקיים זײַן פדיון שבוים... פאַר איין שעה יחוד מיט דײַן ווײַב! — מאַנס זײַן וועל איך זי נישט.

חאַפּט צמח און אַנטלויפט. און פערגעסט אָן שליטען און לויפט צו פוס. לויפט ער פאַרבײַ פאַר'ן פריץ'ס תפיסה, געהען גוים מיט קאָסעס אַרום דער תפיסה אויף דער וואַך, און פון תפיסה הערט זיך אַ גרויסע יללה, און איין פויער לעגט איבער די קאָסע פון דער רעכטער אין דער לינקער האַנד און ווישט זיך מיט'ן רעכטען אַרבעל די אויגען אויס. „פאַניע צמח, זאָגט ער, אַ ביטערער רחמנות, איין קינד איז שוין דערפרוירען געוואָרען"...

חאַפּט עס צמח'ן אָן בײַם האַרץ, לויפט ער צוריק צום פריץ: אַז נישט מאַנס זײַן, איז ער בײַ גאָט אין די הענד — און דער שליטען איז נאָך אײַנגעשפּאַנט. חאַפּט אויף זיך דער פריץ אַ בערן־פּעלץ, לויפט אַרויס, צמח שטרויכעלט נאָך, דער פריץ זיצט שוין אויבען אָן, חאַפּט אָן צמח'ן, וואָס ווײַגערט זיך אין דער העלפט, הויבט איהם אויף ווי אַ קינד און זעצט איהם נעבען זיך, און גיט אַ זעץ דעם שמײַסער אין די פלויצעם אַרײַן: פאָהר! און די אָבגעקיהלטע פערד רײַסען אויס מיט אַמאָל

און מען פֿערשווינדט אין אַ שטויב פֿון שניי, גלייך שדים וואָלטען געפֿלויגען...

געקומען, לאָזט צמח דעם פֿריץ אַריין אין אַ בעזונדער חדר אַריין, און געהט איבער'ן קאָרידאָר צום ווייבס חדר, שטעהט די טהיר אָפֿען, שטעהט דאָס ווייב זיינס צווישען יתומות און רעדט מיט זיי האַרציגע דבורים און לערנט זיי. רופֿט ער זי אַרויס און דערצעהלט מיט גרויס געוויין און האַרץ-וועהטאָג, וואָס עס איז געשעהן, און ווייזט איהר אָן אויפֿ'ן חדר, וואו דער פֿריץ וואַרט אויף איהר. און איידער ער הערט איהר תשובה, ווערט איהם, נישט פֿאַר אייך געדאַכט, נישט גוט, פֿאַלט ער אַנידער אויף אַ שטוהל און בלייבט חלשות... און אַז ער חאַפּט זיך אויף, פֿערשטעהט ער נישט, וואָס דאָ איז געשעהן, וואָס ער זיצט אין פֿאָדער-הויז אויף אַ שטוהל און איז אַזוי מאַט און בעגאָסען מיט שווייס. עפֿענט ער אויגען און אויערן, דערהערט ער דעם פֿריץ'ס קול פֿון אַ שטוב. דערמאָהנט ער זיך אַלץ מיט אַמאָל, שפּרינגט אויף, לויפֿט צו צו דער טהיר, די טהיר איז פֿערמאַכט; בויגט ער זיך איין, קוקט דורכ'ן לאָך פֿון שליסעל, זעהט ער, ווי זי זיצט אויף דער סאָפֿע, ער נעבען איהר אויף אַ פֿאָטער-שטוהל, אויפֿ'ן טיש — כבוד, און ער האַלט איהרע הענד אין זיינע הענד, און אָט נעהמט ער איהרע הענד צו זיין מויל, — חאַפּט צמח'ן אָן אַ שרעק, הויבט ער אָן לויפֿען איבער'ן פֿאָדער-הויז, לויפֿט ער פֿאַרביי דער שטוב, וואו די מיידלעך זיצען, די טהיר איז אָפֿען, זעהט ער גאָר, אַז זיין ווייב זיצט צווישען די מיידלעך און לערנט זיי, און איהר פּנים שטראַהלט מיט חכמה און צניעות — וואָס איז? אַ פֿערבלענדעניש? לויפֿט ער צוריק צום לאָך פֿון שליסעל אין יענעם חדר, זיצט זי שוין איבערגעבויגען צום פֿריץ, איהר קאָפּ אויף זיין אַקסעל, און ער נעהמט זי אַרום און בויגט צו די יצר-הרע-פֿער'שכור'טע אויגען צו'ן איהר בלאַס פּנים, די וואָנסען צו די ליפּען, חאַפּט צמח'ן ווייטער אָן אַ גרויל. לויפֿט ער צו יענער שטוב, זיין ווייב איז פֿאָרט צווישען די מיידלעך, ער זעהט זי בעשיינפּערליך, און ער הערט איהר קול און טרינקט מיט דאָרשט איהרע קלוגע רעד:

— אַ יודישע טאָכטער — לערנט זי די יתומות — מוז זיין ריין, ווי אַ קריסטאַל, ווי אַ ריינקייט.

דערהערט ער אָבער אַ גערודער פֿון יענעם חדר, חאַפּט עס איהם אָן און וואַרפֿט איהם אַהין, זי זיצט שוין אינגאַנצען אויף זיין שויס.

געהמט אַרום מיט ווייסע נאַקעטע הענד זיין רויטען האַלז, און מויל געגנעהנט זיך צו מויל, ליפען — צו ליפען, אַז עס קלינגט... פּאַקט עס איהם, ווי אַ שגעון, לויפט ער צוריק, דערהערט ער שוין אויפ'ן וועג איהר זיס-קלינגענדיג קול פון דער שפּיגעל-שטוב אַרויס:

— אַ יודישע טאָכטער דאַרף זיין שטיל, ווי אַ טויב, און ריין, ווי אַ שפּיגעל אָהן אַ הויך... פערדרעהט זיך שוין דעם אָרעמען צמח אין קאָפּ, פאַלט ער, אַ שוויים-בעגאָסענער, אויף דעם שטוהל און פערגעסט זיך אינגאַנצען...

און אַז די שעה פון יחוד איז אַריבער, חאַפּט ער זיך פון זיך אַליין אויף. דער פריץ געהט אַרויס פון פּאָדער-הויז, ער זעהט נאָך זיין רויטען קאַרק אין טהיר. ווי ער פערשווינדט, דערמאָהנט ער זיך אַלץ, וויל אויפשפּרינגען, קומט אָבער זיין ווייב, זיס און צניעות'דיג-שטראַה-לענדיג, פון שפּיגעל-שטוב אַרויס, געהט צו איהם שטיל צו, לעגט די האַנד אויף זיין שטערן און זאָגט איהם:

— אין זכות פון פדיון שבוים!

ענטפערט ער איהר:

— אין זכות, וואָס דו לערנסט די יתומות...

ער האָט פערשטאַנען, אַז דאָס איז געוועזן אַ סיעתא דשמיא — אויפ'ן יצר-הרע'דיגען פריץ אַ פערבלענדעניש. —

# לְבָנָה־פֶּערל און אַלְטוואַרג.

אַמאָל איז געווען אַ „בת־מלכה“ ...

איך וויל אייך אָבער נישט גענאַרען; עס איז קיין עכטע בת־מלכה נישט געווען ...

דער פאָטער, אויב ער איז זיכער, איז אַ פער'מרה־שחורה'טער שוסטער געווען, די מוטער — אַ מאַרק־יודענע, וואָס האָט ליעב געהאַט דעם ביטערן טראָפּען ... נאָר אויגען האָט זי געהאַט פון אַ בת־מלכה, מען האָט זיך טועה געוועזען ...

און פערליבט אין די אויגען האָבען זיך צוויי אָרעמע יונגע לייט, זיי האָבען זי פאַר אַ ווירקליכע בת־מלכה געהאַלטען, און ביידע, חאָטש יעדערער באַזונדער, האָבען געזאָגט: „זי, אָדער — אַ שטריק אויפ'ן האַלז“, די אייגענע ווערטער, חאָטש איינער האָט פון צווייטען נישט געוואוסט, זיי האָבען זי גאָר אפשר נישט געקענט.

און ביידע, חאָטש יעדערער באַזונדער, האָבען זיך באַשלאָסען די בת־מלכה צו באַקומען.

נאָר ווי אַזוי?

מען געהט דאָך נישט צו קיין בת־מלכה — בפרט, ווי זיי האָבען געמיינט, צו אַן אמת'ער, מיט לעדיגע הענד, האָבען זיי ביידע אָנגעהויבען צו זוכען מיטלען, מיט וואָס נושא־חן צו זיין אין איהרע אויגען.

און ביידע האָבען געזוכט, נאָר יעדערער אויף זיין אופן:

איינער האָט אָנגעהויבען אַרומגעהן גאַנצע טעג מיט די אויגען אַראָב, דער צווייטער גאַנצע נעכט — מיט די אויגען אַרויף.

דער „מיט די אויגען אַרויף“ איז געווען אַ ראָמאַנטישע נאַטור: ער

האָט זײַן גליק נישט געוואָלט אויפהויבען פון מיסט אין גאַס. ער האָט זײַן גליק אין הימעל געזוכט; דערהויפּט — אין אויסגעשטערענטע לײַטזעליג־פערחלומטע נעכט...

און גאַנצע נעכט האָט ער אונטער דער שטאָדט, אין וואַלד, אין פעלד, צי בײַם טײַכעל פערברענגט אָדער אָבגעשטאַנען בײַם קלײנעם פענסטער׳ל אין דאַך־שטיבעל בײַ זיך, און אַלץ מיט די אויגען אין דער הויך, אַלץ צום הימעל אַרויף, צו דער בלאָהער הויך, צו לבנה און שטערען. מיט האַרציג־פײַכטע אויגען האָט ער זיך פאַר זײ אויף זײַן מזל געקלאָגט, מיט ציטעריגע ליפּען פון זײַן ליעבע דערצעהלט און אַלץ אין אײנעם געבעטען זיך: שענקט מיר, הימעלשע לײַט, פון אײַערע גוטע זאַכען עפּיס רײנס און גוטס פאַר אַ מתּנה פאַר דער שעהנער בת־מלכּה; זאָל איך נושא חן זײַן אין איהרע אויגען, זאָל זיך איהר האַרץ ווענדען צו מיר, זאָל זי מיר איהר ליעבע שענקען, וואָרום אַ׳ניט, וואָס איז מײַן לעבען ווערטה?

דער ערשטער אָבער, דער „מיט די אויגען אַראָב", האָט אַנדערש געטהון! ער ווײסט, אַז עס וואַלגערן זיך אַרום אויף דער ערד אַלערלײ אַוועקגעוואָרפענע און פערלוירענע זאַכען. מען וואַרפט אַרויס פון אַ הויז אַ שטיקעל אַלטוואַרג; עס גליטשט זיך אויס פון אַ האַנד אַ צוּ־גלאַטער גראָשען; אַ פערד פערליערט אַמאָל אַ פּאָדקאָווע; עס וואַלגערן זיך אויסגעקרימטע נעגעל, עס טרעפען זיך אַמאָל אויך כּשר׳ע מציאות — און אַז מען האָט געדולד און אַ גוט אויג, און מען קלויבט לאַנג, קאָן מען צו עפּיס קומען: פון גאָר נישט מיט גאָר נישט ווערט עפּיס, פון עפּיס און עפּיס — אַ פּאָר גראָשען; און די גרעסטע פערמעגען׳ס בעשטעהען אויך נאָר פון גראָשען, — און בײַ׳ן אַ פערמעגען ווערען בת מלכּה׳ס הערצער ווײך ווי אַ וואַקס...

הויבט ער אָן זוכען אין גאַס...

דאָס זענען געוועזען די צוויי אופנים פון די צוויי ליעבהאָבער...

און פון וועלכען זאָל איך אײַך דערצעהלען פריהער? אין גאַס, אין געשעפט, ווען איהר זוכט שדוכים פאַר אײַערע טעכטער, זענט איהר, געוויס, פּראַקטישע מענשען, איז דער „מיט די אויגען אַראָב" וואָלט אײַך מעהר אינטערעסירט; צווישען טאָג און נאַכט אָבער, ווען איהר נעהמט אײַך צום לײענען, ווערט איהר סאַמע רוחניות, סאַמע נשמה, און אײַער מיטגעפיהל איז אַודאי אויף דער זײַט פון דעם „מיט די אויגען אַרויף", לאָז איך איבער, אויף אַ ווײַלע, דעם „מיט די אויגען אַראָב"

און װעל איך פֿריִהער דערצעהלען, װי אַזױ עס איז געגאַנגען דעם פֿון „די אױגען אַרױף״...

ער קוקט אין הימעל אַרײַן, און ער האָט אַזױ לאַנג געקוקט און געקוקט, און געקלאָגט זיך אַזױ האַרציג אױף זײַן מזל, און אַזױ ריהרענד דערצעהלט פֿון זײַן אָרעם לעבען און רײַכער ליעבע; ער האָט אַזױ פֿיעל שעהנע און האַרציגע װערטער געהאַט פֿאַר זײַן איינזאַמקײַט, בענקשאַפֿט און דעם פּלאַם, װאָס ברענט איהם אין האַרצען, — ביז די גוטע שטערענדלעך מיט די קינדערש־רײַנע הערצעלעך האָבען אױף איהם אַ רחמנות בעקומען, און געמיהט זיך פֿאַר איהם בײַ דער קאַלטער לבנה! — ניִשט איין שטערענדעל, האָט געזאָגט, אַז עס געהט אױס פֿאַר צער! — — אַזױ לאַנג, אַזױ ברײַט ביז די לבנה האָט אױך אױף איהם רחמנות בעקומען, און איינמאָל אין אַ שעהנעם העלען ענדע נאַכט, עס האָט נאָר װאָס געזאָלט אָנהױבען גראָהען דער טאָג, האָט זי אױף איהם אַ לײַטזעליג אױג געװאָרפען און אין דאַך־שטיבעל אַרײַן, דורכ'ן קלײנעם פֿענסטער, אױף אַ לאַנגע זילבערנע שטראַהל — ניִשט מעהר און ניִשט װעניגער, נאָר אַ שניִרעל לבנה־פּערל דערלאַנגט!

דער אָרעם־בחור װערט שיִער ניִשט משוגע פֿאַר פֿרײד, און חאַפּט תיכף ומיד, און לױפֿט צו דער בת־מלכּה און קלאַפּט אָן אין טהיר.

— װער איז דאָרט? — הערט זיך דער בת־מלכּה'ס זיס קול, נאָר אַ ביסעל פֿערשלאָפֿען און דערשראָקען — װער װעקט עס מיך פֿון שלאָף? װער האָט מיר מײַנע שעהנע טױבען, די געפֿליגעלטע חלומות פֿעריאָגט? —

— איך! איך! — ענטפֿערט ער מיט אַ פֿערציטערט קול, — בת מלכּה! איך האָב דיר אַ הימלישע מתּנה געבראַכט, אַזױנע, װאָס קײן שררה שענקט זײַן װײַב, און אפֿילו זײַן געליעבטער ניִשט, װאָס יענע האָבען אין זײערע אוצרות ניִשט, װאָס די װעלט, די גאַנצע װעלט פֿערמאָגט ניִשט, און איך האָב פֿון הימעל בעקומען און איך פֿערלאַנג דײַן ליעבע דערפֿאַר...

„פֿון הימעל?״ װאונדערט זיך די בת־מלכּה און שפּרינגט אַראָב פֿון בעט און שליִסט אױף די טהיר און עפֿענט אַ שמאָלע שפּאַרע, און שטעקט אַרױס די װײַסע מאַרמאָרנע האַנד נאָך דער מתּנה.

און אַז דער יונגער מאַן דערמאָהנט נאָך אַמאָל זײַן בעדינג, הײסט זי איהם קומען פֿאַר נאַכט אַז די זון װעט אונטערגעהן נאָך אַ תּשובה...

איז ער, דער ליעבהאָבער מיט די אױגען אַרױף, דערפֿרעהט

געוואָרען און איז זינגענדיג און אונטערטאַנצענדיג פון שטאָדט אַרויס, צום פעלד, צום טייך, צום וואַלד. אין די אויגען — די ווייסע מאַרמאָרנע האַנד, אין אויער — דאָס זיסע קול... ער לויפט. די זאַנגען אין פעלד, דאַכט זיך איהם, ווינשען איהם גליק, דאָס טייכעל רוישט: מזל־טוב! מזל־טוב! די בוימער שאָקלען צו מיט די קעפּ: יאָ, יאָ, עס קומט דיר, דו לבנה־פריינד! און די פויגעל, די בעזינגען איהם שוין די כּלה...

ניט געגעסען און ניט געטרונקען, איז ער אַזוי, זינגענדיג און טאַנצענדיג, אַרומגעלאָפען אונטער דער שטאָדט. נאָר אָט לאָזט זיך די פלאַמענדיגע זון אַראָב, ווייכע קיהלע שאָטען לעגען זיך איבער טייך און פעלד, די בוימער־שטאַמען גילדטען זיך, אַ שטיל ווינדטעל צולאָזט די פליגעל און עפּיס אַנ׳ אויסטערלישער פויגעל קלאַפּט מיט׳ן שנאָבעל אין בוים אַריין, און רופט: צייט! צייט! און ער לויפט אין שטאָדט אַריין נאָך אַ תּשובה...

ער קלאַפּט נאָך אַ מאָל אָן אין דער בת־מלכּה׳ס טהיר, נאָר שוין זיכערער.

— ווער איז דאָרט? פרעגט די בת־מלכּה שאַרף און אומגעדולדיג.

— איך, דער וואָס האָט דיר פון דער לבנה׳ס פּערל געבראַכט — נאָך אַ תּשובה בין איך געקומען...

און עס הערען זיך לייכטע טריט, און אויף אַ שמאָלע שפּאַרע עפענט זיך נאָך אַמאָל די טהיר, און ווי אין דער פריה שטעקט זיך אַנ׳ אַלאַבאַסטער־האַנד, נאָר שוין ניט קיין נאַקעטע, אַרויס...

— „איך האָב דיינע פּערל צו אַלע גאָלדשמידען געטראָגען — קיינער וויל זיי אין האַנד אַריין ניט נעהמען: ניט קויפען, ניט טוישען... עפּיס פרעמדע שטיינדלעך, זאָגען זיי, נאָר דאָ אָהן אַ ווערטה. איך בין אין אַ שניט־קראָם געלאָפען, געוואָלט האָטש אַ ציצען קליידעל דערפאַר, — מען האָט מיך אויסגעלאַכט. מיעד און הונגעריג בין איך צו אַ שפּייז־געוועלבעל געקומען, און האָב פאַר׳ן גאַנצען שנירעל לבנה־פּערל אַ קליין שטיקעל קעז געבעטען, האָט מען מיך, ווי אַ ווילד־משוגענע, אַרויסגעטריבען״. —

און די מאַרמאָרנע האַנד וואַרפט איהם די פּערל צו די פיס און ציהט זיך צוריק און פערוואַרפט די טהיר, און היזעריג דרעהט זיך איבער דער שליסעל אין שלאָס...

---

גאָר אַנדערש איז צוגעגאַנגען מיט׳ן צווייטען, מיט דעם פון „די אויגען אַראָב״.

ער האָט געקליבען און געקליבען: טעג, חדשים, יאָהרען...

אַ קורצע צײַט אַרום, אַז ער האָט שוין אַ פולע קאַמער שטיקלעך און אַלטוואַרג געהאַט, האָט עס אַ געהער פאַר קלײַן געלד אָבגעקויפט, דער „קלויבער״ האָט דאָס געלד אין אַ שפּאָרקאַסע געלעגט און ווײַטער געקליבען און ווײַטער פערקויפט... אַמאָל האָט זיך איהם אויך אַ כּשר׳ע מציאה געטראָפען.. אַז מען זוכט, געפינט מען; גאָט העלפט... פון גאָרנישט מיט גאָרנישט ווערט עפּיס, פון עפּיס און עפּיס — אַ דרײַער און ווי געזאָגט, דאָס גרעסטע פערמעגען בעשטעהט פון דרײַער. איז ער טאַקי צו אַ פערמעגען געקומען, צו כּבוד אויך. אָנפאַנגס האָט מען זיך פון איהם אָבגערוקט: אַ מענש זוכט אין דער בלאָטע!.. דערנאָך גוטיג צוגעשמײַכעלט.. שפּעטער — ערנסט בעטראַכט, און גאָר דערנאָך, אַז ער איז שוין רײַך געוואָרען, בעוואונדערט און פאַר אַ מוסטער געשטעלט!...

און אַז ער איז שוין רײַך געוואָרען, האָט ער זיך אַ פּאַלאַץ געקויפט בײַ׳ן אַ שררה׳ס אַ געליבטער, אַלט נאָר גרויסאַרטיג מעבעל אָבגעהאַנדעלט און דאָס פּאַלאַצעל אויסגעציערט; אין דער שעהנסטער שטוב האָט ער אַ גאָלדען בעט, מיט אַטלאַס און סאַמעטען בעטגעוואַנד געשטעלט און האָט פון פּאַלאַץ דעם גאָלדענעם שליסעל גענומען און איז צו דער בת מלכּה געגאַנגען און געפרעגט זי, צי וויל זי מיט איהם צוזאַמען וואוינען אין פּאַלאַץ און שלאָפען אין גאָלדענעם בעט? און זי האָט געענטפערט: יאָ.

---

און אין חתונה־טאָג איז בײַ דער אָרעמע סעודה, דער „מיט די אויגען אַרויף״ צווי׳ ען ד׳ אָרעמע לײַט געזעסען און געגעסען און מיט שלעכטען בראָנפען זיך אָנגעשכּורט... און בײַ נאַכט, אַז מען האָט דאָס פאָר פאָלק לײַ ן געפּ רט, איז ער אַנטלאָפען אין וואַלד אַרײַן און — האָט זיך אויפ׳ן ערש ן בעסטען בוים, — אויפגעהאָנגען...

# צוריק אין דער אַלטער היים

I.

קענסט דו דאָס אָרט, וואו חלומות בליהען, ווי רויזען,
וואו די שטערען טריפען סודות אַריין אין דער נאַכט;
וואו העלע געזיכטער מיט שטראַהלענדיגע אויגען
שפינען ליעבליכע נעצען אַרום דער נשמה,
אַרום האַרץ?

וואו דער טאָג=גערויש ווערט איינגעזאַפּט מיט פרייד,
און ליעב און בעקאַנט איז יעדע מויער, יעדער שטיין,
און יעדער שאָטען, וואָס בויגט זיך אַרוים
צווישען טאָג און נאַכט פון יעדעם שפּאַלט
דערצעהלט זיס=שווידערהאַפטע זאַכען
אַזוי ליעב?

דאָס איז די היים,
די אַלטע היים.

II.

אונשולדיג=שטיל=היימישע נאַכט,
ד'וויל מיך וואַשען ריין
אין דיינע שטיל=ציטעריגע וועלען;
אין דיין שטיל=ציטעריגער זילבער=נעץ,
היל מיך איין.

ד'וויל צוריק זײַן דײַן אַמאָליק קינד
דײַן אַמאָליק רײַן גלויביק קינד —
דערציילעל עפּיס, דערציילעל...

### III.

דאָ בין איך, מאַמע,
צוריק דײַן קינד,
דײַן רײַן, אומשולדיק, גלויביק קינד —
ד'וויל פערגעסען די גאַנצע צײַט
פון אָבגעריסענקייט פון דיר —

אונטער דײַן טהיר
האָב איך זי געלאָזט...
אין דײַן שויס, מאַמע, וויל איך אַלץ פערגעסען:
די בלומען, וואָס האָבען פערבליהט,
די דערנער, וואָס האָבען געשטאָכען...
די שלאַכטען, וואו איך האָב געזיגט
און די וואונדען, וואָס בלוטיגען, בלוטיגען...

ניין,
עס טהוט גאָר נישט, גאָר נישט וועה...
אויף מײַן קאָפּ ליגט דײַן האַנד, און ער טהוט נישט וועה...
ניין, ער איז נישט גראָה...
קרײַזעל מיר די לאָקען, מאַמע...
שוואַרצע לאָקען האָב איך, זעהסט?
און די רויטע בעקלעך בליהען,
און ווי קליין איך בין,
און ווי רײַן מײַן שטימע קלינגט —
אַ זילבער-גלעקעל, וואָס?

### IV.

געשלאָסען אויפ'ן אַלטען, מעכטיגען שלאָס.
איז דער געשמידטער אײַזען-טויער פון שול.
אויף געבלענדטע, האַלב-קײַלעכדיג גרויסע שפּאַקולען

קוקט זי מיט א שווערען אומעט
אין דער נאכט אריין.
פערשטומט די קינדער-פרייד,
די רוישענדיגע שוואלבען-שאר,
וואס שלאגט זיך גאנצע טעג
אין די אלטע, גרין-פערגאלדטע שויבען-שטיקער,
און פלאנטעט זיך אין רעגענבויגען-פארביגען שפינוועבס,
רוהען אין די נעסטען,
איינגעהילט אין שאטען...
די שול איז מיט מתים פערנומען,
מיט מתים פון מיין צייט און געשלעכט...

V.

אין דער שטילער נאכט
געה איך איינער אליין
אויפ'ן אלטען מארק ארום.

ניין, נישט אליין!
עס געהט מיין גאנץ געשלעכט...
שאטען ריהרען מיך אן,
ווישענדיג זיך אן מיינע קליידער
פון פארנט און פון הינטען,
און פון יעדער זייט.

עס געהט מיט מיר מיין גאנץ געשלעכט...
און אלץ, וואס עס האט איבערגעלעבט
פלאטערט און שוועבט
ארום אין דער לופט, ווי שאטען
פון לאנג איינגעפאלענע מויערן,
וואס האבען זיך פערבלאנקעט און פערוויקעלט
און ציטערן אויסער דער צייט...
. . . . . . . . . .

אַן׳ עולם געהט...
אַ גרויסער, פרעהליכער עולם:
מענער, פרויען, קינדער...
גלאַנצענדיגע קליידער טראָגען זיי, די מענער,
אַטלאַס, זייד, שפּאָגעל נייע קליידער — —
בענדער, העל-פאַרביג-לוסטיגע בענדער
איבער ווייבער-קעפּ!
פון אונטער ברעמען, שפּראָצען, שפּריצען
בליקען שטראַהלענדיג-פרישע...

רויטע פאָהנען טראָגען פרייד-גערויטעלטע קינדער —
היינט איז — שמחת תורה!

ביי מיר, אין פערבאָרגענעם
הייליגען ווינקעל, אין הארץ,
אין קינדערישען קדשי-קדשים,
בליהט דאָס הייליגע גליק
מיט היילינען וויה-רויך לייכט פערנעפּעלט...

ד׳זעה!
צופלאָסען גאָלד, אַ שטראָם צופלאָסען גאָלד
זענען איהרע לאָקען — —
פאַר איהרע בליקען בלייכען זיך די פלאַמען
פון פאַקעל און הבדלות —
ווי אַ פלאַמענדיגער מאָן אין פעלד
איבער אַלע זאַנגען שיסט
מיין ליעב ארויס,
איבער אַלע קעפּ!

. ׳ . . . . . . . . .

VII.

עה, ניין, כלי־זמר שפּילען,
עטוואָס וואַקעלט זיך דער עולם —

פּורים שפּילער, שטעלצען־געהער,
אלערליי שלח מנות טרעגער
ווימלען רעכטס און לינקס.

הער, יונגעלע,
שטעל דיך, אָרעם יונגעלע
פון אחשורש שפּיעל!
נאַ דיר, נאַ, אַ צעהנערל.
טרעט מיר נאָר דיין מאַסקע אָב
מיט דער רויטער נאָז...

— דאָס בין איך, מלכּה'לע,
שרעק זיך נישט...
גענעהן דיך נאָר,
זעה, ווי גוט איך שפּיעל...

. . . . . . . . . . . . . .

VIII.

עס מישען זיך די שאָטען דורך...
אַח, ווי שטיל דער עולם טרעט,
ווי גייסטערהאַפט עס קלינגט:
צדקה תּציל ממות...

וויין נישט, קינד...
זעה, איך וועל דיר טאַטע זיין,
מאַמע זיין...

IX.

שטיל האָט דורכגעשוועבט די נאַכט,
און שוועבענדיג,
אַ פענסטער נאָך אַ פענסטער פערלאָשען...

אַ פער'חלומ'ט זילבער־גרוי
שוועבט, קוים־קוים העריוודיג,
איבערן סקווער...

אין די צווייגען
האָבען די מידע פויגעלעך
די קעפּלעך אונטער די פליגעל
בעהאַלטען...
טס...
יעדעם אָרעם גרעזעל האָט זיין שלאָפגעטראַנק בעקומען —
זיין טראָפּען טוי...

אין פער'חלומ'ט זילבער-גרוי
טריפט די לבנה שטיל
איהר ליכט אַריין...

אויף פייכטע, שטילע אָבענד-פליגעל
שווימען די זכרונות אָן:
קינדער-טעג,
נעפּעלדיגע קינדער-שאָטען.

## X.

ביסט אַליין?
אין דער פינסטער אַליין?
איך האָב עס געוואוסט,
און דעריבער געקומען.

צינד נישט אָן קיין ליכט...
ניין, ניין!
זעה מיך נישט, און גלויב,
אַז איך בין דער זעלבער -
וואָס אַמאָל...

נישט גערונצעלט איז דער שטערן,
גראָה — איז קיין איינציגע האָר...
און דאָס האַרץ איז ווי אַ מאָל —

זיי דו אויך אַזוי...
דו ביסט אַזוי? וואָס, ניין?

דאָ,
וואו מיר זענען אַ מאָל געזעסען,
און צום לעצטען מאָל...
גיב מיר דיין האַנד,
דיין ווייסע שמאָלע האַנד...

דו רויטעלסט זיך?
איך זעה נישט, קינד,
פיהלען פיהל איך עס..

און — וואָס קלאַפּט אַזוי?
שלאָגט אַ זייגער וואו?
פּיקט אַ פויגעלע אָן שטייג?
אָדער דיין האַרץ שלאָגט?
אָדער — מיינס?

XI.

אין שאָטען פון אַלטען הויז,
שטעהט אַן׳ אַלטע באַנק...
איך זיץ, זי — נעבען מיר.
איהר ווייס קלייד בליצט מיר פאַר די אויגען,
דער הייסער מאָן אין די שווארצע האָר...
און, ווי פון ווייטע, ווייטע וועלטען,
איהר שטימע קלינגט:
—„איך וועל שוין לאַנג נישט לעבען..."
און אויף מיין האַנד טריפּט
אַ טרעהר נאָך אַ טרעהר...

. . . . . . . . . . . . . . . .

XII.

זייט געזונד!
פרוימען רופט מען נישט צוריק...
און פערהילכט אַ טאָן,
קען ער נישט איבערקלינגען...
צוויי מאָל פליהט דער זעלבער שאָטען נישט אַ דורך!..



# טרויער.

## I.

זיסע נאַכטיגאַל, נאָך וואָס?
נאָך וואָס זינגסט דו?
וועמען קלינגסט דו
פון קליינעם האַרץ אַרויס, וואָס גליהט,
דיין ליעבעס־ליעד, דיין לעבענס־ליעד? —
נאָך וואָס?
פאַר וועמען גיסט דו דיינע טרעלען?
פאַר'ן נידריג־שטומען גראָז,
פאַר די גוסס'דיגע בלעטער,
טויבע מענשען, שטאָלצע געטער?
וועמען שענקסט דו דיינע פערל,
דיינע טרעלען?

## II.

און דו, וואַסער, נאָך וואָס קוועלען?
וועמען ניצט דיין ווילדער טאַנץ
אין אָבענד־גלאַנץ,
איבער שטיין און ביין?

נאָך וואָס נעקען?
נאָך וואָס וועקען?
נאָך וואָס רוישען, איבערשרעקען

וואַלד און טהאָל
און דאָס מיִעדע גראָז?
און דו, שטיִל בעהאַלטענע פלאַנץ,
פלאַנץ אָהן נאָמען,
פלאַנץ אָהן קראַפט,
נאַקעט און גאָל...

ווערמען טויג דיין גאַנץ בעמיהען,
נאָך וואָס ציהען
פון דער ערד אַרויס דעם זאַפט
און פערשפּרייטען זאָמען?

III.

אין דער בלאָהער שטיִלער הויך,
פון ליעבעס־קוואַל און לעבענס־קוואַל
ציטערט בלייך
אַ הימליש אויג —
און עס ציטערט, און עס שוועבט,
און עס פליִסט, און שפּינט, און וועבט
פון האַרץ אַרויס אַ גאָלדענער שטראַהל — — —
מען האָט דערפון אַ סך?
פון דעם אַלעם וועט נישט זיין —
אויף אַ הייזעל — ניט אַ שטיין!
און קיין שינדעל אויף אַ דאַך!
פאַר דעם, וואָס וואַנדערט אין דער פרעמד,
אָבגעמאַטערט, נאַקעט און גאָל!
און קיין פאָדעם אויף אַ העמד.
אויף תכריכים נישט צו מאָל!
און קיין קערנדיל אויף ברויט,
קיין אַרבעס־שויט!

IV.

ציטער, זיסע פלאַנצען־שוים!

פלאַם און פלאַטער, ווילדע רויז!
נאָר אײַל דיך, אײַל!
עס שטעקט זיך שוין אַ האַנד אַרוים
דיך אָבצופליקען!

זילבער־גלעקעל, טײַכעל־מײַן!
וואָס טאַנצסט אין אָבענד־גלאַנץ אַלײַן...
זינג נאָר, קלינג נאָר, און דערצעהל
אַלע סודות, וואָס דו האָסט —
נאָר געשווינד!
עס געהט דער ווינד,
ער עטהעמט קעלט, ער הויכט מיט פראָסט
ער וועט דיך דערשטיקען!

פערזײַע וויפיעל גאָלד דו האָסט,
שטערנדיל־רײַן, שטערנדיל־פײַן,
אין גאָלדענעם האַרץ!
נאָר היט דיך, היט,
אַ וואָלקען ציהט,
גרימיג־שוואַרץ
און שלינגט דיך אײַן —
און אַ סוף פון אַלע גליקען!

V.

נאַכט. אַ הוילער בוים אין פעלד.
אײנזאַם, שטום און בלינד!
און אַ קלאָג־ליעד אויף דער וועלט
בלאָזט אויף איהם דער ווינד!
און אויפ'ן בוים אַ שוואַרצע קראָה,
זיצט און ר'אַכט,
און דאָס אַלץ זאַפט אין זיך אײַן
די גראָהע נאַכט!